ח. בעז　　　　זלמן יעפּרויקין

# דאָס לעבעדיקע וואָרט

לייענבוך

פֿאַר דעם דריטן לערניאָר

אילוסטרירט פֿון י. שלאָס, פּ. שרון און אַנדערע

אַרויסגעגעבן פֿון
בילדונגס־קאָמיטעט פֿון אַרבעטער־רינג

# DOS LEBEDIKE VORT

by

S. YEFROIKIN (EFRON) — H. BASS





**Reprinted 1959**

Printed in the U.S.A.



געזעצט און געדרוקט אין „פוטורא פרעס, אינק.", 476 בראָדוויי, ניו־יאָרק

אותיות ריינע, אותיות שטילע,
פֿול מיט בענקשאַפֿט ווי אַ תּפֿילה:
א׳ ב׳ ג׳ ד׳ ה׳ —
טרינק דאָס ליכט אַרויס פֿון זיי!
לערן זיך פֿלײַסיק, קינד מײַנס, לערן
וועט אין האַרץ דיר ליכטיק ווערן.

יעדער אות איז פֿול מיט וואונדער —
ברענגט געזאַנג און פֿרייד צו קינדער:
יעדער אות וועט דיך דערהייבן
צו אַ ריינעם טיפֿן גלויבן —
פֿול מיט חכמה און מיט וויסן
פֿון דעם לעבן צו געניסן.

א׳ ב׳ ג׳ ד׳ ה׳ —
טרינק דאָס ליכט, מײַן קינד, פֿון זיי:
וועסט פֿון לערנען רײַכער ווערן,
בעסער ווערן, שענער ווערן:
ווי די זון גייט אויף אין שטראַלן —
וועט מיט חכמה פֿון דיר קוואַלן!

(י. ה. ראַדאָשיצקי)




# זון און הימל

זון אין הימל! זון אין הימל!
שיק אונדז, שיק אונדז ליכט אַ סך,
ליכט אויף בערג און ליכט אויף גריבער,
ליכט אין שטוב ווי אויפן דאַך.

זון אין הימל! שיק דײַן ליכט אונדז
פֿאַר דעם פֿויגל אויפֿן צווײַג,
פֿאַר דעם לעמעלע אין שטעלכל,
פֿאַר דעם הינדעלע אין שטײַג.

שיק דײַן ליכט פֿאַר אַלץ, וואָס אָטעמט,
אין דער שטאָט און אויפֿן פֿעלד,
פֿאַר די מענטשן, פֿאַר די גראָזן,
פֿאַר דער גאַנצער גרויסער וועלט!

(מ. באָגדאַנסקי)



# ב ר י ל ן

## א.



וין וויפֿל מאָל האָט בערעלע געזען, אַז גרויסע און אַפֿילו קינדער טראָגן ברילן. אים איז עס זייער געפֿעלן געוואָרן. עפּעס ווערט מען אַ גאַנצער מענטש און מע זעט אויס ווי אַ גרויסער. אַז מע קומט אַרײַן פֿון דרויסן אין שטוב, נעמט מען די ברילן פֿאַמעלעך אַראָפּ פֿון דער נאָז, מיט אַ טיכעלע ווישט מען פֿאַרזיכטיק אויס די גלעזלעך, און מע טוט די ברילן צוריק אָן . . .

הײַנט וויפֿל פֿאַרגעניגן האָט מען פֿון קוקן דורך ברילן. ווער וויס דען נישט, אַז ברילן פֿאַרגרעסערן אַלץ? ווערן טאַקע אַלע זאַכן גרעסער, שענער און אַלץ זעט אויס אַזוי מאָדנע. קוקט מען אויף אַ נאָז ווערט זי אַזוי גרויס ווי אַן עלנבויגן . . . און די שטערן פֿון הימל — ווי לבֿנות . . .

ווי אַזוי קומט מען אָבער צו אַ פּאָר אמתע ברילן?

האָט בערעלע צוגעטראַכט אַזאַ פּלאַן:

די קינדער וואָס זעען נישט צו לייענען פֿון דער ווײַטנס, זעצט דער לערער אויף די ערשטע בענק און ער גיט זיי בריוועלעך אַהיים, אַז מ'זאָל מיט זיי גיין צום אויגן־דאָקטער . . .

די צווייטע וואָך האָט טאַקע בערעלע געבראַכט אַהיים פֿון לערער אַזאַ בריוועלע, אַז בערעלע מוז זײַן בײַ אַן אויגן־דאָקטער, ווײַל ער זעט נישט גוט פֿון דער ווײַט.

האָט די מאַמע נישט פֿאַרשטאַנען וואָס איז דאָ געוואָרן מיט בערעלעס אויגן, ווײַל זי האָט געוואוסט, אַז בערעלע האָט פֿון שטענדיק אָן געזונטע אויגן.

האָט איר אָבער בערעלע שוין טאָג־טעגלעך דערמאָנט און אַזוי לאַנג געוויינט און געקלאָגט, ביז זי האָט אים געפֿירט צו אַן אויגן־דאָקטער.

## ב.

זיצט בערעלע אויף אַ ווייכן שטול, איין אויג פֿאַרמאַכט, און דער דאָקטער מיטן שטעקעלע אין האַנט הייסט אים לייענען

אותיות און ציפֿערן פֿון אַ ווײַסן טאָוול, וואָס הענגט אויף אַ וואַנט.

האָט בערעלע געזאָגט, אַז ער זעט נישט גוט . . די גרויסע — יאָ, נאָר די קלענערע — נישט . . . אַזוי מיטן רעכטן און אַזוי מיטן לינקן אויג — ער זעט נישט . . .

האָט דער דאָקטער דערנאָך עפּעס געזאָגט בערעלעס מאַמען, און די מאַמע האָט ווידער געפֿרעגט, האָט דער דאָקטער ווידער געענטפֿערט און די מאַמע האָט ווידער געפֿרעגט.

פֿון דעם אַלעם, וואָס דער דאָקטער האָט געזאָגט און די מאַמע זײַנע האָט געפֿרעגט, האָט בערעלע פֿאַרשטאַנען אַז ער וועט האָבן ברילן . . . טאַקע אמתע ברילן!

## ג.

אַז בערעלע איז צום ערשטן מאָל אַרויסגעגאַנגען אין די נײַע ברילן, האָט זיך אים אויסגעוויזן גלײַך ווי ער וואָלט געגאַנגען אויף גלאָז . . . און פֿאַר די אויגן איז אים אַלץ געווען טונקל, ווי ס׳וואָלט זײַן אַ נעפּל אין גאַס. פֿאַרגרעסערט האָבן די ברילן גאָרנישט, נאָר זיי האָבן אַלץ מאַטער געמאַכט.

דערצו נאָך האָבן זיך געדרייט רעדער פֿאַר די אויגן. בערעלע האָט געווישט, געריבן, געפּוצט די גלעזלעך, געמיינט אַז זיי זײַנען פֿאַרהויכט, אָבער ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפֿן.

די אמתע צרות אָבער האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן, ווען ער האָט זיך געוויזן אין זײַנע ברילן צום ערשטן מאָל פֿאַר זײַנע חבֿרים אין שול.

עס איז געוואָרן אַ הוראַ, אַז זיי האָבן אים דערזען:

— בערעלע איז געוואָרן אַ לערער, אַ פּראָפֿעסאָר!

— פּונקט ווי אַ דאָקטער זעט ער דאָך אויס . . . וויפֿל נעמסטו פֿאַר אַ וויזיט?

און אַז בערעלע האָט שוין געהאַט אויסגעהערט געלעכטערס און וויצן אָן אַ שיעור, האָבן גאָר די ברילן גענומען שפּאַצירן פֿון האַנט צו האַנט און פֿון נאָז צו נאָז — יעדער איינער האָט זיך זיי געמוזט אָנמעסטן.

האָט טאַקע דעם זעלבן טאָג נאָך בערעלע געבראַכט אַהיים זײַנע נײַע ברילן מיט אַ צעשפּאָלטן גלעזעלע.

די מאַמע האָט געשריִען, געבײזערט זיך און באַלד אַוועקגעשיקט די ברילן צו רעכט מאַכן אין דעם זעלבן געשעפט, וואו מען האָט זיי געקויפט.

האָבן די חבֿרים די ברילן זײַנע מער נישט געטשעפּעט, זיך שוין צוגעוואוינט צו זיי.



## ד.

דער איינציקער, וואָס האָט זיך נישט געקענט צוגעוואוינען צו די ברילן, איז געווען בערעלע אַליין . . . ער האָט זיך איצט געדאַרפט אָפּזאָגן פון אַלע שפּילן; נישט לויפן, נישט שפּרינגען און דאָס ערגסטע פון אַלץ — נישט שפּילן אין פּילקע. אָט האָט זיך די פּילקע אָנגעקלאַפּט אָן דער ערד און מ׳דאַרף אונטערשפּרינגען און מיטן קאָפּ אַרײַנהאַקן אַ „גאָול" — טאָר אָבער בערעלע נישט פאַרגעסן, אַז ער טראָגט ברילן און בײַ אַ גוטן שפּרונג ליגן זיי באַלד אונטער די פיס . . .

האָט שוין איצט בערעלע געטראַכט און געטראַכט ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון די ברילן זײַנע.

איז ער איין מאָל געקומען אַהיים און אַוועקגעגעבן דער מאַמען די ברילן — ער וויל שוין מער נישט טראָגן ברילן, גענוג . . .

די מאַמע האָט אים אַ צווייט מאָל געפירט צום אויגן־דאָקטער, און געשען איז אַ וואונדערלעכע זאַך מיט בערעלעס אויגן: זיי

האָבן דאָס מאָל געזען צו לייענען די קלענסטע אותיותלעך. אַפּילו די לעצטע שורה פֿונעם טאָוול האָט ער געלייענט . . .

איצט איז בערעלע געווען דער גליקלעכסטער וואָס ער איז פּטור געוואָרן פֿון טראָגן ברילן.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| לבֿנה | אות | אותיות | צרות | פּטור ווערן | שורה |

1. עלנבויגן — elbow. 2. לבֿנה (לעוואָנע) — moon. 3. אות (אָס), אותיות (אויסיעס) — letters, characters. 4. ציפֿערן — figures. 5. צרות (צאָרעס) — trouble. 6. נעפּל — fog, mist. 7. מאַט — ניט קלאָר. 8. פֿאַרהויכט — באַדעקט מיט אָטעם. 9. אָנמעסטן — to try on. 10. טשעפּען — רירן. 11. זיך צוגעוואוינען — get used to. 12. פּילקע — ball. 13. פּטור (פּאָטער) ווערן — פֿריי ווערן פֿון עפּעס. 14. שורה (שורע) — line.

## פֿראַגעס:

1. פֿאַרוואָס האָט בערעלע געוואָלט האָבן ברילן? 2. וואָס האָט בערעלע צוגעטראַכט? 3. וואָס האָט דער דאָקטער געטאָן אויסצוגעפֿינען, צי בערעלע זעט גוט? 4. ווי האָט זיך בערעלע געפֿילט אין די ברילן? 5. וואָס פֿאַר אַ צרות האָט ער פֿון זיי געהאַט? 6. ווי איז ער פֿון די ברילן פּטור געוואָרן?



ווער קען צוטראַכטן אַ מעשׂה צו דעם בילד?

# קומט אַ פֿויגל



קומט אַ פֿויגל צו מײַן שויב,
קלאַפּט ער צװיי מאָל אָן.
פֿויגל קלײן און פֿויגל שײן,
װאָס זאָל איך דיר טאָן?

צװי־צװי־צװי, צװי־צװי־צװי
און אַ װאָרט ניט מײן,
צװי־צװי־צװי, צװי־צװי־צװי
קאָן איך ניט פֿאַרשטײן.

קומט אַ שטורעם פֿון דער װײַט,
רײַסט ער אויף מײַן טיר,
שטורעם בײזער, זאָג מיר װאָס
דו פֿאַרלאַנגסט פֿון מיר?

װאו־װאו־װאו, װאו־װאו־װאו,
און אַ װאָרט ניט מײן,
װאו־װאו־װאו, װאו־װאו־װאו,
קאָן איך ניט פֿאַרשטײן.

קום איך צו אַ װאַסערל,
הער איך װי עס שרײַט.
װאַסער ליבער, זאָג מיר װאָס
דײַן געשרײ באַטײַט?

פֿלו־פֿלו־פֿלו, און פֿלו־פֿלו־פֿלו
און אַ װאָרט ניט מײן,
פֿלו־פֿלו־פֿלו, און פֿלו־פֿלו־פֿלו
קאָן איך ניט פֿאַרשטײן.

שושקעט זיך דאָס גאַנצע פֿעלד
װען איך גײ פֿאַרבײַ —
זאַנגען ליבע, זאָגט װאָס מײנט
אײַער שושקערײַ?

שו־שו־שו און שו־שו־שו
און אַ װאָרט ניט מײן,
שו־שו־שו און שו־שו־שו
קאָן איך ניט פֿאַרשטײן.

(יהואָש)

1. **שויב** — window pane. 2. **שטורעם** — storm. 3. **אויפֿרײַסן** — דאָ: to open wide by force. 4. **פֿאַרלאַנגען** — to demand. 5. **שושקען זיך** — to whisper. 6. **זאַנגען** — ears of corn.





# למך מיטן רעגן־שירעם

למכן האָט מען געקויפּט אַ רעגן־שירעם.

— אַז עס וועט גיין אַ רעגן — האָט מען אים געזאָגט — וועסטו עפּענען דעם רעגן־שירעם און עס טראָגן איבערן קאָפּ, וועסט זיך ניט איַינגעצן.

למכן איז זייער געפּעלן געוואָרן, וואָס ער האָט אַ רעגן־שירעם. ער האָט געוואָרט, עס זאָל שוין גיין אַ רעגן, און ער זאָל קאָנען טראָגן דעם רעגן־שירעם און אַלע קינדער זאָלן זען.

אָבער קיין רעגן איז גראָד ניט געגאַנגען. האָט זיך למך צעוויינט. פרעגט אים די מאַמע:

— וואָס וויינסטו, למך?

ענטפערט ער:

— עס גייט ניט קיין רעגן.

פרעגט אים די מאַמע:

— אויף וואָס דאַרפסטו אַ רעגן? האָסטו פעלדער פאַרזייט?

ענטפערט למך:

— איך האָב ניט פאַרזייט קיין פעלדער, אָבער איך האָב דאָך אַ רעגן־שירעם.

זאָגט די מאַמע:

— נו, דעריבער איז וואָס, אַז דו האָסט אַ רעגן־שירעם, דאַרפסטו נייטיק האָבן דעם רעגן?

— אַוודאי דאַרף איך האָבן דעם רעגן, וואָרעם אַניט, וואָס דאַרף איך האָבן דעם רעגן־שירעם? — טענהט למך.

— דעם רעגן־שירעם וועסטו דאַרפֿן, אַז עס וועט גיין אַ רעגן, — זאָגט צו אים די מאַמע.

— אָבער עס גייט דאָך ניט קיין רעגן! — זאָגט למך, און צע־וויינט זיך איבער אַ נײַס.

— נו, דאַרף מען ניט! — טענהט די מאַמע — און וויינען דאַרף מען אויך ניט צוליב דעם, נאַר איינער!

— טאָ, אויף וואָס דאַרף איך דעם רעגן־שירעם? — פֿרעגט למך.

— ווען עס וועט גיין אַ רעגן — ענטפֿערט די מאַמע.

— אָבער עס גייט דאָך ניט קיין רעגן, דאַרף איך דאָך ניט דעם רעגן־שירעם! הײַנט וואָס האָט מען מיר געקויפֿט דעם רעגן־שירעם? — טענהט למך און צעוויינט זיך ווידער.

— ביסט אַ נאַר, למך! — זאָגט צו אים די מאַמע — ניטאָ וואָס צו רעדן מיט דיר!

***

טראַכט למך: וואָס וועט ער דאָ שטיין אין הויז און טענהן מיט דער מאַמען? ער וועט בעסער נעמען דעם רעגן־שירעם און אַרויס אין גאַס וואַרטן אויף אַ רעגן.

געטראַכט און געטאָן. גענומען דעם רעגן־שירעם, אַרויס אין גאַס, אַ קוק געטאָן אויפֿן הימל: די זון שײַנט און קיין וואָלקנדל איז ניטאָ.

נאָר גאָרנישט: ער וועט שטיין און וואַרטן.

וואַרט ער און וואַרט, און קיין רעגן איז אַלץ נישטאָ.

גייט פֿאַרבײַ נחום־חכם, דער קליגסטער ייִנגל פֿון גאַס, זעט ער ווי למך שטייט אַזוי מיטן רעגן־שירעם און גאָרנישט.

פֿרעגט ער בײַ אים:

— וואָס שטייסטו אַזוי, למך, מיטן רעגן־שירעם?

ענטפֿערט למך:

— איך וואַרט אויף אַ רעגן.

זאָגט נחום־חכם:

— טאָ וואָס זשע שטייסטו מיט אַ פֿאַרמאַכטן רעגן־שירעם? עפֿן אים אויף און האַלט אים איבערן קאָפּ.

פֿאָלגט אים למך און ער עפֿנט דעם רעגן־שירעם און האַלט אים איבערן קאָפּ.

און נחום־חכם קוקט און לאַכט אין זיך פֿון למכס נאַרישקייט.
גייען פֿאַרבײַ נאָך קינדער, זעען זיי דאָס אויך און זיי לאַכן אויך.
גיט מיט אַ מאָל למך אַ פֿרעג פֿון אונטערן רעגן־שירעם:

— נו, עס גייט שוין אַ רעגן?

ענטפֿערט נחום־חכם:

— נאָך ניט, אָבער מיר וועלן בעטן פֿאַר דיר אַ רעגן.

און נחום־חכם גיט אַ זאָג צו די קינדער און אַ ווינק צו זיי מיט איין אויג:

— קינדער, לאָמיר בעטן אויף אַ רעגן פֿאַר למכן.

און נחום־חכם האָט גלײַך אויסגעזונגען:

— גאָט, גאָט, גיב אַ רעגן,
פֿון דעם נאַר, פֿון למכס וועגן!

אַלע קינדער האָבן דאָס גלײַך נאָכגעזונגען, און למך איז געשטאַנען און געוואַרט אויפֿן רעגן.

קיין רעגן איז ניט געקומען. אָבער די מאַמע למכס האָט דערזען דורכן פֿענצטער, ווי למך שטייט מיטן אָפֿענעם רעגן־שירעם און מאַכט זיך צום נאַר פֿאַר אַלע קינדער אין די אויגן. האָט זי גענומען שרײַען און רופֿן אים:

— למך! אין שטוב אַרײַן!

ער האָט אַפֿילו ניט געוואָלט אַרײַנגיין אין שטוב. אָבער די מאַמע האָט אים געזאָגט, אַז זי וועט אַרונטערגיין און מיט גוואַלד אים אַרײַנשלעפּן. האָט ער שוין געפֿאָלגט.

אין שטוב האָט די מאַמע צו אים גערעדט און געטענהט צו אים פֿאַרוואָס ער איז אַזאַ נאַר, פֿאַרוואָס ער לאָזט די קינדער לאַכן פֿון אים; אָבער למך האָט געטענהט אַלץ איין זאַך: „פֿאַרוואָס גייט ניט קיין רעגן? און וואָס וועט ער טאָן מיט זײַן רעגן־שירעם?“ ער האָט געטענהט און געוויינט.

**
*

אויף מאָרגן איז שוין אַרויס אַ רעגן.

למך האָט זיך דערפֿרייט. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן זײַן רעגן־שירעם און אַרויסגעלאָפֿן אין גאַס. גיין האָט ער אין ערגעץ ניט געדאַרפֿט, האָט ער זיך גלאַט אַוועקגעשטעלט, אויפֿגעעפֿנט דעם רעגן־שירעם און איז אַזוי געשטאַנען מיטן רעגן־שירעם איבערן קאָפּ.

און ווידער האָט אים נחום־חכם דערזען. מאַכט ער צו אים:
— וואָס שטייסטו אַזוי, למך?
— עס גייט דאָך אַ רעגן — ענטפֿערט למך — און איך האָב דאָך אַ רעגן־שירעם.
מאַכט נחום:
— עס איז דאָך אָבער אַ נײַער רעגן־שירעם, וועסטו אים דאָך אײַננעצן!
זאָגט למך:
— אוי, טאַקע, ביסט גערעכט! טאָ, וואָס זאָל איך טאָן?
מאַכט נחום:
— פֿאַרמאַך דעם רעגן־שירעם און האַלט אים אונטער דער פּאָלע, וועט ער זיך ניט אײַננעצן.
זאָגט למך:
— אוי, נחום, ביסט טאַקע אַ חכם! איך טו דאָס גלײַך!
און ער נעמט דעם רעגן־שירעם און פֿאַרמאַכט אים און באַהאַלט אים אונטער דער פּאָלע.
למך איז אַזוי אָפּגעשטאַנען אַ שעה צי מער, געשטאַנען און געוויקט זיך אונטערן רעגן. דערנאָך איז ער אַרײַן אין שטוב.
אַז די מאַמע האָט אויף אים געשריִען און אים גערופֿן נאַר — דאַרף איך אײַך ניט דערציילן.

(לעאָן עלבע)

## וואָס באַטײַט?

1. **שירעם** — umbrella. 2. **ניט אײַננעצן** — ניט נאַס מאַכן. 3. **פֿאַרזייען** — to sow. 4. **איבער אַ נײַעם** — נאָך אַ מאָל. 5. **טענהט** (טײַנעט) — רעדט אַלץ. 6. **מיט גוואַלד** — by force. 7. **באַהאַלטן אונטערן פּאָלע** — באַהאַלטן אונטער די קליידער. 8. **שעה** (שאָ) — an hour. 9. **זיך וויקן** — זיך נאַס מאַכן.

| | | | |
|---|---|---|---|
| נחום | חכם | טענהט | שעה |



# אַ גוט האַרץ

דער לערער איז נאָך ניט געקומען. אַ דריי־פיר ייִנגלעך האָבן זיך גענומען אָפּלאַכן פון דעם אָרעמען יאָסלען, אַ ייִנגל מיט רויטע האָר און אַ קראַנקער האַנט אויף אַ בענדל. יאָסל איז דער אָרעמסטער אין קלאַס, זיין פאָטער אַרבעט ערגעץ אין אַן אַנדער שטאָט און זיין מאַמע פאַרקויפט פרוכט אין גאַס. די קינדער האָבן געוואָרפן אויף יאָסלען שאָלעכץ פון ניסלעך, גערופן אים קאַליקע, איבערגעקרימט אים און נאָכגעמאַכט, ווי ער גייט מיט דער קראַנקער האַנט אויפן בענדל.

יאָסל איז געזעסן שטיל אויף זיין אָרט, ער איז געווען בלייך ווי קאַלך. דער אָרעמער ייִנגל האָט זיך צוגעהערט צו די באַליידיקונגען פון די קינדער. ער האָט געקוקט דאָ אויף איינעם, דאָ אויף דעם אַנדערן. ער האָט געהאָפט אַז סוף־כל־סוף וועלן זיי אים לאָזן צו רו. די קינדער אָבער האָבן זיך שטאַרק צעהיצט און האָבן פון אים אַלץ מער און מער חוזק געמאַכט.

יאָסל האָט זיך שוין מער ניט געקאָנט איינהאַלטן. ער האָט געציטערט פון אויפרעגונג און איז רויט געוואָרן פון כעס. דאָ האָט בערל, איינער פון די ייִנגלעך, פלוצעם אַ שפרונג געטאָן אויפן בענקל, אָנגעשטעלט די הענט, ווי ער וואָלט געטראָגן קערב מיט פרוכט, און האָט גענומען איבערקרימען יאָסלס מוטער, ווי זי רופט אויס: „עפל, באַרן, פלוימען". די קינדער האָבן אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער.

יאָסל איז אָנגעצונדן געוואָרן. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ טינטער מיט טינט און אַ וואָרף געטאָן בערלען אין קאָפּ אַריין. בערל האָט זיך אויסגעדרייט און דער טינטער האָט געטראָפן דעם לערער, וואָס איז גראָד אין דער מינוט אַריין אין קלאַס. די קינדער האָבן זיך גיך אַוועקגעזעצט און דערשראָקן געשוויגן. דער לערער איז בלאַס געוואָרן פון צאָרן. ער איז צוגעגאַנגען צום טיש און ניט מיט זיין קול אַ פרעג געטאָן:

— ווער האָט דאָס געטאָן?

קיין ענטפער.

— ווער האָט דאָס געטאָן? — האָט ער אויסגעשריִען.

דוד, איינער פֿון די קינדער פֿון קלאַס, האָט רחמנות געקראָגן אויף דעם אומגליקלעכן יאָסלען און האָט זיך גלײַך אַ הייב געטאָן פֿון אָרט און געזאָגט:

— איך!

אַלע קינדער האָבן זיך פֿאַרוואונדערט.

דער לערער האָט אַ קוק געטאָן אויף אים, דערנאָך אויף די פֿאַרוואונדערטע קינדער און רואיק געזאָגט:

— ניין, ניט דו.

באַלד האָט ער צוגעגעבן:

— איך וועל דעם שולדיקן ניט באַשטראָפֿן. זאָל ער אויפֿשטיין.

יאָסל האָט זיך אויפֿגעשטעלט און מיט געוויין געזאָגט:

— מ׳האָט זיך מיט מיר געררייצט, מ׳האָט מיך באַליידיקט; כ׳האָב מײַן קאָפּ פֿאַרלאָרן און געכאַפּט...

— זעץ זיך. זאָלן זיך אויפֿשטעלן יענע, וואָס האָבן זיך מיט אים גערייצט.

פֿיר קינדער זײַנען אויפֿגעשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.

— איר האָט באַליידיקט אַ חבֿר — האָט דער לערער געזאָגט — אַ חבֿר וואָס האָט אײַך קיין שלעכטס ניט געטאָן. איר האָט געלאַכט פֿון זײַן אומגליק, חוזק געמאַכט פֿון אַ שוואַכן, וואָס קאָן זיך ניט פֿאַרטיידיקן.

דער לערער איז אַוועק צווישן די בענקלעך, צוגעגאַנגען צו דודן, אים טיף אַרײַנגעקוקט אין די אויגן און געזאָגט:

— דו האָסט אַ טײַער, מענטשלעך האַרץ!

דוד האָט עפּעס אַ זאָג געטאָן דעם לערער: קיינער האָט ניט געהערט וואָס ער האָט געזאָגט. דער לערער האָט זיך אַ קער געטאָן צו די שולדיקע און קורץ אָפּגעשניטן:

— מוחל, אַלעמען מוחל. (דעאַמיטשיס)

## וואָס באַטײַט?

1. פּרוכט — fruit. 2. שאָלעכץ — shell. 3. ניסלעך — nuts.
4. קאַליקע — cripple. 5. בענדל — band. 6. קאַלך — lime.
7. בלייך — pale. 8. בלייך ווי קאַלך — זייער בלייך. 9. באַליידיקונ־
גען — insults. 10. סוף־כל־סוף (סאָף־קאָל־סאָף) — finally. 11. לאָזן צו
רו — to leave alone. 12. צעהיצט זיך — got excited. 13. חוזק
(כויזעק) געמאַכט — made fun of. 14. געציטערט — trembled. 15. אויפֿ־
רעגונג — excitement. 16. כּעס (קאַס) — anger. 17. קערב — baskets.

18. איבערקרימען — to imitate, to mimic. 19. פֿלוימען — plums. 20. אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער — burst out laughing. 21. אָנגעצונדן געוואָרן — lost his temper. 22. טינטער — inkwell. 23. קול (קאָל) — שטים. 24. רחמנות (ראַכמאָנעס) — מיטלייד, מיטגעפֿיל, pity. 25. גערייצט — teased. 26. באַליידיקט — insulted. 27. שולדיקע — guilty ones. 8. קורץ אָפּגעשניטן — quickly ended. 29. מוחל (מויכל) זײַן — to forgive.

**א.** 1. פֿאַרוואָס האָבן די קינדער געלאַכט און חוזק געמאַכט פֿון יאָסלען? 2. פֿאַרוואָס האָט דאָס אָרעמע ייִנגל אין אָנהייב געשוויגן? 3. וואָס האָט אים ענדלעך אַרויסגעבראַכט פֿון געדולד? 4. פֿאַרוואָס האָט שוין יאָסל מער ניט געקענט שווײַגן? 5. וואָס האָט ער געטאָן?

**ב.** 1. פֿון וואָס קען מען זען אַז דער לערער איז געווען זייער דערצאָרנט? 2. פֿאַרוואָס האָט דוד גענומען אויף זיך די שולד? 3. ווי אַזוי האָט דער לערער פֿאַרשטאַנען אַז דוד איז ניט דער אמת שולדיקער? 4. וואָס האָט יאָסל געזאָגט ווען ער האָט זיך מודה געווען אַז ער האָט געוואָרפֿן דעם טינטער? 5. פֿאַרוואָס האָט דער לערער ניט באַשטראָפֿט יאָסלען? 6. וואָס האָט דער לערער געזאָגט די שולדיקע? 7. וואָס האָט ער געזאָגט דודן? 8. פֿאַרוואָס האָט דער לערער ניט באַשטראָפֿט די קינדער?

# בלומען

פֿעלדער גרינען, וועלדער רוישן,
גייען מיר מיט פֿולע קוישן,
בלומען אָן אַ שיעור . . .
גייען מיר אַרומגענומען,
און באַקראַנצט מיט יונגע בלומען
אין דעם בונטן ציר . . .

זינגען, שפּרינגען מיר און טאַנצן,
און פֿון גליק די אויגן גלאַנצן
בלומענדיק און ריין!
ווער באַקראַנצט וויל זײַן מיט בלומען,
זאָל צו אונדז, צו אונדז זאָל קומען,
קומען זאָל צו גיין!

מירן אָפּגעבן אין גאַנצן!
און אין פֿעלדער ווײַטער טאַנצן,
לאָזן ווײַט זיך גיין!
לאָזן גיין זיך גיך, געשווינדער,
ווײַל מיר זײַנען אַלע קינדער —
בלימעלעך אַליין!

(מ. בראָדערזאָן)

# יום-טוב-מעשיות

## דאָס נײַע יאָר

ווײַסע חלה, זיסער ווײַן.
קומט דאָס נײַע יאָר אַרײַן.
— אַ גוט יום־טובֿ, קליין און גרויס!
פֿרייד און גליק אין אײַער הויז!
זאָל די חלה, ווײַס און פֿריש,
קיין מאָל ניט אַראָפּ פֿון טיש.
זיס און לויטער, ווי דער ווײַן,
זאָל דאָס לעבן שטענדיק זײַן!
כ׳האָב דאָ אַלץ פֿאַר אײַך מיט זיך:
נײַע קליידער, נײַע שיך,
שיינע לידער, שפּילן, שפּאַס,
גרינגע אַרבעט פֿאַרן קלאַס.
איך בין פֿריילעך! איך בין רײַך!
און בלײַב דאָס גאַנצע יאָר מיט אײַך.

(מ. אָליצקי)

## נ ײַ - י אָ ר

שוין דאָס אַלטע יאָר פֿאַרשוואונדן
און אַ נײַ יאָר קומט צו גיין.
גאָט דו ליבער, זאָל דאָס לעבן
זײַן דאָס יאָר אונדז לײַכט און שיין!

גאָט דו ליבער, שענק אונדז ברכה,
שענק אונדז זון און ליכט אַ סך,
און באַשיץ אונדז, ווען מיר שלאָפֿן,
היט אונדז ווען מיר זײַנען וואַך!

שענק אונדז בלויע, פֿרײַע הימלען,
גיב אונדז מערער זונענשײַן,
קליינע קינדער זאָלן לאַכן,
גרויסע זאָלן פֿריילעך זײַן.



# דעם זיידנס שופֿר

## א.

— מאַמע, מאַמע, זע נאָר וואָס איך האָב געפֿונען!

— וואָס האָסטו געפֿונען? וואו ביסטו?

נאָר איידער אַרעלע האָט געקאָנט ענטפֿערן, איז שוין די מאַמע געשטאַנען איבער אים, און האָט אַראָפּגעקוקט אויף אים מיט ברוגזע אויגן.

— וויפֿל מאָל האָב איך דיר געזאָגט אַז דו זאָלסט ניט צוגיין צו דער שאַפֿע און דו זאָלסט פֿון דאָרטן גאָרנישט ניט אַרויסנעמען?

אַרעלע איז געזעסן אויפֿן דיל לעבן דער הויכער שאַפֿע מיט די גלעזערנע טירלעך, וואָס איז געווען פֿול מיט ביכער. ער האָט ניט געקאָנט קוקן דער מאַמען גלײַך אין די אויגן אַרײַן. ער האָט ניט געהאַט וואָס צו ענטפֿערן. די מאַמע איז גערעכט. זי האָט אים אָנגעזאָגט ניט איין מאָל, נאָר צען מאָל, אַז צו דער שאַפֿע זאָל ער זיך ניט צורירן.

איין מאָל ווען ער איז אויפֿגעשטאַנען אין דער פֿרי, האָט אים די מאַמע אָנגענומען בײַ דער האַנט, אים צוגעפֿירט צו דער הויכער שאַפֿע, און צו אים געזאָגט:

— דאָס איז דײַן זיידנס שאַפֿע. אין דער שאַפֿע שטייען דײַן זיידנס ספֿרים. זיי זײַנען טײַערע ספֿרים, הייליקע ספֿרים. אין זיי האָט דײַן זיידע געלערנט אַלע טעג פֿון זײַן לעבן.

איצט איז דער זיידע מער נישטאָ. די שאַפֿע מיט די ספֿרים זײַנען דאָס שענסטע וואָס מיר האָבן אין הויז. מיר וועלן זיי אָפּהיטן ווי דאָס אויג אין קאָפּ. געדענק, אַרעלע, אַלע זאַכן אין הויז קאָנסטו נעמען, נאָר צו דער שאַפֿע טאָרסטו ניט צוגיין, און די ספֿרים טאָרסטו ניט אָנרירן. ווען דו וועסט גרויס ווערן און דו וועסט פֿאַרשטיין וואָס אין די ספֿרים שטייט געשריבן, דעמאָלט וועסטו קאָנען עפֿענען די שאַפֿע און אַרויסנעמען די ספֿרים.

דאָס געדענקט אַרעלע גאַנץ גוט. ער האָט די שאַפֿע ניט געעפֿנט און די ספֿרים האָט ער ניט אָנגערירט. ער האָט אָבער געעפֿנט דעם שופֿלאָד פֿון דער שאַפֿע, און דאָרט געפֿונען זאַכן, וואָס ער האָט נאָך קיין מאָל ניט געזען. און פּונקט דעמאָלט איז די מאַמע אָנגעקומען.

האָט אַרעלע אַרויפֿגעקוקט צו דער מאַמען אַ שולדיקער, און זיך פֿאַרענטפֿערט:

— איך האָב די טירלעך פֿון דער שאַפֿע ניט געעפֿנט, מאַמע, און די ספֿרים האָב איך ניט אָנגערירט, ווי דו האָסט מיר אָנגעזאָגט, אָבער איך האָב ניט געוואוסט אַז עס איז דאָ אַ שופֿלאָד אין דער שאַפֿע, און ווען איך האָב דעם שופֿלאָד געעפֿנט, האָב איך דאָרט געפֿונען אַזעלכע זאַכן וואָס איך האָב נאָך קיין מאָל ניט געזען. וואָס זײַנען זיי, מאַמע?

די מאַמע האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויפֿן דיל לעבן אַרעלען. זי האָט אַרויסגערוקט דעם שופֿלאָד, געוויזן אַרעלען וואָס דאָרט איז דאָ, און אים דערקלערט:

— דאָס איז דעם זיידנס טלית. אין דעם טלית האָט דער זיידע געדאַוונט אַלע טאָג פֿון דער וואָך. דאָס איז נאָך אַ טלית. אין דעם טלית מיט דעם זילבערנעם קאָלנער (מע רופֿט עס עטרה — קרוין), האָט דער זיידע געדאַוונט שבת און יום־טובֿ. אין דעם זײַדענעם זעקעלע ליגן דעם זיידנס תּפֿילין. ווען דו וועסט אַלט ווערן דרײַצן יאָר און דו וועסט ווערן בר־מצווה, וועל איך דיר געבן, זון מײַנער, דעם זיידנס תּפֿילין. דאָס איז אַ קיטל. אין דעם ווײַסן קיטל איז דער זיידע געזעסן בײַם פּסח סדר. אין דעם קיטל האָט דער זיידע געדאַוונט אַ גאַנצן טאָג יום־כּיפּור. און דאָס איז אַ שופֿר. מיט

דעם שופֿר האָט דער זיידע געבלאָזן ראש־השנה און יום־כּיפּור.

אַרעלע האָט זיך צוגעהערט צו די רייד פֿון זײַן מאַמע. ער האָט געזען ווי אירע אויגן ווערן נאַס פֿון טרערן. ער האָט געזען ווי אירע ליפּן הייבן אָן צו ציטערן, און איר קול ווערט וויינענדיק. ער האָט אָבער געוואָלט אַז זײַן מאַמע זאָל לאַכן, זײַן פֿריילעך ווי אַלע מאָל, און ער האָט געזאָגט:

— לאָז מיך בלאָזן דעם שופֿר, מאַמע. טו־רו, טו־רו, טורו!

נאָר די מאַמע האָט צערטלעך אַרײַנגעלייגט דעם שופֿר אין שופֿלאָד לעבן טלית און קיטל. זי האָט פֿאַרמאַכט דעם שופֿלאָד און האָט געזאָגט:

— דעם שופֿר וועסטו בלאָזן, מײַן קינד, ווען דו וועסט וויסן ווי אַזוי צו בלאָזן שופֿר, און דו וועסט פֿאַרשטיין פֿאַרוואָס מען בלאָזט שופֿר.

די מאַמע האָט זיך אויפֿגעהויבן, זי האָט אויך אַרעלען אויפֿגעהויבן פֿון דיל, און זי האָט אים אָנגעזאָגט:

— געדענק, אַרעלע, וואָס דאָ אין דעם שופֿלאָד ליגט באַהאַלטן. מער זאָלסטו דעם שופֿלאָד ניט עפֿענען, און די זאַכן פֿון דאָרט ניט אַרויסנעמען. ערשט ווען דו וועסט גרעסער ווערן, און דו וועסט שוין קאָנען לערנען, און דו וועסט פֿאַרשטיין וואָס אין דער שאַפֿע ליגט אָפּגעהיט, דעמאָלט וועסטו קאָנען טאָן וואָס דו ווילסט.

1. ראש־השנה (ראָשע־שאָנע) — דאָס יידישע נײַ־יאָר.
2. ברוגזע (ברויגעזע) — בייזע, angry.
3. שאַפֿע — book-case.
4. דיל — floor.
5. גלײַך — straight.
6. גערעכט — right.
7. צורירן זיך — to come near, to touch.
8. ספֿר (סייפֿער), ספֿרים — religious books.
9. הייליקע — holy.
10. אָפּהיטן ווי דאָס אויג אין קאָפּ — to keep as the apple of the eye.
11. אָנרירן — to touch.
12. שופֿלאָד — drawer.
13. פּונקט — just.
14. אַ שולדיקער — a guilty one.
15. פֿאַרענטפֿערן זיך — to apologize.
16. טלית (טאַלעס) — prayer shawl.
17. דאַוונען — to pray.
18. קאָלנער — collar.
19. עטרה (אַטאָרע) — די באַפּוצונג אויפֿן טלית.
20. יום־טובֿ (יאָמטעוו) — holiday.
21. זײַד — silk.
22. תּפֿילין (טפֿילן) — phylacteries.
23. בר־מצווה (באַר־מיצווע).
24. קיטל — white linen robe. אַ קיטל טראָגט מען פּסח צום סדר און יום־כּיפּור אין שול.
25. יום־כּיפּור (יאָם־קיפּער) — Day of Atonement.
26. טרערן — tears.
27. ציטערן — to tremble, shiver.
28. קול (קאָל) — voice.
29. צערטלעך — fond, loving.
30. באַהאַלטן — hidden.

## ב.

דאָס איז געווען ווען אַרעלע איז נאָך געווען גאָר יונג און ער האָט נאָך אַפילו ניט געקאָנט קיין אַלף־בית.

איצט גייט שוין אַרעלע אין אַ יִדישער שול. ער ווייסט שוין וואָס יום־טוב איז, וואָס אַ טלית איז און פאַרוואָס מען בלאָזט שופר. אַרעלע לערנט שוין אין דריטן קלאַס, און הײַנט גייט ער שוין אַריבער אין פערטן קלאַס.

אין דער ערשטער וואָך נאָך דעם ווי אַרעלע איז צוריק געקומען אין שול אַרײַן נאָך דעם זומער, האָט דער לערער פון דעם פערטן קלאַס געזאָגט צו די קינדער:

— אין צוויי וואָכן אַרום וועט זײַן ראש השנה. איך וועל אײַך דערקלערן וואָס דער יום־טוב ראש השנה באַטײַט, און וואָס יִדן טוען אין דעם יום־טוב. אָבער צום ערשטן וועלן מיר אויסלערנען עטלעכע ווערטער וואָס מיר וועלן באַגעגענען אין די ראש השנה־מעשׂיות.

דער לערער האָט גענומען אַ שטיקל קרײַד, ער האָט זיך געשטעלט בײַ דעם טאָוול, און ער האָט געשריבן:

ר א ש ה ש נ ה — דאָס מיינט דער אָנהייב פון יאָר. ראש השנה הייבט זיך אָן בײַ יִדן דאָס נײַע יאָר.

ש נ ה ט ו ב ה — דאָס מיינט אַ גוט יאָר. יִדן ווינטשן זיך איינער דעם אַנדערן אַז דאָס נײַע יאָר זאָל זײַן אַ גוט יאָר, אַ יאָר פון געזונט, גליק און שלום.

ש ו פ ר — דאָס איז אַ האָרן וואָס מען מאַכט פון די הערנער פון אַ באַראַן. ראש השנה בלאָזט מען שופר אין די שולן.

אַרעלע האָט אויפגעהויבן די האַנט און האָט אויסגערופן:

— בײַ אונדז איז דאָ אַ שופר. מײַן זיידנס שופר.

אַלע קינדער האָבן זיך אויסגעדרייט צו אַרעלען, און דער לערער האָט געזאָגט:

— אויב דו קאָנסט ברענגען דעם שופר אין שול אַרײַן מאָרגן, וואָלט געווען זייער גוט. וועלן אַלע קינדער קאָנען באַטראַכטן דעם שופר.

— איך וועל פרעגן מײַן מאַמען, — האָט אַרעלע שטיל געזאָגט.

די מאַמע האָט אײַנגעוויקלט דעם שופֿר אין אַ ווײַס טיכל, האָט אים אַרײַנגעלייגט אין אַ שאַכטעלע און האָט אָנגעזאָגט אַרעלען:

— גיב אַכטונג אַז דער שופֿר זאָל ניט אַראָפּפֿאַלן אויף דער ערד.

— עפֿן ניט דאָס שאַכטעלע ביז דו קומסט ניט אין שול אַרײַן.

— לאָז ניט די קינדער שלעפּן און רײַסן זיך איבערן שופֿר.

— גיב דעם לערער דעם שופֿר אין די הענט אַרײַן.

— ברענג דעם שופֿר גלײַך אַהיים. שפּיל זיך ניט אין גאַס מיט דעם שופֿר.

אַרעלע האָט צוגעזאָגט דער מאַמען אַז ער וועט טאָן ווי זי האָט אים אָנגעזאָגט.

דער לערער האָט געעפֿנט דאָס שאַכטעלע. ער האָט געהאַלטן דעם שופֿר אין דער הויך, אַז אַלע קינדער זאָלן אים קאָנען זען. דערנאָך האָט ער צוגעלייגט דעם שופֿר צו די ליפּן און געבלאָזן, אַז אַלע קינדער זאָלן הערן ווי אַזוי אַ שופֿר בלאָזט.

אַז דער לערער פֿון אַן אַנדער קלאַס האָט געהערט דאָס קול פֿון דעם שופֿר, איז ער אַרײַנגעקומען פֿרעגן פֿון וואַנען דער שופֿר האָט זיך גענומען אין שול. דער לערער האָט דערציילט ווי אַזוי אַרעלע האָט געבראַכט זײַן זיידנס שופֿר אין שול אַרײַן, און די קינדער פֿון דעם אַנדערן קלאַס זײַנען אויך אַרײַנגעקומען צו באַטראַכטן דעם שופֿר און צו זען ווי אַזוי מע בלאָזט אויף אים.

אַרעלע איז געזעסן און געהערט דאָס בלאָזן פֿון שופֿר. ער האָט געזען זײַן זיידן, ווי ער שטייט אָנגעטאָן אין ווײַסן קיטל, ווי ער איז איבערגעדעקט מיטן גרויסן טלית מיט דעם זילבערנעם קאָלנער, און ווי ער בלאָזט שופֿר.

אַרעלע איז בײַ זיך געווען זייער שטאָלץ וואָס ער האָט געהאַט אַזאַ שיינעם זיידן.

(בערל סיגאל)

## וואָס באַטײַט ?

1. **אַלף־בית** (אַלעף־ביים) — דער נאָמען פֿון אַלע ייִדישע בוכשטאַבן (letters). 2. **באַטײַט** — stands for. 3. **באַראַן** — ram, a male sheep. 4. **באַטראַכטן** — to look at. 5. **אײַנוויקלען** — to wrap. 6. **טיכל** — handkerchief. 7. **שאַכטעלע** — little box. 8. **שטאָלץ** — proud.

| | | | |
|---|---|---|---|
| שופֿר | ספֿרים | טלית | סדר |
| ראש־השנה | עטרה | תּפֿילין | יום־כּיפּור |
| ברוגז | שבת | בר־מצווה | קול |
| ספֿר | יום־טובֿ | פּסח | אַלף־בית |

## פֿראַגעס :

1. פֿאַרוואָס האָט די מאַמע אַראָפּגעקוקט אויף אַרעלען מיט ברוגזע אויגן? 2. פֿון וואָס קען מען זען אַז אַרעלע האָט זיך געפֿילט זייער שולדיק? 3. וואָס האָט די מאַמע איין מאָל אָנגעזאָגט איר קינד? 4. פֿאַרוואָס איז בײַ דער מאַמען די שאַפֿע געווען די טײַערסטע זאַך אין הויז? 5. ווּעלכע זאַכן האָט אַרעלע איין מאָל געפֿונען אין שאַפֿע? 6. וואָס האָט די מאַמע צוגעזאָגט איר ייִנגעלע? 7. ווי האָט זי געהאָלפֿן אַז אַרעלע זאָל פֿאַרשטיין זײַן שיינעם זיידן? 8. וואָס איז איין מאָל ערבֿ ראש השנה געשען אין דער ייִדישער שול? 9. ווי האָט דער לערער דערקלערט דעם באַטײַט פֿון יום־טובֿ? 10. וואָס האָט זיך אַרעלע פּלוצעם דערמאָנט? 11. פֿאַרוואָס האָט זיך אַרעלע געפֿילט אַזוי גליקלעך יענעם ערבֿ ראש השנה? 12. איז אַרעלע געווען שטאָלץ וואָס ער האָט געהאַט אַזאַ שיינעם זיידן? 13. לייענט פֿאַר דעם שענסטן טייל פֿון דער דערציילונג.

## יום־כּיפּור

הײַנט גיב איך יעדערן די האַנט
און זאָג: דו ביסט מײַן פֿרײַנד!
הײַנט איז דער טאָג פֿון מוחל זײַן,
עס איז יום־כּיפּור הײַנט!
האָט שלעכטס אַ חבֿר מיר געטאָן —
פֿאַרגעס איך דאָס, פֿאַרגיב.
איך בין ניט ברוגז מער אויף אים,
און האָב אים ווידער ליב.
ווײַל איך אַליין בין אויך גאַנץ אָפֿט
געווען צו אים ניט פֿײַן.
זײַ מוחל, חבֿר טײַערער,
איך וועל שוין בעסער זײַן!

(מ. אַליצקי)



# דער רבֿ וואָס איז געקומען שפּעט צו כּל־נדרי

## א.

די הייליקסטע נאַכט פֿון יאָר איז די נאַכט פֿון כּל־נדרי. די גרויסע שול איז פֿול. ייִדן שטייען מיט טליתים איבער די קעפּ. עלטערע לײַט טראָגן ווײַסע קיטלען. אַלע זײַנען פֿאַרזונקען אין פֿרומער שטילקייט. מע וואַרט. קיינער רעדט ניט קיין וואָרט. אָט וועט מען באַלד אָנהייבן די תּפֿילה כּל־נדרי.

פֿאַרוואָס הייבט מען ניט אָן? דער חזן שטייט שוין לאַנג ביים עמוד. ער האָט זײַן תּפֿילה, וואָס ער זאָגט אין דער שטיל פֿאַר כּל־נדרי, שוין לאַנג פֿאַרענדיקט. אויף וועמען וואַרט מען? די צײַט אָנצוהייבן כּל־נדרי איז דאָך לאַנג פֿאַרבײַ!

דער אַלטער רבֿ איז נאָך ניט געקומען! מע וועט דאָך ניט אָנהייבן אָן דעם רבֿ. אָבער וואו קען ער זײַן? דער שמשׂ איז שוין געווען בײַם רבֿ אין דער היים — דאָרטן איז ער ניטאָ. ער איז שוין אַ לענגערע צײַט אַוועק פֿון שטוב — צו כּל־נדרי איז ער אַוועק. וואָס זשע האָט געקאָנט פּאַסירן מיט אים?

## ב.

דער רבֿ איז מיט שטילע טריט געגאַנגען צו כּל־נדרי. ער גייט פֿאַרבײַ אַ קליין אָרעם הײַזל. הערט ער אַ געוויין. אַזוי ווי קינדער וואָלטן געוויינט. דער רבֿ שטעלט זיך אָפּ, הערט זיך אײַן. דאָס געוויין קומט פֿון דעם אָרעמען הײַזל. דער רבֿ עפֿנט די טיר און דערזעט:

אַ וויגעלע, אַן עופֿעלע אין וויגעלע, און בײַם וויגעלע אַ מיידעלע פֿון אַ יאָר זעקס — און ביידע קינדער וויינען.

— „וואָס וויינסטו, מיידעלע?" — פֿרעגט דער אַלטער רבֿ.

— „די מאַמע איז אַוועק צו כּל־נדרי", — כליפּעט דאָס מיידעלע, — „מיך געלאָזט היטן דאָס קינד. עס האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף, עס וויינט שטאַרק, און איך ווייס ניט וואָס צו טאָן . . ."

דער רבֿ האָט דאָס וויינענדיקע עופֿעלע גענומען אויף די הענט, אַרומגעגאַנגען מיטן קינד איבערן אָרעמען צימערל, געשמייכלט צום קינד, גערעדט צו אים. דאָס קינד האָט אויפֿגעהערט וויינען. עס האָט אויסגעשטרעקט דאָס הענטל צו דעם רבֿס גרויער באָרד און זיך געשפּילט מיט די לאַנגע האָר פֿון דער באָרד. אויך די זעקס־יאָריקע שוועסטער האָט שוין ניט געוויינט.

— „נו, דו זעסט? אַלץ איז גוט!" — האָט דער רבֿ געזאָגט און אַוועקגעלייגט דאָס קינד צוריק אין וויגעלע. דאָס קינד האָט ווידער זיך צעוויינט, און דאָס שוועסטערל האָט אויך אָנגעהויבן כליפּען.

דער רבֿ האָטווידער אַרויסגענומען דאָס קינד פֿון וויג. ער האָט עס ווידער געטראָגן אויף די הענט, געזונגען צום קינד ניגונים פֿון תּפֿילות. דאָס קינד האָט זיך באַרואיקט. אָבער ווי נאָר דער אַלטער רבֿ האָט געלייגט דאָס קינד אין וויגעלע, האָט עס פֿון דאָס ניי געוויינט.

— „דאָס קינד איז מסתּמא הונגעריק,“ — האָט דער רבֿ געזאָגט צום קינדס שוועסטערל.

— „קען זײַן; די מאַמע האָט ניט געקענט געבן עסן דעם קינד, ווײַל עס איז געשלאָפֿן, און זי האָט דאָס עופּעלע ניט געוואָלט וועקן,“ — האָט די שוועסטער דערקלערט.

— „אויב אַזוי,“ — האָט דער אַלטער רבֿ געזאָגט, — „גיי אין שול, רוף די מאַמען.“

— „איך וואָלט עס לאַנג שוין געטאָן. איך קען ניט לאָזן דאָס עופּעלע אַליין!“ — רופֿט אויס די זעקס־יאָריקע שוועסטער.

— „איך וועל דאָ וואַרטן, ביז דו וועסט קומען צוריק מיט דײַן מאַמען,“ — האָט דער רבֿ זי באַרואיקט.

די שוועסטער איז אַוועק רופֿן די מאַמען. דער רבֿ האָט דערווײַל געהאַלטן דאָס קינד אויף די הענט, עס געוויגט און צוגעזונגען אים ניגונים פֿון תּפֿילות. דאָס הונגעריקע קינד האָט געשמייכלט און זיך געשפּילט מיט די האָר פֿון רבֿס באָרד. עס איז רואיק און גליקלעך געלעגן אויף די הענט פֿון דעם אַלטן רבֿ און זיך צוגעהערט צו זײַנע ניגונים . . . ביז די מאַמע איז געקומען פֿון שול.

## ג.

מיט גיכע טריט איז דער רבֿ אַרײַן אין שול.

— „רבי, וואָס איז געשען מיט אײַך? רבי, זײַט איר געזונט?“ — איז מען אים געלאָפֿן אַנטקעגן. — „זאָגט, רבי, וואָס האָט פּאַסירט?“

— „גאָרניט, גאָרניט,“ — האָט דער אַלטער רבֿ באַרואיקט דעם עולם, — אויפֿן וועג צו כּל־נדרי האָט גאָט מיר באַשערט אַ גרויסע מצווה. איך האָב געהערט — אַ קינד וויינט, בין איך אַרײַן, ס׳קינד געהאַלטן אויף די הענט . . . אײַנשטילן

אַ געוויין פֿון אַ קינד איז אַ גרויסע מצווה!" — אַזוי האָט דער רבֿ מיט שטילע און אָפּגעריסענע ווערטער דערציילט פֿאַרוואָס ער איז געקומען שפּעט צו כּל־נדרי.

„כּל־נדרי—" — האָט דער חזן אָנגעהויבן צו זינגען. דער גאַנצער עולם האָט רואיק און פֿרום געזאָגט די יום־כּיפּור־תּפֿילה. דער אַלטער רבֿ האָט נאָך אַלץ געשמייכלט, אַזוי ווי ער וואָלט נאָך געהאַלטן דאָס קינד אויף די הענט.

(פֿאָלקס־מעשׂה)

## וואָס באַטײַט?

### I

1. רבֿ (ראָוו) — rabbi. 2. כּל־נדרי (קאָל־נידרע) — „אַלע פֿאַר־שפּרעכונגען", די ערשטע ווערטער און דער נאָמען פֿון אַ תּפֿילה (טפֿילע — prayer) וואָס מען זינגט מיט אַ רירנדיקער מעלאָדיע אין דער נאַכט פֿון יום־כּיפּור. 3. הייליק — holy. 4. טלית (טאַלעס), טליתים (טאַלייסים) — prayer shawl. 5. קיטל — white linen robe. אַ קיטל טראָגט מען פּסח צום סדר און יום־כּיפּור אין שול. 6. פֿאַרזונקען אין פֿרומער שטילקייט — deep in pious silence. 7. תּפֿילה (טפֿילע), תּפֿילות (טפֿילעס) — prayer, prayers. 8. חזן (כאַזן) — cantor. 9. עמוד (אָמעד) — דאָס אָרט וואו דער חזן שטייט בײַם דאַווענען. 10. איז לאַנג פֿאַרבײַ — is long overdue. 11. שמש (שאַמעס) — sexton. 12. פֿאַסירן — to happen.

### II

1. שטילע טריט — slow steps. 2. וויגעלע — cradle. 3. עופֿעלע (אויפֿעלע) — infant. 4. כליפּען — שטאַרק וויינען. 5. היטן — to watch, take care. 6. אויפֿכאַפּן זיך — to wake up. 7. שמייכלען — to smile. 8. אויסשטרעקן — to stretch out. 9. באָרד — beard. 10. ניגונים — melodies. 11. מסתּמא (מיסטאָמע) — probably. 12. באַרואיקן — to calm. 13. וויגן — to rock. 14. געשען — געטראָפֿן, happened. 15. באַשערט — destined. 16. מצווה (מיצווע) — good deed. 17. עולם (אוילאָם) — אַ סך מענטשן צוזאַמען. 18. פֿרום — pious.

## פֿראַגעס:

1. פֿאַרוואָס האָט דער חזן ניט אָנגעהויבן צו זאָגן כּל־נדרי? 2. וואָס איז געשען מיטן רבֿ? 3. פֿאַרוואָס האָט זיך דער רבֿ אָפּגעשטעלט לעבן אָרעמען שטיבל? 4. וואָס האָט ער דערזען ווען ער האָט געעפֿנט די טיר? 5. ווי האָט דער אַלטער רבֿ אײַנגעשטילט דאָס קינד? 6. ווער איז געגאַנגען אָנזאָגן דער מאַמען אין שול? 7. לייענט פֿאָר וואָס דער רבֿ האָט געזאָגט צו באַרואיקן דעם עולם אין שול. 8. פֿאַרוואָס איז אײַנשטילן דאָס געוויין פֿון אַ קינד אַ גרויסע מצווה? 9. וואָס זאָגט זיך אין דער תּפֿילה כּל־נדרי?

# בענים זיידע מאַכט אַ סוכּה



ענים זיידע האָט אויפגעשטעלט אַ פיַינע סוכּה.
— אָ, זאָל כאָטש קיין רעגן ניט גיין — האָט ער געזאָגט — וועלן מיר קאָנען זיצן אין סוכּה.

— און איך וועל אויך זיצן? — האָט בעני געפרעגט.

— אַז דו וועסט זיַין אַ מענטש, וועסטו זיצן אין סוכּה — האָט דער זיידע געענטפערט.

— איך וועל זיַין אַ מענטש — האָט בעני צוגעזאָגט.

— גוט, וועסטו זיצן אין סוכּה — האָט דער זיידע געענטפערט, — נאָר עס זאָל קיין רעגן ניט גיין!

— עס וועט ניט גיין! עס וועט ניט גיין!

בעני האָט זיך געפרייט, וואָס ער וועט זיצן אין סוכּה, און ער האָט גערעדט אַ גאַנצן טאָג וועגן דעם, גערעדט און געקוקט אויפן הימל. און אויפן הימל האָבן זיך גראָד באַוויזן וואָלקנס. בעני האָט זיך גענומען שרעקן, טאָמער וועט גיין אַ רעגן.

אַז עס איז געקומען אין אָוונט און מען האָט געדאַרפט גיין אין דער סוכּה, האָט גענומען טריפן אַ רעגן. האָט בעני געבעטן זיך ביַים רעגן:

רעגן, רעגן, גיי אַוועק
פון די סוכּותדיקע טעג.
קום אַן אַנדער מאָל צו גיין.
בעני וויל אין סוכּה גיין.

אָבער דער רעגן האָט ניט געהערט און האָט ניט אויפגעהערט צו גיין.

— מיר וועלן שוין היַינט אין סוכּה ניט זיצן! — האָט דער זיידע געזאָגט.

בעני האָט זיך צעוויינט, און דער זיידע האָט אים געזאָגט:

— וויין ניט, בעני! מאָרגן איז אויך אַ טאָג, אפשר וועט מאָרגן זײַן שיין, און אויב ניט, איז איבער מאָרגן. מיר האָבן זיבן טעג צו זיצן אין סוכּה.

(לעאָן עלבע)

## אַ סוכּה פֿון שלום

שמעון און יוסף האָבן געוואוינט אין איין הויז. זיי זײַנען געווען גוטע חבֿרים. זיי פֿלעגן זיך שפּילן אויף דעם הויף וואו זייערע עלטערן האָבן געהאַט אַ גרויסן גאָרטן.

אַלע יאָר האָבן די צוויי משפּחות אויפֿגעשטעלט אַ סוכּה אין ווינקל פֿון הויף. ביידע משפּחות, יוספֿס און שמעונס, האָבן געגעסן צוזאַמען אין דער סוכּה, און זיך געפֿרייט מיט דעם יום־טובֿ סוכּות.

בויען די סוכּה פֿלעגט שמעונס פֿאָטער נחמן און ביידע ייִנגלעך פֿלעגן אים העלפֿן. די קינדער האָבן זיך געפֿרייט, וואָס זיי קענען העלפֿן בויען די סוכּה. דער טאָג ווען שמעונס טאַטע פֿלעגט אָנהייבן בויען די סוכּה איז געווען אַ גרויסער יום־טובֿ.

— „נו, שמעון, יוסף, נעמט זיך צו דער אַרבעט," — זאָגט דער טאַטע צו די ייִנגלעך אַ פּאָר טעג פֿאַר סוכּות. — „גייט און ברענגט מיר ברעטער פֿון קאַמער."

גיך לויפֿן די צוויי ייִנגלעך און באַלד זעט מען זיי שלעפּן ברעטער, גרויסע און קליינע, זיי לייגן אַוועק די ברעטער אין ווינקל פֿון הויף, דאָרט וואו מען דאַרף אויפֿשטעלן די גרויסע סוכּה.

— „שמעון," — זאָגט דער טאַטע צו זײַן זון, — „גיי און ברענג מיר פֿון שטובֿ דאָס קעסטל מיט די טשוועקעס, און דו, יוסף," — ווענדט ער זיך צום שכנס ייִנגל, — „ברענג אַרויס



פֿון קאַמער די זעג, די צוויי האַמערס, דעם גרויסן און דעם קליינעם האַמער.״

געזאָגט און געטאָן. איין שפּרונג — און עס ליגן שוין אויפֿן הויף די טשוועקעס, די האַמערס און די זעג.

שמעונס פֿאָטער בויט די סוכּה. די יינגלעך האַלטן צו די ברעטער, און דער פֿאָטער קלאַפּט אַרייַן די טשוועקעס: האַק! האַק! עס הילכט אָפּ אין הויף פֿון די קלעפּ: מע בויט אַ סוכּה! מע בויט אַ סוכּה!

ווען די ווענט פֿון דער סוכּה שטייען שוין צונויפֿגעקלאַפּטע, ווי אַן אמתע שטוב, גיט נחמן אַ פֿרעג:

— „נו, קינדער, צודעקן די סוכּה מיט סכך ווילט איר?״

— „אַוודאי ווילן מיר, אַוודאי!״ — שרייַען די צוויי חבֿרים אין איין קול.

און ביידע יינגלעך לאָזן זיך אין וועלדל, וואָס געפֿינט זיך ניט וויַיט פֿון הויז. אַ ביסל שפּעטער ברענגען זיי צו טראָגן שמעקעדיקע צווייַגן פֿון די סאָסנע־ביימער. דער הויף ווערט באַדעקט מיט גרינס. עס שמעקט מיט וואַלד.

שמעון קריכט אַרויף אויפֿן לייטער, וואָס שטייט אָנגעשפּאַרט אויף דער סוכּה. ער שרײַט אַראָפּ צו זײַן חבֿר יוסף:

— „העי, יוסף, דערלאַנג מיר דעם סכך!"

— „וואָס עפּעס דו אַליין?" — פֿרעגט יוסף שמעונען, — „איך וויל אויך אַרויפֿלייגן דעם סכך אויף דער סוכּה."

— „איך וועל צודעקן די סוכּה מיטן סכך!" — האַלט זיך שמעון בײַ זײַנס, — „מײַן טאַטע האָט געבויט די סוכּה, דאַרף איך לייגן דעם סכך!"

— „אויב אַזוי, וועל איך דיר ניט דערלאַנגען דעם סכך!" — ענטפֿערט יוסף אַ ברוגזער.

און עס הייבט זיך אָן אַן אמתער ברוגז צווישן די חבֿרים. שמעון אויפֿן לייטער און יוסף אונטן שרײַען און ליאַרעמען.

זייערע געשרייען האָט מען דערהערט אין הויז. יוספֿס פֿאָטער מיט נחמנען זײַנען אַרויס אויפֿן הויף.

— „שעמען מעגט איר זיך!" — האָט יוספֿס פֿאָטער אַ זאָג געטאָן צו זיי, — „בײַ ייִדן רופֿט מען אַ סוכּה — „סוכּת־שלום"; דאָס הייסט, אַ סוכּה פֿון שלום. קיין סוכּה איז נישט קיין אמתע סוכּה, אויב די וואָס בויען זי קריגן זיך צווישן זיך..."

די ייִנגלעך האָבן זיך פֿאַרשעמט און געשוויגן.

— „נו, נו, נאָר ניט טרויעריק זײַן!" — האָט יוספֿס פֿאָטער ווײַטער גערעדט, און נחמן האָט צוגעגעבן:

— „לייגט דעם סכך, ביידע, העלפֿט איינער דעם אַנדערן, נאָר פֿאַרגעסט ניט אויפֿצוהענגען אַ שילדל אויף דער סוכּה, און מיט גרויסע אותיות שרײַבט אָן:

## סוכּת שלום — אַ סוכּה פֿון שלום.

די ייִנגלעך האָבן אַזוי געטאָן. געלייגט דעם סכך אויף דער סוכּה אין חבֿרשאַפֿט און אין שלום. די סוכּה איז געוואָרן פֿאַרטיק. אַ שײַנענדיקע, אַ גרויסע איז זי געשטאַנען אין ווינקל פֿון הויף. די סאָסנע־צווײַגן האָבן פֿאַרשפּרייט אַ ריח

פֿון וואַלד. און אויפֿן טיר פֿון דער סוכּה איז געהאַנגען אַ שילדל אָנגעשריבן מיט שיינע אותיות:

סוכּת שלום — אַ סוכּה פֿון שלום.

(לויט י. האַלפּערין)

## וואָס באַטײַט?

1. סוכּה (סוקע). 2. שלום (שאָלעם) — peace. 3. שמעון (שימען) — אַ נאָמען. 4. יוסף (יויסעף) — אַ נאָמען. 5. חבֿר (כאַווער) חבֿרים (כאַווײרים) — friend, friends. 6. משפּחה (מישפּאָכע), משפּחות (מיש-פּאָכעס) — family, families. 7. ווינקל — corner. 8. יום-טובֿ (יאָמטעוו) — holiday. 9. נחמן (נאַכמען) — אַ נאָמען. 10. ברעט, ברעטער — board, boards. 11. קאַמער — דאָ: — store-room. 12. שלעפּן — to drag. 13. קעסטל — box. 14. טשוועקעס — nails. 15. ווענדן זיך — to turn to. 16. שכן (שאָכן) — neighbor. 17. זעג — saw. 18. שפּרונג — jump. 19. אָפּהילכן — אָפּקלינגען, to resound. 20. צונויפֿקלאַפּן — to nail together. 21. אמתע (עמעסע) — real. 22. סכך (סכאַך) — צווײַגן (branches) פֿון אַ סאָסנע-בוים (pine-tree) צו באַדעקן די סוכּה. 23. וואַלד, וועלדל — forest. 24. שמעקעדיקע — aromatic, fragrant. 25. גרינס — herbage. 26. אַרויפֿקריכן — to creep up. 27. לייטער — ladder. 28. אָנשפּאַרן — to lean on. 29. האַלטן זיך בײַ — to stick to, to persist. 30. ברוגזער (ברויגעזער) — angry. 31. ליאַרעמען — to be noisy. 32. שילדל — sign. 33. אותיות (אויסיעס) — letters. 34. סוכּות (סוקאָס) — די סוכּה. 35. חבֿרשאַפֿט (כאַווערשאַפֿט) — friendship. 36. ריח (רייאַך) — odor.

| | | | |
|---|---|---|---|
| סוכּה | חבֿר | יום-טובֿ | סכך |
| שלום | חבֿרים | נחמן | ברוגז |
| שמעון | משפּחה | שכן | אותיות |
| יוסף | משפּחות | אמתע | ריח |

## פֿראַגעס:

1. ווער זײַנען געווען שמעון און יוסף? 2. ווי האָבן זיי זיך באַ-קענט? 3. פֿאַרוואָס איז ערבֿ-סוכּות בײַ די קינדער אַ גרויסער יום-טובֿ? 4. ווי העלפֿן די קינדער בויען די סוכּה? 5. פֿאַרוואָס זײַנען ביידע גוטע חבֿרים געוואָרן ברוגז איינער אויפֿן אַנדערן? 6. ווער איז געווען גע-רעכט — שמעון אָדער יוסף? 7. וואָס האָט יוספֿס טאַטע דערקלערט די קינדער? 8. וואָס פֿאַר אַ שילד האָבן די קינדער אויפֿגעהאַנגען בײַם אַרײַנגאַנג פֿון דער סוכּה? 9. לייענט פֿאַר די שורות אין וועלכע יוספֿס פֿאָטער גיט אַזוי שיין איבער דעם זין פֿון אַ יִדישער סוכּה. 10. געפֿעלט אײַך די מעשׂה? דערקלערט אײַער מיינונג.

# בענים זיידע הוליעט



עני מיט זײַן שוועסטער פֿעני און זײַן חבֿר מעני זײַנען געגאַנגען צום זיידן.

ווי דער זיידע האָט דערזען די קינדער, האָט ער גענומען רופֿן:

— קומט, קינדער! קומט טאַנצן! הײַנט איז שׂמחת־תּורה; הײַנט דאַרף מען זיך פֿרייען.

זײַנען די קינדער צוגעלאָפֿן צום זיידן, און דער זיידע האָט זיי אַרײַנגענומען אין ראָד און זיי האָבן געטאַנצט מיט אַלעמען גלײַך.

און די ראָד, זי דרייט זיך,
און דער זיידע פֿרייט זיך.
און די ראָד ווערט גרעסער,
שליסן זיך די שלעסער.
נעמט דער זיידע זינגען,
און אַלע טאַנצן, שפּרינגען.
און די ראָד, זי דרייט זיך,
און דער זיידע פֿרייט זיך.
דער זיידע הייסט אונדז הוליען
און נעמט אַליין זיך קוליען.

קונצן נעמט ער ווײַזן —
שטאַרק איז ער ווי אײַזן!
דרייט זיך ווי אַ בייגל,
פֿלינקער פֿון אַ פֿויגל.
אַזוי איז ער, דער זיידע,
הייבט די פֿיס, די ביידע.
שרײַט: „אַהער אַ כּוסע!
ס'איז אַ פֿרייד אַ גרויסע!"
נעמט דער זיידע זינגען
און אין אַ טעצל קלינגען.

און דער זיידע גיט דערנאָך די קינדער פֿאָנען, שׂמחת־תּורה־פֿאָנען, פּאַפּירענע פֿאָנען מיט לייבן אויסגעמאָלט, מיט קרוינען אויף די קעפּ פֿון לייבן, וואָרעם דער לייב איז דאָך אַ קיניג, דער קיניג פֿון אַלע חיות. און די קינדער פֿרייען זיך שטאַרק מיט די פֿאָנען און זיי מאַרשירן מיט די פֿאָנען און זינגען:

שׂמחת־תּורה, האָפּ! האָפּ! האָפּ!
פֿיס אַרויף, קאָפּ אַראָפּ!

און דער זיידע שרײַט:

— לעבעדיקער, קינדער, לעבעדיקער!

און די קינדער גייען אַוועק אַ טענצל, צוזינגענדיק דערבײַ:

דער זיידע האָט געהייסן פֿריילעך זײַן,
ביזן גרויסן טאָג אַרײַן!

(לעאָן עלבע)

| | | | |
|---|---|---|---|
| שׂמחת־תּורה | שׂמחה | כּוסע | חיות |

# תורה איז די בעסטע סחורה

אויף אַ שיף, וואָס איז געגאַנגען אין ווײַטע לענדער, זײַנען געפֿאָרן אַ סך סוחרים, וואָס האָבן געפֿירט פֿאַרשיידענע סחורות. זיי האָבן געשמועסט וועגן מסחר, געוויזן איינער דעם צווייטן זייערע סחורות, געקויפֿט און געביטן זיך מיט זיי.

צווישן די סוחרים איז געזעסן אַ געלערנטער מענטש.

— וואָס איז דײַן סחורה? — האָט מען אים געפֿרעגט.

— מײַן סחורה וועל איך ווײַזן, ווען מיר וועלן קומען אין לאַנד — האָט געענטפֿערט דער געלערנטער.

די סוחרים האָבן זיך געוויצלט איבער אַזאַ סחורה, וואָס מען זעט זי ניט און זי פֿאַרנעמט קיין אָרט ניט אויף דער שיף.

אויפֿן וועג זײַנען אויף זיי אָנגעפֿאַלן ים־רויבערס און צוגענומען די גאַנצע סחורה. ווען די שיף איז אָנגעקומען אין לאַנד, זײַנען אַלע סוחרים אַראָפּ הוילע און נאַקעטע. זיי האָבן אַפֿילו ניט געהאַט אויפֿן ערשטן מאָלצײַט.

אויפֿן געלערנטן האָבן אָבער געוואַרט אַ סך תּלמידים זײַנע און פֿרײַנד. מען האָט אים באַגעגנט מיט גרויס כּבֿוד.

יעמאָלט האָבן די סוחרים פֿאַרשטאַנען אין וואָס עס באַשטייט זײַן סחורה. זיי זײַנען צו אים צוגעגאַנגען און געזאָגט:

— גליקלעך ביסטו מיט דײַן סחורה! איצט ווייסן מיר, אַז זי איז די בעסטע; מען קען זי ניט רויבן און זי גייט ניט פֿאַרלאָרן.

(אַגדה)

## וואָס באַטײַט?

1. תּורה (טוירע) — knowledge, learning.
2. סחורה (סכוירע) — merchandise, goods.
3. סוחרים (סאָכרים) — merchants.
4. מסחר (מיסכער) — trade, business.
5. געוויצלט — cracked jokes.
6. ים־רויבערס — pirates.
7. הוילע — bare.
8. מאָלצײַט — meal.
9. תּלמידים (טאַלמידים) — שילערס.
10. כּבֿוד (קאָוועד) — רעספּעקט.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| תּורה | סחורה | סחורות | מסחר | כּבֿוד | תּלמידים |




# דאָס וואונדערלעכע פּײַפל

## א.

נישט ווײַט פֿון אַ גרויסן וואַלד איז געשטאַנען אַ קליין דערפֿל. בײַם אָנהייב דאָרף איז געשטאַנען אַ קליין אָרעם הײַזל. אין הײַזל האָט געוואוינט טבֿיה דער האָלצהעקער און פֿיר קינדערלעך. טבֿיה דער האָלצהעקער איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן.

איין מאָל, פֿאַרנאַכט, האָבן אין טבֿיהס טיר אָנגעקלאַפּט דרײַ אַלטע ייִדן, אָרעמע־לײַט. ווען טבֿיה האָט זיי געעפֿנט די טיר, האָבן זיי געבעטן אַ שטיקל ברויט און נאַכטלעגער.

— אַך, גוטע מענטשן, — האָט טבֿיה צו זיי געזאָגט, — איך האָב נאָר איין בעט פֿאַר די קינדער. צו עסן האָב איך בלויז קאַרטאָפֿל און אַ שטיקל שוואַרץ־ברויט. נאָר עס מאַכט נישט אויס. קומט, עסט עפּעס און לייגט זיך שלאָפֿן.

די דרײַ אָרעמע־לײַט האָבן געגעסן מיט גרויס חשק, דערנאָך זיך אַנידערגעלייגט און באַלד אײַנגעשלאָפֿן.

## ב.

אין דער פֿרי האָט איינער פֿון די אָרעמע־לײַט געזאָגט, אַז זיי ווילן אים באַצאָלן פֿאַר זײַן גוטסקייט, נאָר טבֿיה האָט קיין געלט נישט געוואָלט נעמען. האָט דעמאָלט דער צווייטער אָרעמאַן געזאָגט:

— דערפֿאַר וועלן מיר דיר געבן אַ מתנה, וואָס איז טײַערער פֿון געלט: נאַ דיר אַ פּײַפֿעלע. אַז דו וועסט עפּעס וועלן זאָלסטו אַ פֿײַף טאָן, וועסטו באַלד האָבן וואָס דו פֿאַרלאַנגסט. נאָר זע, דו זאָלסט שטענדיק זײַן גוט צו אָרעמע־לײַט.

די אָרעמע־לײַט זײַנען אַוועקגעגאַנגען. קוקט טבֿיה דער האָלצהעקער אויפֿן פֿײַפֿעלע און לאַכט:

— צו וואָס טויג מיר אַ פֿײַפֿעלע? איך בין דאָך נישט קײן קינד. נאָר איך וועל פּרוּוון פֿײַפֿן. איך וויל, אַז אויפֿן טיש זאָל איצט שטײן זעמל מיט מילך, מיט אײער און פּוטער...

טוט ער אַ פֿײַף — און גלײַך שטײט אויפֿן טיש אַלץ, וואָס ער האָט אויסגערעכנט, און עס ליגט נאָך אַ שײן זילבערן מעסער מיט זילבערנע לעפֿעלעך און מיט אַ גאָלדן זאַלצ־מעסטל. האָט טבֿיה שוין פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נישט קײן פּראָסט פֿײַפֿל. און אַז ער האָט נאָר עפּעס באַדאַרפֿט, איז גענוג געווען, ער זאָל אַ פֿײַף טאָן, איז שוין אַלץ געשטאַנען אויפֿן טיש.

## ג.

גײט זיך די צײַט, און טבֿיה דער האָלצהעקער איז שוין אַ גבֿיר געוואָרן. אויף דעם אָרט וואו עס איז פֿריִער געשטאַנען דאָס קלײנע אײַנגעפֿאַלענע הײַזל, האָט טבֿיה אויסגעבויט אַ גרויסן שײנעם פּאַלאַץ. לעבן פּאַלאַץ איז געווען אַ שײנער גאָרטן מיט אַלערלײ בלומען, און אין מיטן גאָרטן האָט זיך געקײַקלט אַ קלײן זילבערן וואַסערל, און אין וואַסערל האָבן זיך געשפּילט פֿישעלעך.

אַז דער פּאַלאַץ איז אין גאַנצן אויפֿגעבויט געוואָרן, האָט טבֿיה געמאַכט אַ גרויסן באַל. האָט ער צונויפֿגערופֿן אַלע פּריצים פֿון די דערפֿער און שטעט.

זײַנען אַלע געקומען, זיך אויסגעזעצט בײַ די לאַנגע טישן, געגעסן און געטרונקען און זיך געלאָזט וואויל גײן. בײַם טויער פֿון פּאַלאַץ האָט טבֿיה אַוועקגעשטעלט דינערס, זײ זאָלן נישט אַרײַנלאָזן קײן אָפּגעריסענע, קײן אָרעמע־לײַט, מע זאָל אים נישט שטערן די שׂמחה.

## ד.

פּונקט דעם זעלבן אָוונט זײַנען דורכגעגאַנגען פֿאַרבײַ דעם פּאַלאַץ יענע דרײַ אָרעמע־לײַט, וואָס האָבן געגעבן טבֿיהן

דאָס פּײַפֿל. זעען זיי, אַז בײַ טבֿיהן איז אַ שׂמחה. זאָגט איינער: — לאָמיר אַרײַנגיין אַ קוק טאָן! לאָזט מען זיי אָבער ניט אַרײַן, און אַז זיי ווילן נישט אַוועקגיין, שיקט מען אַרויס אַ גרויסן הונט אויף זיי, וואָס רײַסט אָפּ בײַ איינעם די קאַפּאָטע און בײַסט אײַן בײַם צווייטן אַ פֿינגער. גייען די אָרעמע־לײַט אַוועק.

נאָר אין אַ רגע אַרום קומט אָן אַ גאָלדענע קאַרעטע, געשפּאַנט אין פֿיר פֿערד. פֿון קאַרעטע גייען אַרויס דרײַ פּאַרפּוצטע פּריצים מיט בריליאַנטן און גאָלדענע פֿינגערלעך אויף די הענט. עפֿנט מען באַלד טיר און טויער פֿאַר זיי. לויפֿט טבֿיה זיי אַרויס אַנטקעגן און דערקענט אין זיי די אָרעמע־לײַט, וואָס האָבן אים געגעבן דאָס פּײַפֿל. נאָר די אָרעמע־לײַט האָבן געזאָגט:

„מיר ווילן נישט זײַן אויף קיין שׂמחה בײַ אַ ייִדן, וואָס לאָזט נישט אַרײַן צו זיך קיין אָרעמע־לײַט.“ און איינער האָט געוויזן די קאַפּאָטע, וואָס די הינט האָבן אים צעריסן.

דער עלטסטער פֿון זיי האָט אַרויסגענומען פֿון קעשענע אַ פּײַפֿל, פּונקט אַזאַ ווי ער האָט געגעבן טבֿיהן, אַ פֿײַף געטאָן איינס־צוויי־דרײַ — און באַלד איז פֿאַרשוואונדן געוואָרן דער פּאַלאַץ מיטן גאָרטן, מיט אַלע טײַערע זאַכן, וואָס טבֿיה האָט געהאַט, און עס איז ווידער געשטאַנען דאָס אַלטע אײַנגעפֿאַלענע הײַזל.

און די דרײַ אַלטע לײַט זײַנען אַוועק.

(פֿאָלקס־מעשׂה)

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| טבֿיה | חשק | מתּנה | גבֿיר | פּריצים | שׂמחה | רגע |

## וואָס באַטײַט?

1. **וואַלד** — forest. 2. **דאָרף** — village. 3. **טבֿיה** (טעוויע) — אַ נאָמען. 4. **האָלצהעקער** — woodcutter. 5. **נאַכטלעגער** — אַן אָרט וואו איבערצושלאָפֿן די נאַכט. 6. **קאַרטאָפֿל** — potato. 7. **מיט גרויס חשק** (כיישעק) — געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט. 8. **מתּנה** (מאַטאָנע) — present. 9. **זעמל** — roll. 10. **זאַלצמעסטל** — salt-shaker. 11. **פּראָסט** — איינפֿאַך. 12. **גבֿיר** (גוויר) — אַ רײַכער מענטש. 13. **פּריצים** — noblemen. 14. **זיך געלאָזט וואוילגיין** — געגעסן פֿון דעם בעסטן.

15. **בײַם טויער** — at the gate. 16. **דינערס** — servants. 17. **שׂמחה** — (סימכע) — party. 18. **קאַפּאָטע** — אַ לאַנגער ראָק (coat) **וואָס ייִדן** פֿלעגן אַמאָל טראָגן. 19. **רגע** (רעגע) — second. 20. **קאַרעטע** — coach. 21. **געשפּאַנט** — harnessed. 22. **פֿאַרפּוצטע** — אָנגעטאָן אין שיינע קליי־דער. 23. **בריליאַנטן** — diamonds. 24. **פֿינגערלעך** — rings. 25. **קעשענע** — pocket. 26. **פֿאַרשוואונדן געוואָרן** — ניט געוואָרן.

## פֿראַגעס:

1. וואו האָט טבֿיה געוואוינט? 2. ווער האָט איין מאָל אָנגעקלאַפּט אין טבֿיהס טיר? 3. פֿון וואָס קען מען זען, אַז טבֿיה איז געווען אַ פֿרײַנדלעכער מענטש? 4. פֿון וואָס זעט מען, אַז ער איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן? 5. וואָס פֿאַר אַ מתּנה האָבן די אָרעמע־לײַט טבֿיהן איבער־געלאָזט? 6. ווי האָט טבֿיה אויסגעפֿונען, אַז די אָרעמע־לײַט האָבן ניט געלאַכט פֿון אים? 7. ווי האָט טבֿיה געלעבט נאָך דעם ווי ער איז געוואָרן אַ גבֿיר? 8. פֿון וועלכן טייל פֿון דער מעשׂה קען מען דאָס זען? 9. ווי האָבן די דרײַ אָרעמע־לײַט טבֿיהן באַשטראָפֿט?

***

שטעל צונויף אַ פּלאַן פֿון דער מעשׂה. טייל איין די מעשׂה אין קלענערע טיילן. גיב אַ נאָמען יעדן טייל.

# די דרײַ פֿוילערס

(אַ פֿאָלקס־מעשׂה)

אַמאָל איז געווען אַ קיניג. האָט ער געהאַט דרײַ זין. זײַנען זיי אים אַלע געווען גלײַך ליב און ער האָט ניט געוואוסט וועמען פֿון זיי איבערצולאָזן זײַן קיניגלעכן טראָן. האָט ער געטראַכט און געטראַכט און זיך לאַנג קיין עצה ניט געקענט געבן. איין מאָל האָט ער פֿאַררופֿן צו זיך די זין און צו זיי אַזוי געזאָגט:

— ליבע קינדער, איך האָב לאַנג געטראַכט וועמען פֿון אײַך איבערצוגעבן מײַן קיניגלעכן טראָן און אָט וואָס בײַ מיר איז געבליבן: ווער פֿון אײַך עס איז דער גרעסטער פֿוילער, דער וועט אים באַקומען.

— אויב אַזוי דאַרף איך ווערן קיניג! — האָט זיך אָפּגערופֿן דער עלטסטער. — איך בין אַזוי פֿויל, אַז ווען עס פֿאַלט מיר אַרײַן,

למשל, אַ טראָפּן אין די אויגן, וועל איך זיי ניט צומאַכן, איך מעג אַפילו וועלן ווער ווייס ווי שלאָפֿן.

— דער קיניגלעכער טראָן געהערט צו מיר! — האָט געזאָגט דער צווייטער ברודער. — איך, אַז איך זיץ בײַם פֿײַער און וואַרעם זיך, מעג מיר ווער ווייס ווי זײַן הייס, וועל איך גיכער די פֿיס פֿאַרברענען איידער זיי צונעמען פֿון פֿײַער... אָט ווי פֿויל איך בין.

דער קיניגלעכער טראָן געהערט צו מיר! — האָט אויסגערופֿן דער דריטער ברודער.— איך בין פֿוילער פֿאַר זיי ביידן. שטעל זיך פֿאָר, אַ שטייגער, מע וויל מיך הענגען, דער שטריק איז שוין אויפֿן האַלדז און דאָ דערלאַנגט מען מיר אַ מעסער אין האַנט, איך זאָל דעם שטריק צעשנײַדן, וועל איך בעסער זיך לאָזן הענגען, איידער אויפֿהייבן די האַנט צו דעם שטריק!...

אַז דער פֿאָטער האָט אויסגעהערט די רייד פֿון דעם דריטן זון, האָט ער זיך אָפּגערופֿן:

— דו, מײַן זון, שטײַגסט אַריבער דײַנע ברידער אין פֿוילקייט, דו פֿאַרבלײַבסט קיניג!

(ש. באַסטאָמסקי)

1. **פֿוילער** — lazy person. 2. **גלײַך** — equally. 3. **עצה** (אייצע) — advice. 4. **פֿאַררופֿן** — to call together. 5. **בײַ מיר געבליבן** — דאָ: — I have decided. 6. **למשל** (לעמאָשל) — for instance. 7. **טראָפּן** — drop. 8. **אַפילו** (אַפֿילע) — even. 9. **ווער ווייס ווי** — God knows how. 10. **אַ שטייגער** — for instance. 11. **שטריק** — rope. 12. **האַלדז** — neck. 13. **אַריבערשטײַגן** — to excel.

| | | |
|---|---|---|
| עצה | למשל | אַפילו |



# צוויי ברידער



מאָל האָבן געלעבט צוויי ברידער. דער עלטערער האָט ניט געהאַט קיין ווײַב און ניט קיין קינדער; דער ייִנגערער האָט געהאַט אַ ווײַב מיט עטלעכע קליינע קינדער. זיי זײַנען געווען אָרעמע ערד־אַרבעטער, און חוץ זייער שטיקל ערד, אַ ירושה פֿון זייער פֿאָטער, האָבן זיי מער גאָרניט געהאַט.

די ברידער האָבן ניט געוואָלט צעטיילן צווישן זיך די ירושה, ווײַל זיי האָבן זייער ליב געהאַט איינער דעם צווייטן. זיי פֿלעגן באַאַרבעטן די ערד ביידע צוזאַמען און פֿלעגן זיך דערנאָך צעטיילן מיט די גאַרבן פּונקט אויף דער העלפֿט, און אָוועקלייגן די קופּעס גאַרבן יעדער לעבן זײַן געצעלט.

איין נאַכט נאָכן אָפּשנײַדן די תּבֿואה איז דער עלטערער ברודער געלעגן אויף זײַן געלעגער און ניט געקאָנט אײַנשלאָפֿן: ער האָט געקלערט וועגן זײַן ברודער: „ער איז מיט אַ פֿרוי און קינדער, אָבער איך בין מיר איין מענטש אויף דער וועלט, וואָס דאַרף איך? — אָפּעסן און גאָר! פֿאַר וועמען האָב איך צו זאָרגן? היינט ווי אַזוי זשע נעם איך דאָס פֿון דער תּבֿואה אַזאַ טייל ווי מײַן ברודער? דאָס איז קיין יושר ניט.“

ער איז אויפֿגעשטאַנען אַרום האַלבע נאַכט פֿון זײַן געלעגער און האָט איבערגעלייגט אין דער שטיל אַ טייל פֿון זײַנע גאַרבן אין זײַן ברודערס קופּע. אָפּגעטאָן זײַן אַרבעט, האָט ער זיך געלייגט אויפֿן געלעגער און איז גלײַך זיס אײַנגעשלאָפֿן.

אין דער זעלביקער נאַכט האָט אויך דער ייִנגערער ברודער ניט געקאָנט אײַנשלאָפֿן. ער איז געלעגן און געטראַכט וועגן זײַן עלטערן ברודער: „אַ רחמנות אויף אים, ער איז נעבעך עלנט. איך האָב מיר אַ ווײַב מיט קינדערלעך, זאָלן לעבן און געזונט זײַן; אויף דער עלטער וועלן זיי מיך אויסהאַלטן. אָבער וואָס וועט מיט אים זײַן אויף דער עלטער?

הײַנט ווי אַזוי זשע טיילן מיר דאָס די תּבֿואה פֿון פֿעלד פּונקט אויף דער העלפֿט? דאָס איז קיין יושר ניט — ער דאַרף באַקומען אַ גרעסערן טייל. און נאָך גאַנץ פֿרי, פֿאַרטאָג, איז ער אויפֿגעשטאַנען און שטילערהייט איבערגעלייגט אַ טייל פֿון זײַנע גאַרבן אין ברודערס קופּע און האָט זיך צוריק געלייגט און אײַנגעשלאָפֿן.

אויף מאָרגן זעען בײדע ברידער, אַז זייערע קופּעס זײַנען בײדע גלײַך, אַזוי פֿיל גאַרבן אין יעדער קופּע, ווי געווען. האָבן זיי זיך געוואונדערט, נאָר געשוויגן.

די אַנדערע נאַכט האָבן די ברידער ווידער געטאָן דאָס וואָס זיי האָבן נעכטן געטאָן, און אויף מאָרגן אין דער פֿרי האָבן זיי דערזען, אַז זייערע קופּעס זײַנען ווידער גלײַך. האָבן זיי זיך נאָך מער געוואונדערט.

די דריטע נאַכט, ווען די ברידער האָבן געטראָגן זייערע גאַרבן איינער צום אַנדערן, האָבן זיי זיך באַגעגנט אין מיטן וועג. די ברידער האָבן מיט טרערן אין די אויגן גענומען קושן און האַלדזן איינער דעם צווייטן. (אגדה)

1. **חוץ** — אויסער — except. 2. **ירושה** (יערושע) — דאָס פֿאַרמעגן וואָס עלטערן לאָזן איבער קינדער — heritage, inheritance. 3. **גאַרבן** — sheaves. 4. **קופּעס** — heaps. 5. **געצעלט** — tent. 6. **תּבֿואה** (טוואוע) — grain. 7. **געלעגער** — בעט, אָרט וואו מע שלאָפֿט. 8. **יושר** (יוישער) — justice. 9. **רחמנות** (ראַכמאָנעס) — pity. 10. **עלנט** — ווען מען איז אַליין, אָן קיינעם. 11. **איבערגעלייגט** — אַריבערגעטראָגן. 12. **סוד** (סאָד) — secret.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| חוץ | ירושה | תּבֿואה | יושר | רחמנות | סוד |

1. ווער זײַנען געווען די צוויי ברידער? 2. וואָס האָבן זיי געטאָן מיט זייער פֿאָטערס ירושה? 3. וואָס האָט דער עלטערער ברודער געטראַכט ווען ער איז געלעגן אויף זײַן געלעגער? 4. וואָס האָט ער געטאָן? 5. פֿאַרוואָס האָט דער יינגערער ברודער ניט געקענט אײַנשלאָפֿן? וואָס האָט ער געטראַכט? 6. פֿאַרוואָס זײַנען אויף מאָרגן בײַ בײדע ברידער די קופּעס געווען גלײַך? 7. ווי האָבן בײדע ברידער אויסגעפֿונען דעם סוד? 8. וואָס איז דער שענסטער מאָמענט אין דער דערציילונג? 9. ווי קען מען אַנדערש אָנרופֿן די דערציילונג?

# אַבֿרהם האָט פֿאַרשטאַנען

אַבֿרהם האָט ליב געהאַט געסט. ווען עס איז געקומען צו אים אַ גאַסט, האָט ער אים געגעבן צו עסן און צו טרינקען און האָט אים גוט באַדינט. איין מאָל איז אַבֿרהם געזעסן בײַ זײַן געצעלט. האָט ער דערזען ווי עס קומט אָן אַן אַלטער מאַן. אַבֿרהם איז אים געלאָפֿן אַנטקעגן און האָט אים געבעטן:

— „קומט אַרײַן צו מיר אין געצעלט. רוט זיך אָפּ. איך וועל אײַך געבן צו עסן און צו טרינקען און איר וועט שפּעטער גיין אײַער וועג."

האָט דער אַלטער געענטפֿערט: — „גוט, איך וועל אַרײַן צו דיר."

שׂרה האָט אויף גיך גענומען גרייטן אַ מאָלצײַט פֿאַר דעם גאַסט. אַבֿרהם אַליין האָט געבראָטן אַ ציגעלע פֿאַרן גאַסט. אַבֿרהם און שׂרה האָבן אים באַדינט. דער אַלטער האָט געגעסן און געטרונקען און איז געוואָרן זאַט. האָט אַבֿרהם געזאָגט צום אַלטן: — „איצט דאַנקט גאָט פֿאַר די גוטע שפּײַז וואָס איר האָט געהאַט."

האָט דער אַלטער געענטפֿערט: — „איך דאַנק נישט גאָט."

איז אַבֿרהם אין כּעס געוואָרן און האָט אַרויסגעטריבן דעם אַלטן פֿון זײַן געצעלט. האָט אַבֿרהם דערהערט גאָטס קול: — „פֿאַר־וואָס האָסטו דעם אַלטן אַרויסגעטריבן פֿון דײַן געצעלט?"

אַבֿרהם האָט געענטפֿערט: — „ער האָט נישט געוואָלט דאַנקען גאָט פֿאַר די שפּײַז וואָס איך האָב אים געגעבן, פֿאַר דעם גוטס וואָס איך האָב אים געטאָן." און אַבֿרהם האָט ווידער דערהערט גאָטס שטים:

— „דער מאַן איז שוין אַן אַלטער. אַ סך, אַ סך יאָרן האָב איך אים געגעבן שפּײַז צו עסן און אַ קלייד זיך אָנצוטאָן. ער האָט קיין מאָל מיר ניט געדאַנקט. דאָך האָב איך יעדן טאָג אים געגעבן וואָס ער דאַרף צום לעבן. דו האָסט נאָר איין מאָל אים געגעבן שפּײַז און גלײַך נאָך דעם ביסטו אויף אים אין כּעס געוואָרן און אַרויסגעטריבן."

האָט אַבֿרהם געזאָגט: — „איך פֿאַרשטיי איצט אַז איך האָב ניט ריכטיק געטאָן." און אַבֿרהם איז נאָכגעלאָפֿן דעם אַלטן און

האָט אים געבעטן, ער זאָל קומען צוריק צו אים. ער האָט אים געגעבן אַ סך גוטע זאַכן אויפֿן וועג און זיך געזעגנט מיט אים אין פֿרידן.

(אגדה)

## פֿראַגעס:

1. ווי האָט אַבֿרהם אויפֿגענומען אַ גאַסט? 2. וואָס האָט אַבֿרהם געטאָן ווען ער האָט דערזען אַן אַלטן מאַן ניט ווײַט פֿון זײַן געצעלט? 3. וואָס האָט דער אַלטער מאַן געטאָן? 4. וואָס האָט אַבֿרהם געבעטן פֿון דעם אַלטן מאַן? 5. וואָס האָט געטאָן אַבֿרהם ווען דער אַלטער מאַן האָט ניט געוואָלט דאַנקען גאָט? 6. וואָס זײַנען געווען גאָטס רייד צו אַבֿרהמען? 7. וואָס לערנט אונדז די מעשׂה?

# די קייט פֿון די אָבֿות

די מעשׂה האָט געטראָפֿן אין שפּאַניע אין פֿופֿצנטן יאָר־הונדערט. די שפּאַנישע רעגירונג האָט דעמאָלט געצוואונגען ייִדן אַריבערצוגיין צום קריסטלעכן גלויבן אָדער פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד.

זײַנען אַ סך ייִדן, וואָס האָבן ניט געהאַט וואוהין צו גיין, — לפּנים געוואָרן קריסטן. אין דער שטיל, באַהאַלטענערהייט, זײַנען זיי פֿאַרבליבן גוטע ייִדן. זיי האָבן אָפּגעהיט ייִדישע דינים און אַלע ייִדישע יום־טובֿים. יעדן שבת און יום־טובֿ פֿלעגן זיי זיך פֿאַר־זאַמלען אין אונטערערדישע הײלן און בעטן גאָט, ער זאָל זיי מוחל זײַן פֿאַר די זינד וואָס זיי זײַנען באַגאַנגען.

אַזעלכע באַהאַלטענע ייִדן האָט מען גערופֿן אַנוסים. דאָס הייסט אַנוסים זײַנען געווען ייִדן וואָס זײַנען איבער גוואַלד געוואָרן קריסטן און האָבן דאָך אָפּגעהיט די מנהגים און טראַדיציעס פֿון זייערע עלטערן.

ווען מען פֿלעגט אויסגעפֿינען אַז די אַנוסים האַלטן אָפּ ייִדיש־קייט, — האָט מען זיי פֿאַרמשפּט פֿאַרברענט צו ווערן לעבעדיקער־הייט אויף שײַטערס.

אַן אָנוס איז אויך געווען דאָן מאַנועל, דער גוטער פֿרײַנד פֿון שפּאַנישן קיניג פֿערדינאַנד. אַלע אין לאַנד האָבן אים ליב געהאַט

און ער איז געווען באַקאַנט יעדן איינעם. די קירך האָט אָבער אויסגעפֿונען אַז ער איז אַ געטרײַער ייִד און מען האָט אים פֿאַר־משפּט פֿאַרברענט צו ווערן אויף אַ שײַטער.

דעם קיניג פֿערדינאַנד האָט עס שטאַרק פֿאַרדראָסן. איז ער געקומען צו דעם פּלאַץ, וואו מען האָט אויפֿגעשטעלט דעם שײַטער, און ווען מען האָט אַרויפֿגעפֿירט זײַן פֿרײַנד, דאָן מאַנועל, אויף פֿאַרברענט צו ווערן האָט ער אויסגערופֿן:

— דו קענסט נאָך ראַטעווען דײַן לעבן. דערקלער פֿאַר אַלעמען אַז דו האָסט חרטה און וועסט פֿון איצט אָן זײַן אַ געטרײַער קריסט.

דאָן מאַנועל האָט זיך אַ ווײַלע פֿאַרטראַכט און דערנאָך גע־נומען שרײַען:

— די קייט! די קייט! ווי אַזוי רײַסט מען איבער די קייט?

וואָסער קייט? — פֿרעגט דער קיניג פֿאַרוואונדערט — דו ביסט דאָך נישט געבונדן אין קייטן!

— די קייט! — האָט דאָן מאַנועל ניט אויפֿגעהערט צו שרײַען. — די קייט פֿון אַבֿרהם, יצחק און יעקבֿ, די קייט וואָס ציט זיך איבער דורות און דורות. ווי אַזוי קען איך די דאָזיקע קייט איבעררײַסן? — און מיט דעם געשריי „שמע ישׂראל" איז דאָן מאַנועל אַרײַנגעשפּרונגען אין ברענענדיקן שײַטער.

(פֿאָלקס־מעשׂה)

## וואָס באַטײַט?

1. **קייט** — chain. 2. **אָבֿות** (אָוועס) — ancestors. 3. **צווינגען** (גע־צוואונגען) — to force. 4. **גלויבן** — faith. 5. **לפֿנים** (לעפֿאָנים) — outwardly. 6. **באַהאַלטענערהייט** — in hiding. 7. **אָפּהיטן** — דאָ: to observe. 8. **דינים** — religious laws. 9. **אונטערערדיש** — underground. 10. **הייל** — cave. 11. **מוחל** (מויכל) **זײַן** — to forgive. 12. **זינד** — sins. 13. **באַגאַנגען** — committed. 14. **באַהאַלטענע** — disguised. 15. **איבער גוואַלד** — unwillingly. 16. **מנהגים** (מינהאָגים) — customs. 17. **פֿאַר־משפּט** (פֿאַרמישפּעט) — sentenced. 18. **פֿאַרברענט ווערן אויף אַ שײַטער** — to be burned at the stake. 19. **קירך** — church. 20. **געטרײַ** — devoted. 21. **פֿאַרדריסן** (פֿאַרדראָסן) — to grieve. 22. **ראַטעווען** —

to save. 23. חרטה (כאַראַטע) האָבן— to regret, to repent. 24. פֿאַר־
טראַכט — in thoughts. 25. איבעררײַסן —דאָ: to break. 26. געבונדן –
דאָ: chained. 27. דור (דאָר), דורות (דוירעם)— generation, generations.

| | | | |
|---|---|---|---|
| אָבֿות<br>לפֿנים<br>דינים | מוחל זײַן<br>אַנוסים<br>מנהגים<br>פֿאַרמשפּטן | חרטה<br>אַבֿרהם<br>יצחק<br>יעקבֿ | דור<br>דורות<br>שמע ישׂראל |

## פֿראַגעס:

1. ווער זײַנען געווען די אַנוסים? 2. ווי האָבן זיי אָפּגעהיט דעם ייִדישן גלויבן? 3. צו וואָס האָט מען פֿאַרמשפּט דאָן מאַנועלן? 4. וואָס האָט דער קיניג פֿערדינאַנד געטאָן צו ראַטעווען זײַן אַלטן פֿרײַנד? 5. וואָס האָט ער אים פֿאַרגעלייגט? 6. וועגן וועלכער קיום האָט דער פֿאַרמשפּטער ייִד געמורמלט? 7. פֿאַרוואָס האָט ער ניט געוואָלט זיך ראַטעווען? 8. ווי איז דאָן מאַנועל אומגעקומען?

# דרײַ וואָס האָבן געבעטן צו גאָט

## א.

דרײַ אָרעמע ייִדישע וואַנדערערס האָבן זיך געפֿונען אין וועג, ווײַט פֿון אַ ישובֿ. פּלוצעם האָט דער הימל זיך פֿאַרוואָלקנט. עס האָט אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכער שטורעם־ווינט און אַ שלאַקס־רעגן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד. האָבן די וואַנדערערס דערזען פֿון דער ווײַטנס אַ הייל אונטער אַ באַרג. זיי זײַנען אַוועק צו דער הייל און איבערגעשלאָפֿן דאָרט די נאַכט.

אין דער פֿרי, ווען פֿון רעגן איז שוין קיין סימן ניט געווען, האָבן די וואַנדערערס געוואָלט פֿאַרלאָזן די הייל. אָבער פּלוצעם איז פֿון שפּיץ באַרג אַראָפּגעפֿאַלן אַ גרויסער שטיין — און פֿאַר־שטעלט דעם אַרויסגאַנג.

אומזיסט האָבן די וואַנדערערס געפּרוּווט מיט אַלע כּוחות אָפּרוקן דעם שטיין. דער שטיין האָט זיך ניט גערירט פֿון אָרט. האָבן זיי מורא געהאַט אַז זיי וועט אויסקומען צו שטאַרבן פֿון הונגער אין דער פֿינצטערער הייל, און קיינער וועט אַפֿילו ניט וויסן וואו זייער געביין איז אַהינגעקומען.

1. בעטן — דאָ: — to pray. 2. ישוב (יִישעוו) — וואוינאָרט,
settlement. 3. פאַרוואָלקנט — cloudy. 4. שטורעם־ווינט — wind-storm.
5. שלאַקס־רעגן — pouring rain. 6. הייל — cave. 7. באַרג — mountain.
8. סימן (סימען) — דאָ: — trace. 9. שפּיץ — point. 10. פאַרשטעלן
דאָ: to cover. 11. אַרויסגאַנג — exit. 12. פּרוּוון — to try. 13. כּוחות
(קויכעס) — strength. 14. רירן זיך — to move. 15. מורא (מוירע) האָבן
— to be afraid. 16. געביין — bones. ניט וויסן וואו זייער געביין איז
אַהינגעקומען — not to know what has become of them.

## ב.

האָט זיך יעדער וואַנדערער אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקעלע און געבעטן צו גאָט, ער זאָל זיי פון הימל שיקן זײַן הילף און ראַטעווען פון הונגער־טויט.

איינער פון זיי האָט אויסגעזאָגט זײַן ביטער האַרץ צו גאָט, אויסגערעכנט דאָס גוטס, וואָס ער האָט אַלץ אין זײַן לעבן געטאָן און געבעטן אַז דער דאָזיקער זכות זאָל אים איצט בײַשטיין.

איז טאַקע באַלד אַ וואונדער געשען. דער שטיין האָט זיך, ווי אַ פינגער די גרייס, גערירט פון אָרט, און אין הייל האָט אַרײַנגעשײַנט אַ שטראַל ליכט.

דער צווייטער — אַ פרומער ייִד — האָט ערלעך געלעבט און געהאָלפן אַנדערע מענטשן אין זייער נויט. האָט ער איצט גע־נומען אויסרעכענען די צדקה וואָס ער האָט געגעבן און די טובות וואָס ער האָט געטאָן מענטשן, און געבעטן אַז גאָט זאָל אויף אים רחמנות האָבן.

האָט זיך באַוויזן נאָך אַ גרעסערער נס. דער שטיין האָט זיך גערירט פון אָרט ווי די ברייט פון אַ האַנט, און מער ליכט איז אַרײַן פון אויבן און באַלויכטן די פינצטערע הייל.

דער דריטער וואַנדערער, ווען ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט גאָט בעטן, האָט קיין שום זאַך ניט דערמאָנט, און זיך מיט גאָרניט באַרימט. שטילערהייט פון טיפן האַרצן האָט ער אַזוי געזאָגט:

— האַר פון דער וועלט! דערבאַרעמדיקער גאָט! איך ווייס ניט וואָס אויסצורעכענען און קאָן מײַנע גוטסקייטן ניט דערמאָנען, ווײַל וויפל אַ מענטש טוט איז אַלץ ניט גענוג. דעריבער בעט איך דיך: האָב רחמנות אויף אונדז און ראַטעווע אָרעמע וואַנדערערס פון טויט.

און ווען דער דריטער וואַנדערער האָט אַרויסגעזאָגט זײַן באַ־שיידענע, ריינע תּפֿילה, האָט דער שטיין מיט אַ מאָל זיך אָפּגערוקט פֿון הייל און אַלע דרײַ זײַנען אַרויס בשלום...

(פֿאָלקס־מעשׂה)

## וואָס באַטײַט?

1. ווינקל — corner. 2. ראַטעווען — to save. 3. אויסגיסן (אויס־געגאָסן) — to pour out. 4. אויסרעכענען — to enumerate. 5. זכות (סכום) — merit. 6. בײַשטיין — protect, stand by. 7. וואונדער, נס (נעס) — miracle. 8. שטראַל — ray. 9. פֿרומער — pious. 10. נויט — need. 11. צדקה (צדאָקע) — charity. 12. טובֿה (טויווע), טובֿות (טויוועס) — favor. 13. רחמנות (ראַכמאָנעס) — pity. 14. באַלײַכטן — to light. 15. באַרימען זיך — to boast. 16. האַר פֿון דער וועלט — Lord of the Universe. 17. דערבאַרעמדיק — merciful. 18. באַשיידן — modest. 19. תּפֿילה (טפֿילע) — prayer. 20. בשלום (בעשאָלעם) — safely.

| | | | |
|---|---|---|---|
| ישובֿ<br>סימן<br>כּוח | כּוחות<br>מורא<br>זכות<br>צדקה | טובֿה<br>טובֿות<br>רחמנות | נס<br>תּפֿילה<br>בשלום |

## פֿראַגעס:

1. ווי קומען די דרײַ אָרעמע וואַנדערערס אין הייל? 2. פֿאַרוואָס האָבן זיי פֿון דער הייל ניט געקענט אַרויסגיין? 3. צוליב וועלכן זכות האָט דער ערשטער וואַנדערער געבעטן גאָט, ער זאָל אים ראַטעווען? 4. וואָס האָט דער צווייטער וואַנדערער געזאָגט אין זײַן תּפֿילה צו גאָט? 5. פֿאַרוואָס איז די תּפֿילה פֿון דריטן וואַנדערער דעם אייבערשטן מער געפֿעלן געוואָרן? 6. ווי וואָלט מען געקענט אַנדערש אַ נאָמען געבן די מעשׂה?



# מען דאַרף נישט משפּטן לויט די קליידער



ס איז אַמאָל געווען אַ באַרימטער דאָקטער. ער איז געווען דער בעסטער דאָקטער אין לאַנד. ער האָט אָבער געוואָלט קענען נאָך מער וויפל ער האָט געקענט. האָט ער איין מאָל איינגעפּאַקט זײַנע אינסטרומענטן און רפואות, זיך געזעצט אויף אַ פֿערד און זיך געלאָזט אין אַ ווײַט לאַנד זיך דאָרטן צו לערנען.

אויפֿן וועג איז אים אויסגעקומען דורכצופֿאָרן אַ וואַלד. ווען ער איז אַרײַן אין וואַלד, זײַנען אויף אים אָנגעפֿאַלן רויבערס. קיין געלט האָבן זיי בײַ אים נישט געפֿונען. זײַנע אינסטרומענטן און רפואות האָבן זיי נישט געדאַרפֿט. האָבן זיי בײַ אים צוגענומען דאָס פֿערד און זײַנע שיינע קליידער. איבערגעלאָזט האָבן זיי אים אַלטע שמאַטעס.

דער דאָקטער האָט אָנגעטאָן די אַלטע שמאַטעס און איז געגאַנגען צו פֿוס, ביז ער איז געקומען אין דער ערשטער שטאָט. ווען ער איז פֿאַרבײַגעגאַנגען אַ רײַך הויז האָט ער פֿון דאָרטן געהערט אַ געוויין. האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און געפֿרעגט:

— „פֿאַרוואָס וויינט מען אין דעם הויז?"

האָט מען אים געענטפֿערט: — „דער רײַכער מאַן וואָס וואוינט אין דעם הויז האָט איין איינציק קינד. אָבער דאָס קינד איז זייער קראַנק. וויינען די עלטערן און עס וויינען אויך די באַדינערס און די דינסטן אין דעם הויז."

איז דער דאָקטער אַרײַנגעקומען אינעווייניק און האָט געזען דרײַ דאָקטוירים אַרום דעם בעטל פֿון דעם קראַנקן קינד.

—„ לאָזט מיך היילן דאָס קינד מיט מײַנע רפואות" — האָט דער דאָקטער געזאָגט. אָבער די עלטערן האָבן מיט פֿאַרוואונדערונג אָנגעקוקט דעם אומבאַקאַנטן אין די שמאַטעס. און די דאָקטוירים האָבן געזאָגט מיט שפּאָט:

— „איר וועט דאָך נישט לאָזן אַז אַן אָפּגעריסענער בעטלער זאָל היילן אײַער קינד!"

מען האָט אים אַרויסגעטריבן פֿון הויז. דער דאָקטער האָט

איבערגענעכטיקט ערגעצוואו אונטערן פֿרײַען הימל און אויף מאָרגן איז ער ווידער געקומען צום רײַכן הויז מיטן קראַנקן קינד. האָט ער זיך דערוואוסט אַז דאָס קינד איז די נאַכט געשטאָרבן. איז ער אַוועק פֿון דעם הויז. ער איז געקומען אויפֿן מאַרק, האָט אויסגעלייגט זײַנע אינסטרומענטן און רפֿואות און אָנגעשריבן אויף אַ צעטל: „איך בין אַ דאָקטער. איך הייל קראַנקע אומזיסט.“

האָבן מענטשן זיך געשטעלט אַרום אים און געפֿרעגט:

— „אויב דו ביסט אַ גרויסער דאָקטער, פֿאַרוואָס גייסטו אָפּגעריסן ווי אַ בעטלער?“

האָט ער געענטפֿערט: — „רויבערס האָבן מיך באַפֿאַלן אין וועג און האָבן צוגענומען מײַן פֿערד און מײַנע שיינע קליידער, אָבער מײַן קענטעניש האָבן זיי בײַ מיר ניט געקענט צונעמען.“

זײַנען געקומען צו אים קראַנקע, און דער באַרימטער דאָקטער האָט זיי געהיילט און זיי זײַנען געזונט געוואָרן.

ווען די עלטערן פֿון דעם פֿאַרשטאָרבענעם קינד האָבן דאָס דערהערט האָבן זיי געוויינט און געקלאָגט:

— „מיר האָבן אַליין אומגעבראַכט אונדזער קינד. ווען מיר וואָלטן ניט אַרויסגעטריבן דעם דאָקטער פֿון הויז, וואָלט אונדזער קינד אפֿשר נאָך געלעבט. איצט ווייסן מיר אַז מען טאָר ניט משפטן אַ מענטשן לויט זײַנע קליידער, נאָר לויט זײַן חכמה און קענטענישן.“

(אַגדה)

## וואָס באַטײַט?

1. משפטן (מישפּעטן) — to judge.
2. באַרימטער — famous.
3. רפֿואה (רעפֿוע), רפֿואות (רעפֿועס) — medicine.
4. אים איז אויסגעקומען — he happened to.
5. וואַלד — forest.
6. אָנפֿאַלן — to fall upon.
7. שמאַטע — rag.
8. גיין צו פֿוס — to go on foot, to walk.
9. געוויין — weeping.
10. באַדינער — servant.
11. דינסט — maid, servant.
12. היילן — to cure.
13. פֿאַרוואונדערונג — surprise.
14. שפּאָט — derision, mockery.
15. אָפּגעריסענער — ragged, tattered.
16. בעטלער — beggar.
17. איבערנעכטיקן — to pass the night.
18. קענטעניש — knowledge.
19. אומברענגען (אומגעבראַכט) — דאָ: — to kill.
20. חכמה (כאָכמע) — wisdom.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| משפטן | רפֿואה | רפֿואות | אפֿשר | חכמה |



# צו אַ נײַער וועלט

## א.

לואי דע־טאָרעס איז געשטאַנען אויפֿן דעק פֿון דער שיף „סאַנטאַ מאַריאַ" און געזונגען. קולות פֿון אויפֿגערעגטע מאַטראָסן האָבן מיט אַ מאָל איבערגעריסן דאָס געזאַנג. סאַנטשאָ, אַ פֿעסט געבויטער, גראָבער מאַטראָס, האָט געמורמלט:

— טײַערע געווירצן . . . אינדיע . . . דער נײַער וועג קיין אינדיע !

— וואַסער, וואַסער, וואַסער, — האָט גערעדט צו זיך מאַרקאָ, אַ צווייטער מאַטראָס, ציִענדיק די שטריק. — מען זעט גאָרניט, נאָר וואַסער און וואַסער. איך בין קראַנק, קראַנק און מיד . . .

— וואָס קלאָגט איר ?— האָט לואי דע־טאָרעס געפֿרעגט. — ווער אײַך דערפֿון לײַכטער ווערן ? און וואָס האָבן מיר דען צו פֿאַרלירן ? געווינען קענען מיר אַ גאַנצע וועלט . . .

— מיר וועלן אַלע פֿריִער אויסשטאַרבן, — האָט סאַנטשאָ ניט אָפּגעלאָזט דע־טאָרעסן. — זאָג מיר, דו ביסט דאָך אַ געלערנטער מענטש — גלייבסטו טאַקע קאָלומבוסן, אַז מיר וועלן אָנקומען קיין אינדיע ?

— יאָ, קאָלומבוס איז גערעכט, — האָט געענטפֿערט לואי דע־טאָרעס. — די ערד איז קײַלעכדיק און אונדזער וועג פֿירט קיין אינדיע.

קאָלומבוס, וואָס איז געזעסן איינער אַליין בײַ זיך, האָט דורך דער אָפֿענער טיר אונטערגעהערט דעם שמועס.

— לואי דע־טאָרעס ! — האָט קאָלומבוס אים גערופֿן.

לואי דע־טאָרעס האָט זיך אומגעדרייט און איז אַרײַן צו קאָלומבוסן.

— איך האָב געהערט דײַנע רייד, — האָט קאָלומבוס געזאָגט.

— איך בין צופֿרידן וואָס אויף מײַן שיף געפֿינען זיך אַזעלכע מענטשן ווי דו, וואָס פֿאַרלירן ניט אַזוי גרינג דעם מוט.

— איך דאַנק אײַך! — האָט געענטפֿערט דע־טאָרעס.

קאָלומבוס האָט ווײַטער גערעדט:

— דו האָסט באמת מוט. דו האָסט דעם מוט פֿון אַ מענטשן וואָס האָט גאָרניט וואָס צו פֿאַרלירן.

דע־טאָרעס האָט שווײַגנדיק געקוקט אויף קאָלומבוסן און ניט געענטפֿערט.

— דו האָסט דעם מוט פֿון אַ מאַראַן, — האָט קאָלומבוס זייער שטיל אַרויסגעזאָגט, קוקנדיק דע־טאָרעסן גלײַך אין די אויגן אַרײַן. לואי דע־טאָרעס האָט אַלץ געשוויגן.

— ביסטו אַ מאַראַן? — האָט קאָלומבוס אים געפֿרעגט.

— יאָ, איך בין אַ מאַראַן.

— איך האָב עס געוואוסט שוין פֿון לאַנג. אויפֿן ים דאַרפֿסטו קיין מורא ניט האָבן, דאָ זײַנען מיר אַלע מאַטראָסן. דאָ זײַנען ניטאָ קיין תּפֿיסות, דאָ איז ניטאָ די אינקוויזיציע.

— איך בעט נאָר צו גאָט, — האָט דע־טאָרעס גערעדט, — אַז מײַן פֿאָלק, וואָס איז פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון שפּאַניע, זאָל אויף דער גאַנצער ערד מער ניט דאַרפֿן שרעקן זיך פֿאַר דער אינ־קוויזיציע.

— דע־טאָרעס, וואָס האָט דיך געבראַכט צו מיר אויף דער שיף? — פֿרעגט קאָלומבוס.

— גאַנץ אײנפֿאַך. איר האָט געזוכט אַן איבערזעצער. און איך האָב ליב אַוואַנטורעס און האָב ניט מורא פֿאַר געפֿאַר.

— דו האָסט מיר געטרײַ געדינט און געבראַכט גרויס נוצן, דע־טאָרעס. איך האָף, אַז איך וועל דיך נאָך באַלוינען אַזוי ווי דו ביסט ווערט. און האָב קיין מורא ניט: קיינער וועט דײַן סוד זיך ניט דערוויסן.

קאָלומבוס האָט זיך ווידער גענומען צו זײַנע מאַפּעס און לואי דע־טאָרעס איז צוריק אַרויס אויפֿן דעק פֿון שיף.

## וואָס באַטיַיט ?

1. **אויפֿגערעגט** — בייז, angry. 2. **מאַטראָס** — sailor. 3. **איבער־רײַסן** (איבערגעריסן) — to interrupt. 4. **מורמלען** — to mutter. 5. **געווירץ** — spice. 6. **ציִען** — to tug. 7. **שטריק** — rope. 8. **קלאָגן** — to growl. 9. **גערעכט** — right. 10. **קײַלעכדיק** — round. 11. **אונטערהערן** — to overhear. 12. **שמועס** — conversation. 13. **אומדרייען זיך** — to turn. 14. **גרינג** — easily. 15. **מוט** — courage. 16. **באמת** (בעמעס) — really. 17. **מאַראַן** — Marrano. 18. **מורא** (מוירע) — שרעק, fear. 19. **תּפֿיסה** (טפֿיסע), **תּפֿיסות** (טפֿיסעס) — prison, prisons. 20. **פֿאַרטריבן** — driven. 21. **איבערזעצער** — interpreter. 22. **אַוואַנטורעס** — adventures. 23. **געפֿאַר** — danger. 24. **געטרײַ** — faithfully. 25. **דינען** — to serve. 26. **באַלוינען** — to reward. 27. **ווערט** — worth. 28. **סוד** (סאָד) — secret.

## ב.

די „סאַנטאַ מאַריִאַ" און צוויי שיפֿן הינטער איר האָבן זיך געטראָגן אַלץ ווײַטער און ווײַטער איבער אומבאַקאַנטע וואַסערן. שטורעמס האָבן זיי געטרייסלט, ווינטן האָבן זיי געשמיסן, און די הייסע זון האָט זיי געבאַקן. קאָלומבוס איז געזעסן איינער אַליין בײַ זיך, אַנגעבויגן איבער די מאַפּעס. טייל מאָל איז ער געשטאַנען מיט אַ פֿאַרזאָרגט פּנים און גערעדט מיטן פּילאָט. די מאַטראָסן אויף די שיפֿן זײַנען געווען בייז. זיי האָבן געבענקט נאָך לאַנד. שפּײַז איז געוואָרן אַלץ ווייניקער.

איין מאָל איז לואי דע־טאָרעס געשטאַנען אַ פֿאַרטראַכטער בײַם אַנלען און זײַנע אויגן האָבן געבלאַנדזשעט ווײַט פֿאָרויס.

פּלוצעם האָט אַ מאַטראָס אויף דער וואַך אויסגעשריִען:

— לאַנד!

אויף איין מאָמענט איז שטיל געוואָרן אויף די שיפֿן. אָבער באַלד האָבן זיך דערהערט פֿריילעכע שטימען:

— לאַנד! לאַנד!

די מאַטראָסן זײַנען געפֿאַלן איינער דעם אַנדערן אין די אָרעמס; זיי האָבן געוויינט פֿון פֿרייד ווי קינדער.

קאָלומבוס האָט באַפֿוילן צו פֿאַראַנקערן די שיפֿן און האָט גע־קוקט אין אַלע זײַטן. ערנסט האָט ער באַטראַכט די פּנימער פֿון אַלע זײַנע מענטשן און ענדלעך האָט ער אַ רוף געטאָן: „לואי דע־טאָרעס!"

לואי דע־טאָרעס האָט געשטעלט אַ טריט פֿאָרויס.

— לואי דע־טאָרעס, דײַן מוט און דײַן קענטעניש פֿון שפּראַכן װעלן איצט צו ניץ קומען. גײ אַראָפּ אויפֿן לאַנד, פֿאָרש עס אויס, געפֿין אויס אַלצדינג. זאָל ראָדריגאָ דע כערעז מיטגײן מיט דיר...

אין צװײען האָבן זײ זיך געלאָזט גײן; זײ זײַנען פֿאַרשװאונדן צװישן די ביימער, טיפֿער אין לאַנד.

פֿינף טעג זײַנען פֿאַרבײַ און מען האָט פֿון זײ ניט געהערט. אויף די שיפֿן האָט מען אָנגעהויבן רעדן, אַז מען װעט זײ דאַרפֿן גײן זוכן. טייל האָבן געטענהט, אַז ס׳איז שוין פֿאַרפֿאַלן, זײ זײַנען זיכער טויט. אָבער אויפֿן זעקסטן טאָג האָט לואי דע־טאָרעס מיט זײַן חבֿר זיך צוריק באַװיזן.

אַלע האָבן זײ אַרומגערינגלט און נײַגעריק זיך צוגעהערט צו די מעשׂיות װעגן די מאָדנע אומבאַקאַנטע מענטשן און זײערע מאָדנע פּירונגען. דע־טאָרעס האָט באַװיזן עטלעכע בלעטער, װאָס ער האָט געבראַכט מיט זיך.

— די אָרטיקע מענטשן, — האָט ער דערציילט, — װיקלען די בלעטער. איין עק שטעקן זײ אַרײַן אין מויל, דעם אַנדערן עק צינדן זײ אָן, און זײ בלאָזן אַרויס דעם רויך פֿון מויל.

די מאַטראָסן האָבן געקוקט פֿאַרגאַפֿט.

— זײ רופֿן די בלעטער טאַבאַק, — האָט לואי דע־טאָרעס הנאה געהאַט, קוקנדיק אויף די פֿאַרװאונדערטע פּנימער.

— און די מענטשן? זײַנען זײ געװען פֿרײַנדלעך צו אײַך? — האָט געפֿרעגט קאָלומבוס.

— יאָ, זײ האָבן אונדז פֿרײַנדלעך פֿאַרבעטן אין זײערע הײמען און האָבן אונדז געקושט די הענט און די פֿיס.

— איך בין צופֿרידן, — האָט געזאָגט קאָלומבוס, — אָבער מיר דאַרפֿן פֿאָרן װײַטער. דו, דע־טאָרעס, קענסט זיך אויסקלײַבן װאָסער באַלוינונג דו װילסט.

דע־טאָרעס האָט זיך פֿאַרקוקט אויפֿן אָקעאַן. אין דער װײַט האָבן זיך פֿאַר זײַנע אויגן פֿאַרבײַגעטראָגן שפּאַניע מיט אירע תּפֿיסות, זײַן פֿאָלק װאָס װערט געיאָגט און געפּלאָגט.

— איך װאָלט געװאָלט דאָ פֿאַרבלײַבן, — האָבן זײַנע ליפּן געשעפּטשעט, — דאָ אין לאַנד, װאו פֿרעמדע װערן אויפֿגענומען װי אײגענע, װי פֿרײַנד. דאָ װיל איך זײַן דער ערשטער מענטש פֿון דער װײַסער ראַסע.

קאָלומבוס האָט זיך פֿאַרטראַכט אויף א ווײַל, ניט געקענט באַשליסן, און דערנאָך געזאָגט צו דע־טאָרעסן:

— איך האָב דיך אַליין געהייסן אויסקלײַבן דײַן באַלוינונג. און כאָטש איך דאַרף דיך ווײַטער האָבן, מעגסטו פֿאַרבלײַבן דאָ אין לאַנד אויב דו ווילסט.

די דרײַ שיפֿן האָבן אַרויפֿגעצויגן די אַנקערס. פֿון דעק פֿון דער „סאַנטאַ מאַריאַ" האָט קאָלומבוס אַראָפּגעקוקט אויף לואי דע־טאָרעסן, וואָס איז געשטאַנען איינער אַליין אויפֿן ברעג אונטערן פֿרײַען הימל. לואי דע־טאָרעס האָט געטראַכט פֿון שפּאַניע, דעם לאַנד, וואָס ער האָט פֿאַרלאָזן.

— זעגלט אויף! — האָט קאָלומבוס באַפֿוילן די מאַטראָסן.

— זעגל אויף צו אַ נײַער וועלט, אָ, מײַן פֿאָלק! — האָט לואי דע־טאָרעס שטיל נאָכגעשעפּטשעט . . .

(דבֿורה פּעסין)

1. אומבאַקאַנטע — unknown. 2. טרייסלען — to toss. 3. שמײַסן (געשמיסן) — to whip. 4. אָנגעבויגן — bent. 5. פֿאַרזאָרגט — worried. 6. געבענקט — longed. 7. אָנלען — rail. 8. געבלאָנדזשעט — דאָ: to gaze in wonder. 9. באַפֿוילן — ordered. 10. פֿאַראַנקערן — to anchor. 11. קענטעניש — knowledge. 12. אויספֿאָרשן — to explore. 13. טענהן (טײַנען) — to argue. 14. פֿאַרשווינדן — to disappear. 15. זײַנען פֿאַרבײַ — passed. 16. אַרומרינגלען — to gather about. 17. נײַגעריק — curious. 18. מאָדנע — strange. 19. בלאַט, בלעטער — leaf, leaves. 20. אָרטיקע מענטשן — natives. 21. וויקלען — to roll. 22. אַרײַנשטעקן — to put. 23. אָנצינדן — to light. 24. אַרויסבלאָזן — to blow forth. 25. קוקן פֿאַרגאַפֿט — looked around. 26. הנאה (האַנאָע) האָבן — to enjoy. 27. פֿאַרוואונדערטע — surprised. 28. געיאָגט — דאָ: hunted. 29. געפּלאָגט — tortured. 30. שעפּטשען — to whisper. 31. באַשליסן — to decide. 32. כאָטש — though. 33. אַרויפֿגעצויגן — raised. 34. זעגלט אויף — sail on.

## פֿראַגעס:

1. אויף וואָס האָבן זיך באַקלאָגט די מאַטראָסן פֿון דער שיף „סאַנטאַ מאַריאַ"? 2. ווי האָט לואי דע־טאָרעס זיי געטרייסט? 3. פֿאַרוואָס איז קאָלומבוס געווען צופֿרידן מיט זײַנע רייד? 4. ווי האָט קאָלומבוס פֿאַרשטאַנען אַז דע־טאָרעס איז אַ מאַראַן? 5. אין וועלכע ווערטער פֿון דע־טאָרעסן ווערן אויסגעדריקט די האָפֿענונגען פֿון די געפּײַניקטע ייִדן און מאַראַנען? 6. פֿאַרוואָס האָט קאָלומבוס אויסגעקליבן דעם מאַראַן דע־טאָרעס, ער זאָל זײַן דער ערשטער אויף לאַנדן? 7. וואָס פֿאַר אַ נײַס האָט ער געבראַכט וועגן די אײַנוואוינערס? 8. וועלכע באַלוינונג האָט לואי דע־טאָרעס אויסגעקליבן פֿאַר זיך? 9. פּאַסט זיך דער נאָמען צו דער דערציילונג? 10. ווי אַנדערש וואָלט מען געקענט אָנרופֿן די מעשׂה?

# צוויי מאָל דער ערשטער

## א) דער ערשטער ייִד אין אַסעמבלי

פֿראַנסיס סאַלוואַדאָר איז פֿון לאָנדאָן געקומען קיין אַמעריקע זוכן גליקן. זעקס און צוואַנציק יאָר איז ער אַלט געווען, ווען די שיף האָט אים געבראַכט קיין טשאַרלסטאָן, סאַוט־קאַראָלײַנאַ. ער איז געווען הויך און שיין און געהאַט פֿײַנע מאַנירן. איז ער אַלעמען געפֿעלן געוואָרן. די בעסטע מענטשן פֿון סאַוט־קאַראָלײַנאַ זײַנען גאָר גיך געוואָרן זײַנע פֿרײַנד.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די אומרואיקע צײַט פֿון דער רעוואָלוציע, איז פֿראַנסיס סאַלוואַדאָר געוואָרן אַ הייסער פּאַטריאָט. ער איז נאָר איין יאָר געווען אין לאַנד, און דאָך האָט מען אים שוין גענוג געקענט און אים ליב געהאַט. ווען מען האָט געקליבן פֿאָר־שטייערס אין דער אַסעמבלי פֿון סאַוט־קאַראָלײַנאַ, האָט מען אים אויסגעקליבן אַהין. איז פֿראַנסיס סאַלוואַדאָר געווען דער ערשטער ייִד אין אַן אַסעמבלי דאָ אין לאַנד.

פֿראַנסיס סאַלוואַדאָר האָט קיין מאָל פֿון קיינעם נישט באַהאַלטן אַז ער איז אַ ייִד. „אונדזער ייִדישער פֿרײַנד“, אָדער „דער ייִדישער פּאַטריאָט“ — אַזוי האָט מען אים גערופֿן צווישן די וואָס האָבן אָנ־געהויבן דעם קאַמף פֿאַר פֿרײַהייט און אומאָפּהענגיקייט.

סאַלוואַדאָר האָט געבראַכט פֿון ענגלאַנד זײַן פֿרוי און די קינדער. ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין צײַט זיך צו פֿאַרנעמען מיט זײַן משפּחה און מיט זײַנע געשעפֿטן. זײַן גאַנצע צײַט און אַלע כּוחות האָט ער אָפּגעגעבן דער רעוואָלוציע, וואָס האָט געהאַלטן אין שאַפֿן די ערשטע דעמאָקראַטיע אין דער וועלט.

אין אַפּריל 1776 זײַנען ענגלישע קריגשיפֿן אָנגעקומען קיין טשאַרלסטאָן. זיי זײַנען געקומען העלפֿן די טאָריס דאָ אין לאַנד. און די טאָריס האָבן דערווײַל געשלאָסן אַ בונד מיט די אינדיאַנער, מיט די טשעראָקיס. די אינדיאַנער האָבן זיך דערפֿרייט וואָס זיי קענען איצט זיך אָפּרעכענען מיט די קאָלאָניסטן. די אינדיאַנער זײַנען געווען בייז אויף די קאָלאָניסטן וואָס האָבן זיי פֿאַרשטויסן אַלץ ווײַטער, ווײַטער פֿון ברעג, אַלץ טיפֿער און טיפֿער אין לאַנד.

די ענגלענדער האָבן געבראַכט געווער און בראָנפֿן פֿאַר די אינדיאַנער.

די קאָלאָניסטן זײַנען געווען צעוואָרפֿן. עס איז ניט געווען קיין פֿאַרבינדונג צווישן איין גרופּע און דער צווייטער, און יעדע גרופּע איז געווען אין גרויס געפֿאַר.

פֿראַנסיס סאַלוואַדאָר האָט צונויפֿגענומען בײַ זיך אין הויז די קאָלאָניסטן פֿון אַרום. ער אַליין האָט אויסגעקליבן דאָס פֿלינקסטע פֿערד זײַנס און געריטן צו מעידזשאָר וויליאַמסאָן, וואָס איז געווען באַשטימט צו ווערן דער פֿירער פֿון אַ גאַנצן באַטאַליאָן.

דער ייִדישער פּאַטריאָט האָט זיך געיאָגט איבער שטיינער, האָט זיך געטראָגן איבער פֿעלדער און איבער וועלדער. שוים האָט געשלאָגן פֿון פֿאַרמאַטערטן פֿערד. די שאַרפֿע אויגן פֿון די אינדיאַנער האָבן אים דערזען. מע יאָגט אים נאָך, מע שיסט. אָבער דער רײַטער טראָגט זיך אַלץ ווײַטער, אַלץ ווײַטער און ער ראַטעוועט זיך פֿון די פֿלינקע אינדיאַנער. אָט קומט ער מיט די לעצטע כּוחות צום הויז פֿון מעידזשאָר וויליאַמסאָן.

עס גייען אַוועק דרײַ וואָכן ביז מען קלײַבט אַלעמען צונויף, ביז מען האָט אַ באַטאַליאָן פֿון טויזנט מענטשן. פֿראַנסיס סאַלוואַדאָר ווייס דערווײַל נישט וואָס עס איז געשען מיט זײַן אייגענער משפּחה, מיט שכנים און פֿרײַנד. ער מוז אָבער וואַרטן ביז אַלץ איז גרייט.

ענדלעך קומט דער טאָג ווען מען פֿאָרט אַרויס צו פֿאַרטרײַבן די טאָריס און די אינדיאַנער.

ב) דער ערשטער וואָס איז געפֿאַלן פֿאַר דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע

פֿאָרויס פֿון באַטאַליאָן רײַטן מעידזשאָר וויליאַמסאָן און פֿראַנסיס סאַלוואַדאָר. מיט זיי רײַטן דרײַ הונדערט פּאַטריאָטן. מע דאַרף אַריבער אַ טײַך, אָנפֿאַלן אויף אַ פֿאָרט וואָס איז אין די הענט פֿון די טאָריס און די אינדיאַנער. עס קומט אויס דורכצורײַטן אַן אינדיאַנער דאָרף.

— „אפֿשר זאָלן מיר אויסמײַדן דאָס דאָרף? אפֿשר האָבן זיך דאָרטן באַהאַלטן די אינדיאַנער?" — פֿרעגט סאַלוואַדאָר.

— „דאָס דאָרף איז ליידיק", ענטפֿערט דער מעידזשאָר, — „אונדזערע אויסקוקערס האָבן קיינעם ניט געזען."

עס איז דערווײַל געוואָרן פֿינצטער. מען איז אָנגעקומען אין דאָרף. פֿון אַלע זײַטן האָט מען אָנגעהויבן צו שיסן. עס איז געפֿאַלן דאָס פֿערד פֿון דעם מעידזשאָר. פֿראַנסיס סאַלוואַדאָר האָט באַקומען דרײַ שווערע וואונדן. ער איז אַראָפּגעפֿאַלן פֿון פֿערד, אַרײַנגעפֿאַלן צווישן נידעריקע ביימלעך.

אין דער פֿינצטער האָט זיך צעפֿלאַקערט די שלאַכט. מיט שטערבלעכע וואונדן איז געלעגן דער ייִדישער העלד און געוואַרט אויף הילף. אָבער דערזען האָבן אים דרײַ אינדיאַנער. זיי האָבן אַראָפּגענומען פֿון אים דעם סקאַלפּ.

ער האָט געאָטעמט אין פּײַן. די טאָרים און די אינדיאַנער זײַנען פֿאַרטריבן. וויליאַמסאָן און זײַנע מענטשן זוכן סאַלוואַדאָרן. זיי געפֿינען אים אַ שטאַרבנדיקן, אַ סקאַלפּירטן. עס איז שוין שפּעט אים צו העלפֿן. דער מעידזשאָר בייגט זיך אַראָפּ צו אים, דריקט אים די האַנט וואָס ווערט שוין קאַלט.

— „וואָס קען איך טאָן פֿאַר אײַך, פֿאַר אײַער משפחה?" — פֿרעגט אים זײַן פֿרײַנד, דער מעידזשאָר.

— „האָבן מיר געוואונען? האָבן מיר פֿאַרטריבן דעם שונא?" — פֿרעגט דער שטאַרבנדיקער.

— „יאָ, יאָ, מיר האָבן געוואונען, מיר האָבן זיי פֿאַרטריבן!" — באַרואיקט מען אים.

אַ שוואַכער שמייכל באַווײַזט זיך אויפֿן פּנים וואָס איז פֿאַרגאָסן מיט בלוט, און די ליפּן זאָגן שטיל־שטיל:

— „און מיר וועלן געווינען, און מיר וועלן זײַן פֿרײַע מענטשן!"

אַזוי איז אויסגעגאַנגען דער העלדישער ייִד. ער איז ווידער געווען דער ערשטער — דער ערשטער ייִד וואָס איז געפֿאַלן פֿאַר דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע. (יודל מארק)






# די ייִדישע שול

ניט הויך איז דער בנין,
מיט רײַכקייט ניט פֿול —
דאָך לעבעדיק, פֿריילעך
די ייִדישע שול.

ווען אַנדערע שולן
שוין זײַנען פֿאַרמאַכט,
די ייִדישע שול ערשט
צום לעבן דערוואַכט.

מיט ליבע און פֿרייד,
מיט געזאַנג קומען דאָרט
קינדער זיך לערנען
דאָס ייִדישע וואָרט.

די אויגן, זיי קוקן
פֿאַרחלומט און קלוג
בײַ פּרץ־געשיכטן,
בײַ לידער פֿון פֿרוג.

בײַ ראָזנפֿעלד, ביאַליק
שטײַגט הויך דאָס געזאַנג,
ווי דורות מיט דורות
זיך טרעפֿן אין גאַנג.

בײַ שלום עליכם
צעוואַקסט זיך די פֿרייד,
עס פֿרישט און עס מונטערט
די ייִדישע רייד.

(לויט אַבֿרהם רייזען)



# מאַמעס האָבן ליב צו וויינען

### א.

עס איז געווען אַ ליכטיקער טאָג אָנהייב האַרבסט. די מאַמע האָט געפֿירט גיטעלען אין דער יידישער שול. גיטעלע האָט זיך געטוליעט צו דער מאַמען.

— מאַמע, וואָס וועל איך טאָן אין שול? וואָס וועל איך זאָגן?

— דו וועסט שוין זען, מײַן קינד. צום אַלעם ערשטן וועסטו זיך פֿאַרשרײַבן. דו וועסט זאָגן ווי דו הייסט, ווי אַלט דו ביסט און וואו דו וואוינסט.

— וועלכן נאָמען זאָל איך פֿאַרשרײַבן, דעם נאָמען פֿון סקול צי פֿון דער היים?

— דו וועסט זאָגן אַז דו הייסט גיטעלע. גיטל־רחל איז דײַן יידישער נאָמען. אַזוי האָבן געהייסן דײַנע צוויי באָבעס נאָך וועמען מען האָט דיר אַ נאָמען געגעבן.

גיטעלע האָט אויפֿגעהויבן די אויגן צו דער מאַמען און דערזען צוויי טרערן אין די ווינקלען פֿון דער מאַמעס טיף־שוואַרצע אויגן. די מאַמע האָט אויף גיך אָפּגעווישט די טרערן, געשמייכלט צו גיטעלען און זי צוגעטוליעט צו זיך.

### ב.

צום סוף פֿון דער ערשטער וואָך האָט גיטעלע אַהיים געבראַכט פֿון שול אַ יידישן העפֿט. די ערשטע פּאָר זײַטלעך אין העפֿט זײַנען

געווען פֿאַרשריבן מיט ניט־זיכערע אותיות. גיטעלע האָט אונטער־געטראָגן דעם העפֿט דער מאַמען און איבערגעלייענט פֿאַר איר עטלעכע ווערטער וואָס זײַנען דאָרט געווען געשריבן און אויך איר נאָמען נאָך די צוויי באָבעס: גיטל־רחל.

די מאַמע האָט איר אַ קוש געגעבן און זי אַרויסגעשיקט אין דרויסן זיך שפּילן. שפּעטער, ווען גיטעלע איז צוריק אַרײַנגעקומען אין שטוב, האָט זי געטראָפֿן די מאַמע ווי זי שטייט אָנגעשפּאַרט בײַם פֿענצטער און קוקט אויף די פֿאַרשריבענע זײַטלעך פֿון איר העפֿט. די מאַמע האָט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ. זי האָט באַגעגנט גיטעלען מיט איר שטענדיקן שמייכל. נאָר גיטעלע האָט דערקענט ווי די מאַמע האָט ווידער אויף גיך אָפּגעווישט צוויי טרערן אין די ווינקלען פֿון אירע אויגן.

גיטעלע איז יענע נאַכט געלעגן און געקוקט אין דער פֿינצטערניש פֿון איר צימער. זי האָט געהערט ווי אין קיך רעדן נאָך טאַטע און מאַמע בײַ אַ גלאָז טיי. נאָר גיטעלע האָט אַלץ געזען די מאַמע ווי זי שטייט בײַם פֿענצטער און קוקט אויף איר העפֿט, אויף דעם זײַטל וואו מיט ניט־זיכערע אותיות איז אָנגעשריבן איר יידישער נאָמען. זי האָט אַפֿילו געקענט זען די צוויי גלאַנציקע טרערן אין די ווינקלען פֿון דער מאַמעס אויגן. נאָר באַלד האָבן זיך די אותיות, מיט די טרערן, מיט דער מאַמעס אויגן אויסגעמישט איבער די שורות פֿון די געשריבענע זײַטלעך . . . און גיטעלע איז אײַנגעשלאָפֿן.

פֿון דעמאָלט אָן, אַז גיטעלע האָט זיך געדאַרפֿט דערמאָנען ווי אָנצושרײַבן איר נאָמען אויפֿן טאָוול אין שול, האָט זי אויף אַ רגע פֿאַרמאַכט די אייגעלעך און געזען ווי עס שטייען פֿאַר איר אין דער פֿינצטערניש פֿון שלאָפֿצימער, אײַנגעקריצט אין דער לופֿט, די ניט־זיכערע אותיות, אויסגעמישט מיט דער מאַמעס טרערן.

קיינער אויסער גיטעלען אַליין האָט ניט געוואוסט פֿאַרוואָס זי האָט ליב צו פֿאַרמאַכן די אייגעלעך אויף אַ רגע איידער זי דאַרף אָנשרײַבן איר נאָמען און פֿאַרוואָס זי שמייכלט ווען זי עפֿנט צוריק אויף די אייגעלעך. אַפֿילו איצט, ווען זי איז שוין אין דריטן קלאַס, און קאָן שוין גוט אויסלייגן די שווערסטע ווערטער, טוט זי אַזוי ווען עס קומט צום שרײַבן איר יידישן נאָמען.

## ג.

גיטעלע האָט צוויי געבוירן־טעג. איינער פֿאַלט אויס אַלע יאָר דעם זעלבן טאָג אין דעצעמבער, און דער אַנדערער, דער ייִדישער, פֿאַלט אויס דעם ערשטן טאָג חנוכּה. ווען דער לערער האָט גע־פֿרעגט גיטעלען בײַם פֿאַרשרײַבן זי אין שול, ווען זי איז געבוירן געוואָרן, האָט זי געענטפֿערט: דעם ערשטן טאָג חנוכּה. און אַזוי האָט טאַקע דער לערער פֿאַרשריבן אין ביכעלע וואו ער פֿאַר־שרײַבט די געבוירן־טעג פֿון אַלע קינדער פֿון דער שול. און אַזוי פֿײַערט גיטעלע איר געבוירן־טאָג צוויי מאָל, איינס נאָכן אַנדערן.

איר לערערין און אירע קלאַס־חבֿרטעס אין דער ענגלישער שול באַגריסן זי און גיבן איר מתּנות צו איר געבוירן־טאָג וואָס פֿאַלט אויס אין דעצעמבער, יעדער יאָר אין דעם זעלבן טאָג, און אין דער ייִדישער שול גיט איר דער לערער אַ ייִדיש ביכעלע אַ מתּנה צו איר געבוירן־טאָג דעם ערשטן טאָג חנוכּה.

גיטעלע איז אַלט געוואָרן צען יאָר. די מאַמע האָט פֿאַר גיטעלעס קלאַס אָפּגעבאַקן אַ האָניק־קוכן און געקויפֿט צוקערקעס און ניס. זי האָט דאָס געבראַכט אין שול אַרײַן פּונקט דעמאָלט ווען דער קלאַס האָט זיך אויסגעזעצט אויף די ערטער. דער לערער האָט געזאָגט אַז אַזוי ווי הײַנט איז חנוכּה, וועט מען שוין הײַנט ניט לערנען, נאָר זינגען און פֿאַרברענגען אין צווייען, אי צוליב גיטעלעס געבוירן־טאָג, אי צוליב דעם ערשטן טאָג חנוכּה.

די קינדער האָבן זיך שטאַרק געפֿרייט. די מאַמע האָט זיי אַלעמען געגעבן אויף טעלערלעך שטיקלעך קוכן, צוקערקעס מיט ניס, און די קינדער האָבן אויסגעזונגען אַלע שול־לידלעך וואָס זיי האָבן געקענט. דערנאָך האָט דער לערער געגעבן גיטעלען אַ מתּנה אַ ביכעלע מיט רויטע טאָװלען און געזאָגט:

— אַזוי ווי דײַן געבוירן־טאָג פֿאַלט אויס אום חנוכּה, וועל איך דיר געבן אַ מתּנה אַ חנוכּה־שפּיל מיטן נאָמען „חנוכּה־געלט“ פֿון שלום־עליכם.

גיטעלע האָט אויסגעשטרעקט דאָס הענטל צו נעמען די מתּנה וואָס דער לערער האָט איר דערלאַנגט . . . זי האָט קוים געקענט אַרויסזאָגן שטיל: — איך דאַנק דיר.

און זי האָט זיך גלײַך געכאַפּט, אַז זי האָט ניט ריכטיק געזאָגט, און האָט זיך פֿאַררייטלט. זי האָט געדאַרפֿט זאָגן: „איך דאַנק אײַך.“ דער לערער האָט איר געזאָגט:

— איצט דאַרפֿסטו אונדז געבן אַ מתּנה צו דײַן געבוירן־טאָג. לאָמיר זען צי קענסטו געפֿינען אין דײַן לייענבוך עפּעס געשריבן פֿון שלום־עליכמען און דאָס לייענען.

גיטעלע האָט אַ בלעטער געטאָן איר לייענבוך און אויפֿגעמישט אין מיטן ביכל. זי האָט זיך אויפֿגעשטעלט און גענומען לייענען:

„שאַט, מיר פֿאָרן קיין אַמעריקע! וואו איז אַמעריקע? ווייס איך ניט. איך ווייס נאָר אַז ס'איז ווײַט, מע דאַרף אַהין פֿאָרן און פֿאָרן אַזוי לאַנג, ביז מע קומט. און אַז מע קומט, איז פֿאַראַן אַ „קעסטל־גאַרטעל“. דאָרט, אין „קעסטל־גאַרטעל“ קוקט מען אײַך אין די אויגן. האָט איר געזונטע אויגן, איז גוט. אויב ניט, פֿאָרט, זײַט מוחל, צוריק. דאַכט זיך, איך האָב געזונטע אויגן . . . זעט איר, מיט מײַן מאַמען איז ניט פֿריילעך . . . ווער איז שולדיק? אַז טאָג און נאַכט וויינט זי.

איבער דיר וועלן מיר חלילה אַלע דאַרפֿן פֿאָרן צוריק.

אַזוי טענהט מיט איר מײַן ברודער עליע, און זי ענטפֿערט אים: נאַריש קינד וואָס דו ביסט! איך וויין דען? עס וויינט זיך אליין.“

דאָ האָט גיטעלע, אַליין, ווי פֿון זיך, געוואָרפֿן אַ בליק אויף איר מאַמען וואָס איז געזעסן בײַ דער זײַט. יאָ, געטראָפֿן! איר מאַמע ווישט אויך אַ ווינקל פֿון אַן אויג. נאָר ניט מיט אַן עק פֿון איר פֿאַרטעך ווי מאַטלס מאַמע ווישט די אויגן, נאָר מיט אַ שפּיץ פֿון אַ ווײַס, זײַדן טיכעלע.

מאַמעס האָבן ליב צו וויינען. (בערל סיגאַל)

## וואָס באַטײַט?

1. זיך געטוליעט — זיך געדריקט. 2. אותיות (אויסיעס) — characters, letters. 3. אָנגעשפּאַרט בײַם פֿענצטער — leaned against the window. 4. באַגעגנט — אויפֿגענומען. 5. שורות (שורעס) — lines. 6. אויף אַ רגע (רעגע) — אויף אַ ווײַלע. 7. אײַנגעקריצט — engraved. 8. אויסלייגן — שרײַבן, to spell. 9. זײַט מוחל (מויכל) — זײַט אַזוי גוט. 10. חלילה (כאָלילע) — דער אומגליק זאָל ניט טרעפֿן. 11. טענהט (טײַנעט) — רעדט.

## פֿראַגעס:

**א.** 1. וואוהין איז גיטעלע געגאַנגען מיט איר מאַמען? 2. וועגן וואָס האָבן מאַמע און טאָכטער גערעדט? 3. נאָך וועמען איז גיטעלע אַ נאָמען? 4. פֿאַרוואָס האָט גיטעלעס מאַמע געהאַט אַ טרער אין די אויגן?

**ב.** 5. וואָס פֿאַר אַ ווערטער האָט זיך דאָס מיידעלע געלערנט שרײַבן? 6. ווי האָט די מאַמע אויפֿגענומען איר קינדס ערשטן פּרואוו? 7. וואָס האָט גיטעלע געזען שפּעטער ווען זי האָט זיך אומגעקערט אַהיים? 8. פֿאַרוואָס האָט דאָס גיטעלע קיין מאָל ניט געקענט פֿאַרגעסן? 9. וואָס טוט אַלע מאָל דאָס מיידעלע ווען זי דאַרף אָנשרײַבן איר נאָמען?

**ג.** 10. וועלכע צוויי געבוירן־טעג האָט גיטעלע? 11. ווי האָבן די קינדער געפֿײַערט גיטעלעס געבוירן־טאָג אין דער ייִדישער שול? 12. וואָס פֿאַר אַ מתּנה האָט דער לערער געגעבן גיטעלען? 13. וואָס האָט גיטעלע געלייענט פֿאַר די קינדער? 14. וואָס האָט גיטעלע דערזען ווען זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דער מאַמען? 15. פֿאַרוואָס האָט די מאַמע געהאַט אַ טרער אין די אויגן?

## צום נײַעם לערניאָר

אין גאָלד־רויטע בלעטער
סעפּטעמבער מאַרשירט.
וועגענער פֿולע
מיט אויפּסן ער פֿירט.

און ברוינע קאַשטאַנעס,
אין גאַנצן אומזיסט,
קײַקלען זיך יעדערן
אונטער די פֿיס.

איז נעמט, חבֿרה, גיכער
די ביכער אַרויס,
די העפֿטן, די פּענעס, —
דער זומער איז אויס!

געשפּילט זיך, געלאָפֿן,
געאַרבעט, גערוט.
איצט לאָמיר זיך לערנען,
און לערנען זיך גוט!

(י. מאַטלינסקי)



# משה גיך

פֿאַראַן בײַ אונדז אין שול אַ ייִנגל משה. רופֿט מען אים: משה גיך, משה ווינט, משה שנעלצוג.

די צונעמענישן האָט טאַקע משה געקראָגן פֿון די חבֿרים אין שול, ווײַל ער אײַלט זיך און האָט קיין מאָל נישט קיין צײַט.

משה איז שוין צען יאָר אַלט, אָבער ווען איר קוקט אים אָן, וואָלט איר געזאָגט, אַז ער איז נאָך אַפֿילו ניט אַלט קיין זיבן.

— פֿאַרוואָס?

— ער וואַקסט נישט.

פֿרעגט מען אים:

— משה, דו וואַקסט דאָך גאָרנישט?

— איך האָב נישט קיין צײַט — זאָגט ער.

*****

משה האָט אַ שוועסטער שרה, איז זי עלטער פֿאַר אים מיט צוויי יאָר, און אַז ער קריגט זיך מיט איר, שרעקט ער זי נאָר, אַז ער וועט זי אַריבעריאָגן אין די יאָרן.

— וועסט זען — זאָגט ער — אַז איך וועל זיך געבן אַן אײַל צו, וועל איך זײַן דער עלטערער און דו די ייִנגערע . . .

— ווי אַזוי?

— איך הייס משה גיך, איך קען אין איין יאָר אָניאָגן דרײַ . . .

משה איז טאַקע אַ גיכער, משה איז טאַקע אַ ווינט; ער רעדט גיך, עסט גיך, לערנט גיך, שלאָפֿט גיך און לייענט גיך.

*****

אַנומלט, שטייט משה אויף באַגינען, פֿרעגט מען אים:

— וואָס אַזוי פֿרי?

— איך אײַל זיך, איך וויל נישט פֿאַרשפּעטיקן אין שול.

משה טוט זיך אָן גיך, גיך און פֿאַרבײַט די שיך: טוט אָן דעם רעכטן שוך אויפֿן לינקן פֿוס, דעם לינקן שוך אויף דעם רעכטן פֿוס, דאָס רעקל אויף דער לינקער זײַט.

— משה — זאָגט די מאַמע — זע נאָר ווי אַזוי דו האָסט אָנגעטאָן די שיך.

— לאָז שוין זײַן — זאָגט ער — הײַנט אַזוי, איך אײַל זיך . . .
פֿאַרשטייט זיך, אַז די מאַמע לאָזט אים נישט אָפּ און ער מוז איבערבײַטן די שיך, איבערדרייען דאָס רעקל, צי די בלוזע, און ער שרײַט:
— כ'על שוין הײַנט פֿאַרשפּעטיקן אין שול!
מיטן וואַשן איז ווידער דאָס זעלבע: משה טוט אַ נעץ אײַן איין באַק און זאָגט:
— שוין, אָפּגעוואַשן.
— ווען וועסטו וואַשן די אַנדערע באַק? — פֿרעגט אים די מאַמע.
— שפּעטער. איך האָב קיין צײַט ניט . . .
משה מוז זיך גוט אַרומוואַשן און אויך זיך רייניקן די ציין, אָפּפּוצן די מלבושים, די שיך און ער אײַלט זיך און זאָגט:
— מאַמע, אפֿשר וועט זײַן גענוג אָפּצופּוצן דערווײַל איין שוך?
— און מיטן צווייטן וואָס וועט זײַן?
— דעם צווייטן וועל איך אָפּפּוצן מאָרגן.
די מאַמע לאַכט.
— מאָרגן וועסטו פּוצן נאָך אַ מאָל . . .
פֿון אײַלעניש קומט קיין גוטס נישט אַרויס און פּונקט דעמאָלט, ווען משה שטייט אויף פֿרי, פֿאַרשפּעטיקט ער ערשט רעכט אין שול.
— ווי אַזוי?
— אַזוי ווי ער אײַלט זיך, לויפֿט ער אַוועק אָן די העפֿטן און מוז זיך אומקערן צוריק אַהיים און ווען ער נעמט שוין די העפֿטן און לויפֿט גיך, גיך אין שול אַרײַן, דערמאָנט ער זיך, אַז ער האָט פֿאַרגעסן די פֿעדער. לויפֿט ער שוין צוריק נאָך דער פֿעדער, פֿאַרגעסט ער דערווײַל דאָס ביכל.
פֿאַרשטייט זיך, אַז משה קומט אין שול אַרײַן שוין אין מיטן דער לעקציע און ווען דער לערער פֿרעגט אים, פֿאַרוואָס ער האָט פֿאַרשפּעטיקט, זאָגט ער:
— כ'האָב זיך געאײַלט . . .
— אַז דו האָסט זיך געאײַלט, האָסטו דאָך געדאַרפֿט קומען פֿריִער ווי אַלע?
משה שווײַגט, משה שעמט זיך צו דערציילן, וואָס עס האָט מיט אים פּאַסירט און אַלע קינדער לאַכן פֿון אים.

(ליטמאַן)




# ייִדיש לשון

ייִדיש לשון, פּשוט לשון
פֿון די טאַטע־מאַמעס,
ביסט דאָך מלא חן אַזוי
ווי בלימעלעך אין תּמוז!

ייִדיש לשון, האַרציק לשון
פֿון מיליאָנען ברידער!
מאַמעס, באָבעס האָבן אונדז
געזונגען שיינע לידער.

זיידעס האָבן מעשׂהלעך,
אויף ייִדיש אונדז געגעבן, —
ייִדיש לשון, מאַמע־לשון,
פֿרייד פֿון אונדזער לעבן!

(א. שינדלער)



יואל לעוויט — די ערשטע טריט




## פֿרײַטיק־צו־נאַכט

די זון פֿאַרגייט — ס׳ווערט פֿינצטערלעך,
דער טאַטע גייט אין שול אַוועק,
די מאַמע אײַלט — ס׳איז שפעטלעך שוין —
און שטעלט זיך בענטשן ליכט.
זי צינדט זיי אָן אַ רואיקע,
מיט פֿרומער שטילער ערנסטקייט —
די ווײַסע הענט, די אידעלע,
פֿאַרשטעלן איר געזיכט.

די ליפן קוים באַוועגן זיך,
נאָר ווערטער הייסע גיסן זיך —
זי בעט פֿאַר מאַן און קינדערלעך
אַ גוטן מזל אויס...
ס׳איז אַ מינוט אַ הייליקע,
אַ שיינע, אַ דערהויבענע!
מיט שבתדיקער רואיקייט
ווערט פֿול דאָס גאַנצע הויז.

(נחום יוד)



# יוסף דער שבת־היטער

## א.



ײַ אַ רײַכן פּריץ האָט אַמאָל געוואוינט אַן אָרעמער ייִד יוסף. ער האָט געאַרבעט אין די פֿעלדער, סעדער און ווײַנגערטנער פֿון דעם פּריץ. דער פּריץ איז געווען אַ שלעכטער — און האָט יוספֿן גענייט צו טאָן די שווערסטע אַרבעט פֿון פֿרימאָרגן ביז בײַנאַכט, און פֿלעגט אים נאָך אָפּנאַרן בײַם באַצאָלן.

אָט דער אָרעמער ייִד האָט געטרײַ אָפּגעהיט שבת. אַ גאַנצע וואָך פֿלעגט יוסף און זײַן הויזגעזינד עסן נאָר ברויט מיט וואַסער, אָבער אויף שבת פֿלעגט ער אָנגרייטן פֿאַר דעם לעצטן גראָשן פֿיש און פֿלייש און זיך איבערטאָן אין שיינע קליידער. און דער־פֿאַר האָבן אים אַלע, ווער עס האָט אים געקענט, טאַקע אַ נאָמען געגעבן: יוסף דער שבת־היטער.

יוסף האָט זײַן באַלעבאָס געטרײַ געדינט, און דער פּריץ איז פֿון טאָג צו טאָג רײַכער געוואָרן.

## ב.

איין מאָל חלומט זיך דעם פּריץ אַ חלום, אַז אַן אַלטער מאַן מיט אַ גרײַז־גרויער באָרד, אָנגעטאָן אין אַ ווײַסן מאַנטל, איז אַרײַן אין זײַן פּאַלאַץ.

דער אַלטער האָט זיך גענומען בייזערן אויף אים דערפֿאַר, וואָס ער נייט יוספֿן אַזוי שווער צו אַרבעטן, און צום סוף האָט ער געזאָגט: „דײַן גאַנץ האָב־און־גוטס האָט דיר יוסף אַרײַנגעבראַכט, צו אים וועט דאָס מיט דער צײַט געהערן.“

דער פּריץ האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף אַ צעשראָקענער: „ווי זאָל איך אָפּראַטעווען מײַן גוטס פֿון דעם ייִדנס הענט?“ — האָט ער לאַנג געקלערט. און צום סוף האָט ער באַשלאָסן: איך וועל פֿאַרקויפֿן אַלע מײַנע גיטער, מײַנע פֿעלדער און וועלדער און פֿאַר דעם געלט וועל איך קויפֿן אַ טײַערן איידלשטיין, און דעם שטיין וועל איך שוין קענען אויסהיטן פֿון דעם ייִדנס הענט.

געזאָגט און געטאָן. ער האָט זײַן גאַנץ אייגנס געמאַכט צו געלט, און פֿאַר דעם געלט האָט ער געקויפֿט אַ זייער טײַערן דימענט און אים אײַנגענייט אין זײַן היטל.

— איצט וועט שוין יוסף אַ ביסל וואַרטן, ביז ער וועט קומען צו מײַן גוטס! — האָט זיך דער פּריץ געטראַכט אין האַרצן.

## ג.

איין מאָל איז דער פּריץ געגאַנגען איבער אַ בריק. האָט אַ בלאָז געטאָן אַ שטאַרקער ווינט, האָט אים אָפּגעריסן דאָס היטל פֿון קאָפּ און פֿאַרטראָגן אין טײַך אַרײַן. איז געקומען צו שווימען אַ גרויסער פֿיש און אײַנגעשלונגען דעם טײַערן שטיין. איז גע־קומען אַ פֿישער צום טײַך און האָט דעם פֿיש געכאַפּט. דער פֿישער האָט דעם פֿיש געבראַכט אין שטאָט אַרײַן צו פֿאַרקויפֿן, נאָר קיינער האָט אים ניט געוואָלט קויפֿן, ווײַל דער פֿישער האָט געבעטן פֿאַר אים אַ הויכן פּרײַז.

טראַכט זיך דער פֿישער: — איך וועל אָקאָרשט אַרײַנגיין צו יוספֿן. אָט דער אָרעמאַן קאַרגט ניט קיין געלט אויף פֿיש אויף שבת.

יוסף האָט געקויפֿט דעם פֿיש. אַז מען האָט דעם פֿיש געמאַכט אויף שבת האָט מען אין אים געפֿונען דעם דימענט.

נאָך שבת האָט יוסף פֿאַרקויפֿט דעם טײַערן שטיין און איז געוואָרן אַ גרויסער גבֿיר.

(פֿאָלקס־מעשׂה)

## וואָס באַטײַט?

1. פּריץ (פּאָרעץ) — nobleman. 2. סעדער — orchards. 3. ווײַנ־גערטנער — vineyards. 4. חלומט (כאָלעמט) — dreams. 5. חלום (כאָלעם) — dream. 6. גרײַז־גרוי — שטאַרק גרוי. 7. מאַנטל — overcoat. 8. האָב־און־גוטס — פֿאַרמעגן, אַלץ וואָס אַ מענטש האָט. 9. גיטער — estates. 10. וועלדער — forests. 11. איידלשטיין — טײַערער שטיין. 12. אייגנס — דאָס וואָס מען האָט. 13. קאַרגט ניט — spends freely. 14. דימענט — diamond. 15. גבֿיר (גוויר) — רײַכער מענטש.

| | | | |
|---|---|---|---|
| פּריץ | חלומט | חלום | גבֿיר |

## פֿראַגעס:

1. ווער איז געווען יוסף? 2. פֿון וואָס האָט ער געלעבט? 3. ווי האָבן אַלע גערופֿן יוספֿן? 4. פֿאַרוואָס האָט מען אים אַזוי גערופֿן? 5. וואָס האָט זיך דעם פּריץ איין מאָל געחלומט? 6. וואָס האָט דער שלעכטער פּריץ געטאָן? 7. וואָס האָט ער געטראַכט אין האַרצן? 8. וואָס האָט מיטן פּריץ איין מאָל געטראָפֿן? 9. ווי איז יוסף געוואָרן אַ גרויסער גביר?

געפֿינט די שטעל: 1) וואָס דערציילט וועגן יוספֿס שווער לעבן, 2) וואָס באַווײַזט די שלעכטקייט פֿון דעם פּריץ, 3) וואָס דערקלערט פֿאַר־וואָס דער פֿישער איז אַוועק צו יוספֿן.

# אַ מעשׂה מיט אַ מטבע

## א.

איין מאָל אין אַ פֿרײַטיק־צו־נאַכט איז אַן אָרעמער ייִד געגאַנגען אַהיים פֿון שול. אויפֿן וועג דערזעט ער — עס ליגט אַ מטבע.

דער ייִד האָט זיך שטאַרק דערפֿרייט. באַלד אָבער האָט ער זיך געכאַפּט אַז עס איז דאָך שבת, און שבת טאָר מען ניט טראָגן קיין געלט.

— מײַן מזל! — האָט דער ייִד זיך באַקלאָגט, — ווען איך געפֿין אָבער די מטבע אַ ביסל פֿריִער, וואָלט איך דאָך פֿאַר איר געקענט קויפֿן ווײַן אויף שבת אָדער אַ שיינע ווײַסע חלה.

***

מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ האָט זיך דער ייִד געלאָזט גיין אַהיים מקבל שבת זײַן אָן ווײַן, אָן אַ חלה און אָן די אַנדערע גוטע שבתדיקע זאַכן.

שבת אין דער פֿרי, אויפֿן וועג אין שול אַרײַן, טראַכט דער ייִד:

מע דאַרף אַ קוק טאָן צי די מטבע ליגט נאָך דאָרט וואו זי איז געלעגן נעכטן.

אין האַרצן האָפֿט ער אַז קיינער האָט זי ניט אויפֿגעהויבן. ער קומט צו צום פּלאַץ און . . . וואונדער איבער וואונדער! אַנשטאָט דער קופּערנער מטבע, וואָס ער האָט נעכטן איבערגעלאָזט, ליגט אַ זילבערנע.

— דאָס הייסט אַ מזל! — רעדט דער אָרעמאַן צו זיך אַליין. — אַ זילבערנע מטבע! וואָס וואָלט איך נאָר געקענט קויפֿן פֿאַר איר!

אָבער גלײַך כאַפּט ער זיך צוריק:

— אפֿשר וויל גאָט מיך אויספּרואוון? ווער ווייס?

האָט ער פֿאַררוקט די הענט טיף אין די קעשענעס און גייט אַוועק אין שול אַרײַן.

***

נאָכן דאַווענען לאָזט זיך דער ייִד גיין אַהיים. ער איז זיכער אַז די מטבע איז שוין דאָרטן ניטאָ.

— נאָך אַלעמען, — טראַכט ער, — אַזוי פֿיל מענטשן זײַנען דורכגעגאַנגען. זיי האָבן זיכער דערזען די מטבע ... און צוריק גערעדט, אפֿשר ניין ... איך וועל בלויז אַ קוק טאָן, צי איז עס טאַקע אויף אַן אמתן געווען אַ זילבערנע מטבע ... און אויב זי איז שוין דאָרטן מער ניטאָ, וועל איך וויניקסטנס זיך באַפֿרײַען פֿון זינדיקע מחשבֿות.

ער קומט צו צום פּלאַץ. יאָ, די מטבע ליגט נאָך. אָבער ... וואָס טוט זיך דאָ?! וואונדער איבער וואונדער! אַנשטאָט דער קופּערנער מטבע פֿון נעכטן און אַנשטאָט דער זילבערנער מטבע פֿון אין דער פֿרי — ליגט גאָר אַ גאָלדענע מטבע!

— וואָס פֿאַר אַ כּישוף ליגט דאָ? — קוקט ער און קען זיך ניט אָפּחידושן. אין זײַן געדאַנק זעט ער די אַלע גוטע זאַכן וואָס ער וואָלט געקענט קויפֿן פֿאַר דער מטבע — ווײַסע חלה, ווײַן, אַ הערינג און נאָך, און נאָך זאַכן פֿאַר אַן אמתן עונג שבת. ער בייגט זיך אײַן אויפֿצוהייבן די מטבע — און גלײַכט זיך אָבער באַלד אויס. ער בייגט זיך אײַן אַ צווייט מאָל און האַלט שוין כּמעט די מטבע אין זײַנע פֿינגער. אָבער — ס'איז דאָך שבת! און דער אָרעמאַן גייט אַהיים מיט ליידיקע הענט.

1. מעשׂה (מײַסע) — story. 2. מטבע (מאַטבייע) — coin.
3. פֿרײַטיק־צו־נאַכט — Friday evening. 4. געכאַפּט זיך — reminded himself.
5. מזל (מאַזל) — luck. 6. באַקלאָגן זיך — to lament.

.bowed head — אראפגעלאזטער קאפ .8 .(כאלע) חלה .7 .to complain
9. מקבל שבת (מעקאבל שאבעס) זיין — אויפנעמען דעם שבת, באַ־ געגענען דעם שבת מיט דער געהעריקער צערעמאָניע. 10. קופער — .reminds himself immediately — גלייך כאַפּט ער זיך צוריק .11 .copper
12. אויספּרוּאוון — to try out .13 פאַררוקן — דאָ : אַריינשטעקן, בלויז .15 .on the other hand — : צוריק געגעדט — דאָ .14 .to stick in
— נאָר. 16. טאַקע — indeed, really .17 אויף אָן אמתן — in reality.
18. ווייניקסטנס — at least .19 זינדיקע מחשבות (מאַכשאָוועס) — אַפּחידושן זיך — זיך .21 magic — (קישעף) כישוף .20 .sinful thoughts
אָפּוואונדערן — to stop wondering .22 גערדאַנק — thought. דאָ :
.pleasure of the Sabbath — (אוינעג שאַבעס) עונג שבת .23 .imagination
24. איינבייגן זיך — to bend .25 אויסגלייכן זיך — to stand up straight.
26. כמעט (קימאַט) — almost, nearly.

# ב.

ביַיטאָג גייט דער אָרעמאַן אין שול אַריַין שוין מיט אַן אַנדער וועג.

— ווער וויס, — טראַכט ער זיך, — צי איך וועל זיַין שטאַרק גענוג ביַיצושטיין דעם נסיון? די קראָמען וועלן זיך באַלד עפֿענען און די ריחות פֿון די אַלע גוטע זאַכן וועלן זיך צעטראָגן איבערן מאַרק . . . דער יצר־הרע קען מיך נאָך איבעררעדן און איך וועל באַגיין אַן עבֿירה.

דער יצר־הרע איז אָבער שטאַרקער.

— ווער הייסט דיר דען אויפֿהייבן די מטבע מיט די הענט? — טענהט דער יצר־הרע איַין מיט דעם אָרעמאַן, — וועסט זי בלויז אַ רוק טאָן אין אַ זיַיט מיטן פֿוס, אַזוי אַז קיינער זאָל זי ניט געפֿינען, אָדער גאָר פֿאַרדעקן מיט אַ שטיין.

דער אָרעמאַן קומט צו צום פּלאַץ, וואו ער האָט איבער־געלאָזט די גאָלדענע מטבע. ער וועט נאָר אַ קוק טאָן . . . קוקן איז דאָך ניט קיין עבֿירה . . . אָבער וואונדער איבער וואונדער! אַנשטאָט איין איינציקער מטבע ליגט פֿאַר איבן אַ קופּע גאָלדענע מטבעות.

ער קען ממש די אייגענע אויגן ניט גלייבן. און דאָס מאָל קען ער זיך קוים צוריקהאַלטן. ער וואָלט דאָך געהאַט גענוג אויף דריַי אָדער פֿיר וואָכן צו לעבן . . . און איצט דאַרף ער גיין אַהיים, וואו עס איז אַפֿילו קיין אָרעמער מאַלציַיט נישטאָ.

עך בייגט זיך אײַן, אָבער גלײַך לויפֿט אים דורך אַ געדאַנק:

יאָ, דאָס איז אַ שפּיצל פֿון שׂטן! דער שׂטן וויל מיך אַראָפּפֿירן פֿון גלײַכן וועג! ווער דען אויב ניט דער שׂטן קען באַווײַזן אַזעלכע שטיק?

דערווײַל איז שוין געוואָרן שפּעט. ס'איז שוין צײַט צו דאַוונען מנחה.

## וואָס באַטײַט?

1. וועג — road. 2. בײַצושטיין — to resist. 3. נסיון (ניסאָיען) — temptation. 4. קראָם — store. 5. ריחות (רײַכעס) — odors. 6. גוטע זאַכן — דאָ — delicious food. 7. יצר־הרע (יעצער האָרע) — שלעכטער ווילן. 8. איבעררײדן — to persuade. 9. באַגיין אַן עבֿירה (אַווײרע) — to commit a sin. 10. אײַנטענהן (אײַנטײַנען) — to argue. 11. אַ רוק טאָן — push away. 12. גאָר — דאָ: — maybe. 13. פֿאַרדעקן — to cover. 14. קופּע — heap. 15. מטבעות (מאַטבייעס) — coins. 16. ממש (מאַמעש) — really. 17. קוים — hardly. 18. צוריקהאַלטן זיך — to control, to restrain oneself. 19. מאָלצײַט — meal. 20. שפּיצל, שטיק — trick. 21. שׂטן (סאָטן) — devil. 22. באַווײַזן — דאָ: טאָן. 23. מנחה (מינכע) — דאָס צווייטע מאָל דאַוונען אין פֿאַרלויף (during) פֿון טאָג.

## ג.

אָפּגעדאַוונט מנחה און מעריבֿ, גלוסט זיך דעם אָרעמאַן שוין אַפֿילו ניט אַ קוק צו טאָן אויף דעם שׂטנס שפּיצל.

— דעם גאַנצן טאָג זיך גערייצט מיט מיר, — טראַכט ער, — בלויז אַ פֿאַרבלענדעניש געווען! אָבער... וואָס קען שאַטן אַ קוק צו טאָן? ס'איז דאָך שוין אויס שבת...

ער קומט צו צום פּלאַץ, און ... וואונדער איבער וואונדער! עס פֿאַרכאַפּט אים ממש דער אָטעם!... פֿאַר זײַנע אויגן בלישטשעט אַ קופּע גאָלד.

ער שטאָפּט אָן זײַנע קעשענעס מיט גאָלד. ער לאָזט זיך צו דער נאָענטסטער קראָם און קויפֿט אײַן פֿאַר איין מטבע ווײַן אויף הבֿדלה, ברויט, הערינג און אַלץ וואָס אַ מענטש דאַרף צו דערהאַלטן די נשמה.

יענע נאַכט האָט מען בײַם אָרעמאַן אין שטוב געפּראַוועט אַ סעודה כּיד המלך און פֿון יענעם טאָג אָן האָט

**אים גאָרניט געפֿעלט. בײַ אים אין דער היים איז שבת תּמיד געווען שבת, און ער האָט שטענדיק באַגעגנט שבת ווי אַ חתן באַגעגנט זײַן כּלה.**

(ש. י. עגנון)

## וואָס באַטײַט ?

1. **מעריבֿ** (מײַריוו) — דאָס דריטע מאָל דאַוונען אין פֿאַרלויף פֿון טאָג, ווען עס איז שוין אָוונט. 2. **גלוסטן** — ווע‍לן. 3. **רייצן זיך** — to tease. 4. **פֿאַרבלענדעניש** — mirage. 5. **שאַטן** — to harm. 6. **עס פֿאַרכאַפּט אים ממש** (מאַמעש) **דער אָטעם** — he truly becomes breathless. 7. **בלישטשען** — to shine, glitter. 8. **אָנשטאָפּן** — to fill. 9. **הבֿדלה** (האַוודאָלע) — דאָס געבעט (prayer) איבער ווײַן, אָדער אַן אַנדער געטראַנק (beverage) וואָס זאָגט אָן אַז דער שבת אָדער דער יום־טובֿ איז שוין אַוועק און די וואָכעדיקע טעג הייבן זיך אָן. 10. **פּראַווען** — דאָ: to partake of. 11. **סעודה** — אַ רײַכער מאָלצײַט, feast, meal. 12. **כּיד המלך** (קע־יאַד האַמײלעך) — ווי בײַ אַ קיניג. 13. **תּמיד** (טאָמיד) — שטענדיק, אַלע מאָל, always. 14. **באַגעגענען** — דאָ: — to welcome. 15. **חתן** (כאָסן) — bridegroom. 16. **כּלה** (קאַלע) — bride.

## פֿראַגעס :

1. וואָס האָט געטראָפֿן מיטן אָרעמען ייִדן ווען ער איז פֿרײַטיק־צו־נאַכטס געגאַנגען אַהיים פֿון שול ? 2. פֿאַרוואָס האָט זיך דער ייִד באַקלאָגט אויף זײַן מזל ? 3. וואָס האָט דער ייִד געטראַכט שבת אין דער פֿרי אויפֿן וועג אין שול ? 4. ווי האָט דער אייבערשטער באַלוינט זײַן פֿרומקייט ? 5. וואָס איז געשען שבת נאָכן דאַוונען ? 6. ווי האָט דער ייִד באַוויזן זײַן שטאַרקן גלויבן ? 7. וואָס האָט דער ייִד געטאָן נאָך דעם ווי ער האָט אָפּגעדאַוונט מנחה און מעריבֿ ? 8. וואָס איז געווען זײַן פֿולע באַלוינונג ? 9. וואָס איז דער שענסטער טייל פֿון דער מעשׂה ? דער טרויעריקסטער ? דער פֿריילעכסטער ? 10. וואָס איז דער יצר הרע און וואָס איז דער יצר טובֿ ?



# דער פירשט און דער ייִד

## א.

מיט יאָרן צוריק האָט אין האַג, דער הויפטשטאָט פון האָלאַנד, געוואוינט אַ רײַכער און פרומער ייִד. ער איז געווען אַ גרויסער סוחר פון טעפּעכער.

איין מאָל איז דער ייִד פרײַטיק-צו-נאַכט געזעסן מיט זײַן פאַמיליע בײַם טיש און געגעסן דעם שבתדיקן מאָלצײַט. פלוצעם האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר, און עס איז אַרײַנגעקומען אַ שליח פון פירשט.

— זײַט מוחל, — האָט דער שליח געזאָגט, — הײַנט אָוונט האָט דער פירשט פאַרבעטן צו זיך אין פּאַלאַץ זײַנע פרײַנד און אַ סך גרויסע לײַט פון לאַנד. וויל ער זיי געבן מתנות טעפּעכער, וואָס נאָר איר האָט צו פאַרקויפן. בעט דער פירשט איר זאָלט מיט די טעפּעכער גלײַך קומען צו אים אין פּאַלאַץ אַרײַן.

— הײַנט איז בײַ אונדז ייִדן שבת, — האָט דער ייִד געענטפערט.
— זאָל דער פירשט וואַרטן ביז מאָרגן אָוונט.

— וואָס איז דאָס פאַר אַן ענטפער? — זאָגט דער שליח. — איר הייסט וואַרטן ביז מאָרגן, ווען דער פירשט דאַרף די טעפּעכער האָבן הײַנט! —

— און איך קען ניט הײַנט, ס'איז שבת, — ענטפערט פעסט דער פרומער ייִד. — דער פירשט וועט מיר מוזן מוחל זײַן. —

## ב.

דער שליח איז אַוועק. אין אַ קורצער צײַט איז ער ווידער געקומען מיט אַ בריוו פון פירשט.

— איך דאַרף זייער נייטיק די טעפּעכער — האָט דער פירשט געשריבן. — איך קען זיי בײַ קיין אַנדערן ניט קריגן. בין איך גרייט דיר צו צאָלן צוויי מאָל אָדער אַפילו דרײַ מאָל אַזוי פיל וויפל זיי זײַנען ווערט. וועסטו אָבער פאַרבלײַבן פאַרעקשנט, וועט עס דיר קיין טובֿה ניט טאָן. באַרעכן גוט, וואָס דו טוסט...

דער ייִד האָט איבערגעלייענט דעם בריוו און געזאָגט דעם שליח:

— גיב איבער דעם פּירשט, אַז ער איז טאַקע אַ גרויסער האַר, אָבער עס איז דאָ נאָך אַ העכערער פֿון אים, וועמען איך מוז דינען און ער האָט מיר אָנגעזאָגט אַז מע מוז היטן שבת.

## ג.

שבת־צו־נאַכט האָט מען דעם ייִדן גערופֿן צום פּירשט אין פּאַלאַץ.

די פֿרוי און קינדער האָבן זיך זייער דערשראָקן. דער ייִד האָט זיך אָבער אָנגענומען מיט מוט און איז אַוועק אין פּאַלאַץ.

ווי פֿאַרוואונדערט איז ער געווען, ווען דער פּירשט איז אים אַרויס אַנטקעגן און אים זייער פֿרײַנדלעך באַגריסט.

— זײַ מיר מוחל, — האָט דער פּירשט געזאָגט, — וואָס איך האָב דיך גערופֿן שבת־צו־נאַכט.

— בײַ מיר — האָט דער פּירשט ווײַטער גערעדט — האָט פֿאַרבראַכט עטלעכע טעג מײַנער אַ גוטער פֿרײַנד. איין טאָג זאָגט צו מיר מײַן פֿרײַנד, אַז ער האָט ניט קיין צוטרוי צו ייִדן. זיי זוכן נאָר געלט, און צוליב געלט זײַנען זיי גרייט צו טאָן אַלץ. האָב איך אים אויסגעלאַכט און געזאָגט אַז זײַן מיינונג וועגן ייִדן איז אַ פֿאַלשע.

איז בײַ מיר געבליבן דיך אויסצופּרואוון. איך בין זייער צופֿרידן, וואָס דו ביסט בײַגעשטאַנען דעם נסיון און איך האָב געקענט באַווײַזן מײַן פֿרײַנד ווי אומגערעכט ער איז. בין איך גליקלעך, וואָס איך האָב מיך נישט אַנטוישט אין מײַן צוטרוי צו ייִדן.

דער פּירשט און דער ייִד זײַנען פֿון יעמאָלט אָן פֿאַרבליבן גוטע פֿרײַנד.

(פֿאָלקס־מעשׂה)

### וואָס באַטײַט?

1. פּירשט — duke. 2. סוחר (סויכער) — merchant. 3. טעפּעך — rug. 4. מאָלצײַט — meal. 5. שליח (שאַליאַך) — messenger. 6. זײַט מוחל (מויכל) — beg your pardon. 7. פֿאַרבעטן — to invite. 8. מתּנה (מאַטאָנע), מתּנות (מאַטאָנעם) — present, presents. 9. מוחל (מויכל) זײַן

— to forgive. 10. **פֿאַרעקשנט** (פֿאַראַקשנט) — persist in stubbornness.
11. **קיין טובֿה ניט טאָן** — דאָ: it won't do you any good. 12. **באַ־
רעכענען זיך** — to think over. 13. **מוט** — courage. 14. **צוטרוי** — confidence.
15. **גרייט זײַן** — to be ready. 16. **אויספּרוּאוון** — to try out. 17. **בײַ־
שטיין** — דאָ: to resist. 18. **נסיון** (ניסאָיען) — temptation. 19. **אַנטוישן**
— to disappoint.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| מתנות | מתנה | מוחל זײַן | שליח | סוחר |
| | נסיון | פֿאַרעקשנט | | |

## פֿראַגעס:

1. ווער איז איין מאָל אין אַ פֿרײַטיק־צו־נאַכט געקומען צום ייִדן? 2. וואָס האָט דער שליח פֿון פֿירשט געבעטן? 3. פֿאַרוואָס האָט אים דער ייִד אָפּגעזאָגט? 4. וואָס איז געשטאַנען אינעם בריוו וואָס דער פֿירשט האָט געשריבן? 5. לייען פֿאָר דעם ענטפֿער וואָס דער ייִד האָט דעם שליח געגעבן. 6. ווי האָט דער פֿירשט אויפֿגענומען דעם ייִדן שבת־צו־נאַכט? 7. פֿאַרוואָס האָט זיך דער ייִד אַזוי געוואונדערט? 8. וואָס האָט דער פֿירשט דערציילט דעם ייִדן? 9. פֿאַרוואָס איז דער פֿירשט געווען צופֿרידן וואָס דער ייִד איז בײַגעשטאַנען דעם נסיון? 10. ווי קען מען די מעשׂה אַנדערש אַ נאָמען געבן?






# מוטער און קינד

צַקדמות און נאָך איידער
עס קומט דעם קינדס געשטאַלט,
איז שוין דעם קינדס אַ שמייכל
אויף מאַמעס ליפּ צעשטראַלט.

ווען אַלע וועלדער פּענעץ,
און אַלע ימען טינט,
איז אַלץ ניט צו באַמאָלן
די וואונדער פון אַ קינד.

ווען אַלע הימלען פּאַרמעט,
און שרײַבער קינד און קייט,
איז אַלץ ניט צו באַשרײַבן
אַ מאַמעס טיפע פרייד.

טאָ לאָמיר אַלע זינגען
דאָס שענסטע ליד אַצינד,
אַ ליד פון פרייד און וואונדער
פאַר מאַמע און פאַר קינד.

(י. גויכבערג)





# מאַמעס



עס היטן די היימען,
אין גרויקייט געמאָלט —
די מאַמעס, די ליבע,
מיט הערצער ווי גאָלד.

אין שטענדיקער ענגשאַפט,
און אָפּט מאָל אין נויט, —
זיי וועקן זיך אויף שוין
ווי טאָג נאָר ער גרויט.

אַליין אויפגעשטאַנען
און קיינעם געוועקט;
מיט רירנדער מינע
אַ קינד צוגעדעקט.

האַ, זאָל עס נאָר שלאָפן
און זי וועט אַליין
דעם אָנבייסן גרייטן;
אין שפּייז־קרעמל גיין.

דאָס האַרץ פון דער מוטער
מיט ליבשאַפט איז פול;
דאָס קינד זאָל ניט הונגעריק
אַוועקגיין אין שול...

(אַבֿרהם רייזען)

# אַ מתנה דער מאַמען

## א.

חנהלע און הערשעלע זײַנען געווען שוועסטער און ברודער. הערשעלע איז געווען אַכט יאָר אַלט און חנהלע — פינף. זייער טאַטע־מאַמע האָבן זיך געזאָרגט פאַר זיי, אַז זיי זאָלן אויסוואַקסן גוטע קינדער און אַז זיי זאָל גאָרניט ניט פעלן.

ביידע קינדער, הערשעלע און חנהלע, האָבן זייערע עלטערן שטאַרק ליב געהאַט. דער טאַטע איז אַלע מאָל געווען אַזאַ גוטער און אַ פריילעכער. ער פלעגט אָפט ברענגען די קינדער שיינע מתנות. די מאַמע איז געווען זייער אַ „געלערנטע”. זי פלעגט הערשעלען העלפן צוגרייטן די

לעקציעס פון דער סקול. הערשעלע האָט געוואוסט, אַז די מאַמע קען גוט ענגליש, און אַז זי איז אין קאָלעדזש געגאַנגען.
איין מאָל האָבן זיך די קינדער דערוואוסט, אַז אין גיכן דאַרף זײַן דער מאַמעס געבוירן־טאָג.
עס איז אײַנגעפֿירט בײַ זיי אין הויז, אַז דער טאַטע פֿלעגט יענעם טאָג דער מאַמען קויפֿן אַ מתּנה און אין אָוונט האָט מען געפּראַוועט אַ שיינעם יום־טוב. הערשעלע האָט אין דער שטיל זיך צונויפֿגערעדט מיט זײַן שוועסטערל, אַז אויך זיי זאָלן הײַנטיקס יאָר קויפֿן דער מאַמען אַ מתּנה. נאָר דערווײַל זאָל עס בלײַבן אַ סוד. די קינדער האָבן געוואָלט די מאַמע איבערראַשן. זיי האָבן באַשלאָסן, אַז זיי וועלן אָפּשפּאָרן די פּענים, וואָס זיי קריגן אויף צו קויפֿן זיך נאַשערײַען.
די קינדער האָבן גענומען קלערן וואָס פֿאַר אַ מתּנה זיי זאָלן קויפֿן דער מאַמען. האָבן זיי געטראַכט און געטראַכט און גאָרניט געקענט אויסטראַכטן, ביז זיי האָבן אָפּגעמאַכט בײַ זיך, זיי וועלן גאָר פֿרעגן אַן עצה בײַ דעם טאַטן, ער וועט זיי געוויס אַרויסהעלפֿן.

***

איין מאָל, ווען די מאַמע איז ניט געווען אין שטוב, האָבן זיי דערציילט דעם טאַטן די גאַנצע זאַך. דעם טאַטן איז דאָס זייער געפֿעלן געוואָרן. ער האָט אַפֿילו געזאָגט, אַז דאָס געלט אויף דער מתּנה וועט ער אַלײַן געבן. נאָר וואָס אַזוינס זאָל מען קויפֿן? זײַנען אַלע דרײַ געזעסן און געקלערט, ביז די מאַמע איז צוריקגעקומען. מען האָט געמוזט איבער־רײַסן דעם שמועס.
הערשעלע אַליין איז יענע טעג אַרומגעגאַנגען שטאַרק באַזאָרגט. ער איז געוואוינט געווען, אַז ווען ער באַשליסט עפּעס צו טאָן, זאָל ער דאָס אויספֿירן און ניט גלאַט אַזוי רעדן.
הערשעלע איז שוין געגאַנגען אין אַ ייִדישער שול. איין מאָל, אַז ער איז געזעסן אין קלאַסצימער און דער לערער האָט מיט די קינדער געלערנט ייִדישע געשיכטע, האָט הערשעלע זיך פֿאַרקוקט אויפֿן לערער. הערשעלע האָט

אַ קלער געטאָן, אַז דער לערער איז דאָך זייער אַ קלוגער מענטש, און אים איז אײַנגעפֿאַלן, ער וועט גאָר מיט אים זיך האַלטן אַן עצה, וואָס פֿאַר אַ מתּנה עס פּאַסט זיך פֿאַר אַ מאַמעס געבוירן־טאָג.

— די בעסטע זאַך, — האָט דער לערער געזאָגט, — איז צו געבן דער מאַמען אַ ייִדיש בוך. דאָס וועט זײַן אַ שיינע מתּנה.

— וואָס פֿאַר אַ בוך? — פֿרעגט שוין הערשעלע זייער אַ צופֿרידענער.

— וואָס פֿאַר אַ בוך? — טראַכט אַ ווײַלע דער לערער. — שלום עליכמס קינדער־מעשׂיות.

דער לערער גייט באַלד צו צו דער פּאָליצע, נעמט אַרויס דאָס בוך, און גיט עס איבער הערשעלען. הערשעלע כאַפּט דאָס בוך, פּאַקט עס אײַן צוזאַמען מיט זײַנע אייגענע ביכער, אַז מע זאָל גאָרניט באַמערקן און ער קומט צו לויפֿן אַהיים.

דעם זעלבן אָוונט האָט ער שוין אין דער שטיל דער־ציילט פֿון דעם דעם טאַטן. קיין סך רעדן האָט מען ניט געקענט, צוליב דעם וואָס די מאַמע איז גראָד יענע מינוט געווען אין דער היים. נאָר ס'האָט אויסגעזען, אַז דער טאַטע איז צופֿרידן. און חנהלע איז דאָך אַוודאי געווען צופֿרידן. אַלץ וואָס הערשעלע האָט געטאָן, איז איר געווען געפֿעלן.

## ב.

ענדלעך איז געקומען דער אָוונט פֿון דעם געבוירן־טאָג. עס זײַנען געקומען אַ סך מענטשן, דער מאַמעס און דעם טאַטנס פֿרײַנד. דער טיש איז געווען געגרייט מיט אַלע גוטע זאַכן. דער אָוונט האָט זיך אָנגעהויבן זייער פֿריילעך. נאָך דעם ווי דער טאַטע האָט געגעבן אַ וואונק צו הערשעלען, איז צוגעגאַנגען צו דער מאַמען די קליינע חנהלע מיט דער מתּנה אין האַנט, אַזוי ווי ס'איז אָפּגערעדט געווען.

אַלץ איז דוכט זיך צוגעגאַנגען גוט. די מאַמע האָט זיך זייער געפֿרייט. נאָר אַז זי האָט צעעפֿנט דאָס פּעקל און דער־זען דאָס בוך, איז זי אַ ווײַלע שטיין געבליבן און גאָרניט געזאָגט.

הערשעלע האָט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ געוואַרט וואָס וועט די מאַמע זאָגן, און צי די מתּנה וועט איר געפעלן. מיט אַ מאָל האָט ער דערזען ווי די מאַמע עפנט דאָס בוך און האַלט עס פאַרקערט, מיטן קאָפּ אַראָפּ, ווי עס טוען מענטשן, וואָס קענען ניט לייענען. הערשעלע איז צוגעלאָפן צו דער מאַמען:

— ניט אַזוי, מאַ, — האָט ער איבערגעקערט דאָס בוך אויף דער ריכטיקער זײַט. אַליין איז זײַן פּנים רויט געוואָרן ווי פײַער. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן טאַטן און דער טאַטע האָט אַ קוק געטאָן אויף אים און ביידע האָבן געשוויגן שטיל.

די מאַמע האָט באַלד דאָס בוך אַוועקגעלייגט אָן אַ זײַט און די שׂמחה איז זיך געגאַנגען ווײַטער. מען האָט געגעסן און געטרונקען און זיך פריילעך געמאַכט. נאָר הערשעלע איז שוין ניט געווען רואיק און ער איז שלעכט געשלאָפן יענע נאַכט. ס'איז אים אײַנגעפאַלן אַ מאָדנע זאַך: זאָל דאָס זײַן אַז די מאַמע קען ניט לייענען קיין ייִדיש? ווי קען דאָס זײַן זײַן מאַמע — אַזאַ קלוגע, אַזאַ געלערנטע. ווי קומט דאָס?

## ג.

אויף מאָרגן אין דער פרי, איידער הערשעלע איז אַוועק אין סקול, האָט ער געקוקט אויף דער מאַמען און געטראַכט: אַזאַ שיינע און אַזאַ יונגע און אַ געלערנטע! קען דאָס זײַן זי זאָל גאָר קיין ייִדיש ניט קענען לייענען?

אין אָוונט, ווען מען האָט אָפּגעגעסן אָוונטברויט און די גאַנצע פאַמיליע איז נאָך געזעסן אַרום טיש, האָט הערשעלע אַ פרעג געטאָן: פאַרוואָס קען די מאַמע ניט לייענען קיין ייִדיש?

האָט דער טאַטע ניט געוואַרט אויף דער מאַמעס ענטפער און האָט הערשעלען דערציילט:

די מאַמע האָט אין דער יוגנט געמוזט זייער שווער אַרבעטן און זי האָט נאָך געוואָלט דורכגיין קאָלעדזש אויך. ס'איז איר ניט געבליבן קיין צײַט אויף צו לערנען זיך ייִדיש. אירע אייגענע טאַטע־מאַמע זײַנען געווען ווײַט פון איר אין אַן אַנדער לאַנד.

און ווען דער טאַטע האָט פֿאַרענדיקט דערציילן, האָט ער געזאָגט:

— שאַ, ווייסטו וואָס, הערשעלע, ס'איז נאָך איצט אויך ניט צו שפּעט פֿאַר דער מאַמען זיך אויסצולערנען ייִדיש. די מאַמע האָט אַ גוטן קאָפּ. זי וועט עס גיך באַנעמען.

האָבן אַלע זיך זייער דערפֿרייט מיט דעם. די מאַמע איז געווען זייער צופֿרידן. דער טאַטע אַליין האָט זיך אונטערגענומען זי צו לערנען, און הערשעלע האָט אויך צוגעזאָגט צו העלפֿן. און יענער אָוונט אין שטוב האָט זיך בײַ דער משפּחה פֿאַרענדיקט גאָר פֿריילעך.

(מרים ראַסקין)

## וואָס באַטײַט?

1. **מתּנה** (מאַטאָנע)) — present. 2. **געפּראַוועט אַ יום־טובֿ** (יאָמטעוו) — celebrated a holiday. 3. **סוד** (סאָד) — secret. 4. **איבעראַשן** —to surprise. 5. **עצה** (אייצע) — advice. 6. **פּאַסט זיך** — fits. 7. **אַוודאי** (אַוואָדע) — געוויס, זיכער. 8. **וואונק** — wink. 9. **שׂמחה** (סימכע) — party. 10. **משפּחה** (מישפּאָכע) — פֿאַמיליע.

## פֿראַגעס:

1. פֿאַרוואָס האָט הערשעלע שטאַלצירט מיט זײַן מאַמען? 2. ווי פֿלעגט די פֿאַמיליע פֿײַערן דער מאַמעס געבוירן־טאָג? 3. מיט וועמען האָבן זיך די קינדער געהאַלטן אַן עצה וועגן אַ מתּנה פֿאַר דער מאַמען? 4. איז אַ ייִדיש בוך אַ גוטע מתּנה פֿאַר אַ מאַמען, צי ניט? 5. וואָס איז געשען ווען חנהלע האָט דערלאַנגט דער מאַמען דאָס בוך? 6. ווי האָט הערשעלע זיך געפֿילט נאָך יענער פּאַסירונג? 7. פֿאַרוואָס האָט ער יענע נאַכט ניט געקענט שלאָפֿן? 8. פֿאַרוואָס האָט די מאַמע ניט געקענט לייענען קיין ייִדיש? 9. האָבן דער טאַטע און הערשעלע גוט געטאָן, וואָס זיי האָבן זיך איצט אונטערגענומען לערנען מיט דער מאַמען לייענען ייִדיש? פֿאַרוואָס? 10. וואָס איז דער שענסטער טייל פֿון דער דערציילונג?

לייענט נאָך אַ מאָל די מעשׂה און שטעלט צונויף אַ פּלאַן.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| מתּנה | יום־טובֿ | אַפֿילו | מעשׂיות | משפּחה |
| מתּנות | סוד | שלום־עליכם | אַוודאי | שׂמחה |
| חנהלע | עצה | מעשׂה | פּנים | |



# דרײַ ייִנגעלעך

די מאַמע האָט דרײַ ייִנגעלעך,
דרײַ ייִנגעלעך געהאַט,
מיט ווייכע, רויטע בעקעלעך,
ווי צאַרטער סאַמעט גלאַט.

האָט איינס געהייסן בערעלע,
דאָס צווייטע — חיים־שמערעלע,
דאָס דריטע האָט געהייסן —
מע זאָל אים קויפֿן שיך.



איך האָב אײַך אָפּגענאַרט,
איך האָב געוואוסט: איר וואַרט,
דאָס דריטע קליינע ייִנגעלע,
דאָס דריטע, דאָס בין איך.

די מאַמע האָט דרײַ ניסעלעך
פֿון דעם יאַריד געבראַכט,
דרײַ גוטע, פֿעטע ניסעלעך,
דרײַ ניסעלעך, אַ פּראַכט.



איז איינס געווען פֿאַר בערעלען,
און איינס פֿאַר חיים־שמערעלען,
נאָר דאָס בעסטע ניסל —
האָט זי געלאָזט פֿאַר זיך.

איר וואונדערט זיך אַ ביסל,
פֿאַרוואָס ניט מיר אַ ניסל ?
ווײַל, ניסן, ניסן, ניסעלע,
דאָס דריטע, דאָס בין איך.

די מאַמע האָט אַהיים געבראַכט
דרײַ ניסעלעך און מיך,
דרײַ ניסעלעך פֿאַר די ברידערלעך
און מיר צוויי נײַע שיך.

(י. גויכבערג)

Con moto

# כּיבוד אָב

## א.

אַ רײַכער זון האָט אַמאָל אַרײַנגענומען צו זיך אין שטוב זײַן אָרעמען פֿאָטער. ער האָט אים אָפּגעגעבן אַ גרויס צימער מיט די שענסטע מעבל; ער האָט אים באַזאָרגט מיט די בעסטע מאַכלים און געשמאַקסטע ווײַנען, כּדי אים צו קרעפּטיקן אויף דער עלטער. ער האָט אים אַפֿילו געגעבן אַ דינער וואָס זאָל אויף אים אַכטונג געבן, אַז עס זאָל אים גאָר־נישט ניט פֿעלן.

דער זון אַליין האָט אָבער קיין מאָל קיין פֿריילעך פּנים דעם פֿאָטער ניט געוויזן און קיין איין וואָרט ניט געוואָלט מיט אים אַרויסריידן.

האָט דאָס דעם אַלטן פֿאָטער ווי געטאָן. ער האָט געליטן און געשוויגן.

איין טאָג, ווען דער זון איז פֿאַר אים פֿאַרבײַגעגאַנגען, האָט דער פֿאָטער אים אָפּגעשטעלט און געפֿרעגט:

— זאָג מיר, זון מײַנער, וואָס מאַכסטו? ווי גייען דיר די געשעפֿטן?

— נישט דײַן זאַך, טאַטע, — האָט דער זון בייז גע־ענטפֿערט, — גענוג פֿאַר דיר, דו אַלטער נאַר, וואָס דו עסט ברויט פֿון מײַן טיש און איך זאָרג זיך פֿאַר דיר!

דער פֿאָטער האָט זיך ביטער צעוויינט און געזאָגט דעם זון:

— זון מײַנער, בעסער וואָלט איך געגעסן אַ שטיקל טרוקן ברויט אין מײַן אָרעמער היים איידער לעבן דאָ בײַ דיר און לײַדן אַזוי פֿיל בושה.

## ב.

אין דער זעלבער שטאָט האָט אַן אָרעמער מילנער גע־האַלטן זײַן אַלטן פֿאָטער בײַ זיך אין שטוב. ביידע, פֿאָטער און זון, האָבן געמאָלן מעל אויף מילשטיינער און מיט מי און שוויס פֿאַרדינט זייער ברויט.

איין טאָג איז אין שטאָט אָנגעקומען אַ באַפֿעל, אַז מילנערס זאָלן קומען אין דעם קיניגס מיל מאָלן מעל. דער גורל איז געפֿאַלן אויפֿן אַלטן פֿאָטער.

איז דער זון אַוועק צום קיניג און מיט טרערן אין די אויגן אים געבעטן אַז ער זאָל אים לאָזן אַרבעטן אין דער

קיניגלעכער מיל אַנשטאָט זײַן פֿאָטער. דער קיניג האָט צוגעשטימט.

דער זון האָט געטאָן בײַם קיניג אַלע שווערע אַרבעטן און איז געווען גליקלעך, ווײַל ער האָט געוואוסט אַז דער אַלטער פֿאָטער איז אין דער היים און אַרבעט ניט צו שווער.

***

דערויף האָבן די חכמים געזאָגט:

איינער גיט זײַן פֿאָטער עסן געבראָטענע טײַבעלעך און פֿאַרקירצט זיך די יאָרן. אַ צווייטער לאָזט דעם פֿאָטער אַרבעטן בײַ שווערע מילשטיינער און פֿאַרדינט זיך דאָס אייביקע לעבן.

(אגדה)

1. מאָלן — to grind. 2. מעל — flour. 3. שוויים — sweat. 4. באַפֿעל — order. 5. גורל (גוירל) — lot. 6. טרערן — tears. 7. צושטימען — to consent. 8. חכם (כאָכעם), חכמים (כאַכאָמים) — wise man, sage. 9. טויב, טײַבעלעך — dove, pigeon. 10. אייביק — eternal.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| כּיבוד־אָבֿ | מאכל | מאַכלים | כּדי | אַפֿילו |
| בושה | חכם | חכמים | פּנים | |

1. כּיבוד־אָבֿ (קיבעד־אָוו) — דאָס אָפּגעבן רעספּעקט דעם פֿאָטער, דאָס טײַער האַלטן דעם פֿאָטער. 2. צימער — room. 3. מעבל — furniture. 4. באַזאָרגן — דאָ: געגעבן, געזען ער זאָל קריגן. 5. מאַכלים — שפּײַז, food. 6. כּדי — in order to. 7. קרעפֿטיקן — שטאַרק מאַכן, to strengthen. 8. אַפֿילו (אַפֿילע) — even. 9. דינער — servant. 10. אַכטונג געבן — to take care of. 11. פּנים (פּאָנים) — face. 12. ווײ טאָן — to hurt. 13. לײַדן (געליטן) — to suffer. 14. געשעפֿטן — business. 15. בושה (בושע) — שאַנד, shame.

## פֿראַגעס:

1. ווי האָט דער רײַכער זון באַזאָרגט זײַן פֿאָטער אויף דער עלטער? 2. פֿאַרוואָס האָט דער אַלטער פֿאָטער געליטן און געשוויגן? 3. וואָס פֿלעגט דער פֿאָטער זיך בעטן בײַ זײַן זון? 4. ווי האָט דער אָרעמער מילנער געהאַלטן זײַן פֿאָטער? 5. האָט זיך דער אַלטער מילנער באַקלאָגט? 6. וואָס פֿאַר אַ באַפֿעל איז איין מאָל געקומען פֿונעם קיניג? 7. ווי האָט דער מילנער פֿאַרהיט זײַן אַלטן פֿאָטער אַז ער זאָל ניט דאַרפֿן שווער אַרבעטן? 8. וואָס האָבן דערויף די חכמים געזאָגט? 9. ווי קען מען אַנדערש אָנרופֿן די מעשׂה? 10. וואָס הייסט כּיבוד־אָבֿ? 11. וואָס ווערט אין דער תּורה אָנגעזאָגט וועגן ערן טאַטע־מאַמע?



יואל לעוויט — די באָבע

# די באָבע

ס'גייט די באָבע, ס'קומט די באָבע,
עפֿנט ברייט פֿאַר איר די טיר;
אַלע אייניקלעך אין רעדל,
טאַנצן פֿריילעך אַרום איר.
אָט אַזוי, אָט אַזוי,
טאַנצן פֿריילעך אַרום איר.

זעצט די באָבע זיך אין מיטן,
אין אַ שטול, געבעט אין ווײַס.
און די אייניקלעך די קליינע
זיצן אַרום איר אין קרײַז.
אָט אַזוי, אָט אַזוי,
זיצן אַרום איר אין קרײַז.

# מײַן באָבע

## א.

אין מעשׂיות און אין לידער זײַנען די באָבעס אַלטעטשקע, מיט טיפֿע קנייטשן אויפֿן פּנים און מיט ברילן אויף די אויגן. קוים זיי שטייען און קוים זיי גייען.

איך וועל אײַך הײַנט דערציילן וועגן מײַן באָבען.

מײַן באָבע איז אַ יונגע, אַ לעבעדיקע, תּמיד מיט פֿולע הענט אַרבעט און אַלץ טוט זי מיט אַ שמייכל, מיט אַ וויץ.

איך דערמאָן זיך, ווען איך בין געווען אַ קלייניקע, פֿלעגט זי מיך פֿאַרוויגן:

— „נו, חנהלע, שלאָף שוין אײַן, פֿאַרמאַך די אייגעלעך און שלאָף...“

און איך פֿלעג זיך בעטן:

— „נאָך איין מעשׂהלע, באָבע, און איך וועל שלאָפֿן...“

— „דערצייל, באָבעשי, נאָך אַ מאָל די מעשׂה וועגן חנהן, דו ווייסט — אָט די וואָס האָט געהייסן פּונקט ווי איך און האָט געהאַט זיבן העלדישע זין. איך האָב די מעשׂה זייער ליב.“

און די באָבע האָט גענומען דערציילן. איר קול איז געווען ווייך און שטיל און איך האָב פֿאַרמאַכט די אויגן און געהערט:

— „אַמאָל, אַמאָל, מיט אַ סך יאָרן צוריק האָט אין ארץ־ישׂראל געלעבט אַ ייִדישע פֿרוי, חנה. זי האָט געהאַט זיבן זין. האָט מען זי גערופֿן: חנה מיט די זיבן זין. איבער דעם ייִדישן לאַנד האָט געהערשט אַ בייזער און פֿרעמדער קיניג. האָט דער בייזער קיניג אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל: אַלע ייִדן מוזן ווערן אויס ייִדן! און ער האָט געהייסן טייטן די, וואָס האָבן זײַן באַפֿעל נישט געוואָלט פֿאָלגן.

„איין מאָל האָט דער קיניג גערופֿן צו זיך חנהן, וואָס האָט געהאַט זיבן זין, און זי געפֿרעגט:

— „זאָג מיר, חנה, האָסטו זייער ליב דײַנע קינדער?“

— „וואָס פֿאַר אַ מאַמע האָט ניט ליב אירע קינדער?“ — האָט חנה צוריק געפֿרעגט דעם קיניג.

— „איז אויב דו האָסט ליב דײַנע קינדער, ווי אַן אמתע מאַמע,

און דו ווילסט, אַז דײַנע קינדער זאָלן לעבן, — הייס זיי זיך בוקן פֿאַר מײַן גאָט און זיי זאָלן ווערן אויס ייִדן...״

איך בין געלעגן מיט פֿאַרמאַכטע אויגן און געהערט ווי די באָבע האָט ווײַטער דערציילט די מעשׂה וועגן חנהן מיט אירע העלדישע זיבן זין, וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט בוקן פֿאַר קיין געץ, ביז איך בין אײַנגעשלאָפֿן. אין שלאָף האָב איך גענומען חלומען פֿון יענער חנה מיט אירע זיבן זין און איך בין שטאָלץ געווען, וואָס איך טראָג דעם שיינעם נאָמען: חנה.

## וואָס באַטײַט?

1. מעשׂה (מײַסע) ; מעשׂיות (מײַסעם) — story, stories. 2. קנײטשן — wrinkles. 3. ברילן — eye-glasses. 4. תּמיד (טאָמיד) — always.
5. פֿולע הענט — דאָ: אַ סך. 6. וויץ — joke. 7. העלדישע — brave.
8. הייסן — דאָ: — to be called. 9. ארץ־ישׂראל (ערעץ־ייִסראָעל) — דאָס ייִדישע לאַנד. 10. הערשן — to rule. 11. באַפֿעל — command, order. 12. פֿאָלגן — to obey. 13. אמתע מאַמע — devoted mother. 14. בוקן זיך — to bow. 15. געץ — idol. 16. פֿאַרוויגן — to rock. 17. חלומען (כאָלעמען) — to dream.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| מעשׂה<br>אמת | מעשׂיות<br>חלומען | פּנים | תּמיד | ארץ־ישׂראל |

## ב.

איך געדענק, ווי איין מאָל זײַנען צו אונדז געקומען געסט, אַ פֿעטער און אַ מומע פֿון אַ ווײַטער שטאָט.

— „וועמען האָסטו מער ליב, חנהלע, דעם טאַטן, צי די מאַמע?״ — האָט מיך דער פֿעטער גענומען אויף זײַן שויס און אַ פֿרעג געטאָן.

איך האָב ניט לאַנג געטראַכט און געענטפֿערט:

— „מײַן באָבען...״

אין שטוב איז געוואָרן שטיל. איך האָב אַ קוק געטאָן אויף מײַן באָבען. צוויי גרויסע טרערן האָבן זיך צעפֿינקלט אין אירע אויגן־ווינקלען... איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז איך האָב עפּעס געזאָגט, וואָס מע דאַרף ניט און איך בין צוגעלאָפֿן צו דער מאַמען:

— „מאַמע, איך האָב דיך ליב, זייער, זייער ליב.“
און פֿון דער מאַמען בין איך געלאָפֿן צו דעם טאַטן:
— „איך האָב דעם בעסטן טאַטן אויף דער וועלט... דעם בעסטן טאַטן...“

דער טאַטע האָט מיך גענומען אויף די הענט. מיך שטאַרק צוגעטוליעט צו זיך און געזאָגט:
— „און איך האָב דאָס בעסטע מיידעלע אויף דער וועלט... דאָס בעסטע אויף דער גאַנצער וועלט...“

בײַנאַכט, בײַם שלאָפֿן גיין, זײַנען דער באָבעס אויגן געווען פֿאַרטראַכט. איך האָב נישט פֿאַרשטאַנען פֿאַרוואָס. נאָר ווען זי האָט מיר גענומען זינגען אַ וויגליד, אַ ליד וועגן דער מאַמען:

„נאָר אַ מאַמע
זי איז איינע,
מער ניט איינע
אויף דער וועלט“,

האָב איך אַלץ פֿאַרשטאַנען. איך האָב מײַן באָבען נאָך מער ליב באַקומען, מיט אַ ליבשאַפֿט, וואָס עס איז נישט צום דערציילן...

## וואָס באַטײַט?

1. **שויס** — lap. 2. **פֿינקלען** — to sparkle. 3. **אויגן־ווינקלען** — corners of the eye. 4. **צוטוליען** — צודריקן, to clasp, hug. 5. **פֿאַרטראַכט** — (absorbed) in thoughts.

## ג.

איין מאָל האָט מיך די באָבע אָפּגעוואַרט בײַם טויער פֿון סקול. זי האָט מיך גענומען פֿאַר דער האַנט און געזאָגט:
— „חנהלע, דו ווייסט וואוהין מיר וועלן הײַנט גיין?“
— „אין די מואוויס?“ — האָב איך געפּרואווט טרעפֿן.
— „ניין.“
— „אין „זו“?“
— „ניין, חנהלע. ניט אין „זו“ און ניט אין די מואוויס. דו געדענקסט, אַז איך האָב דיר אַמאָל דערציילט וועגן אַ ייִדישער שול וואו מע דערציילט ייִדישע מעשׂהלעך און מע לערנט זינגען שיינע ייִדישע לידער?“ — האָט די באָבע געפֿרעגט.
— „איך געדענק, באָבע.“

— „נו, וועלן מיר הײַנט גיין אין דער ייִדישער שול. דו ווילסט גיין אין אַ ייִדישער שול, אמת, חנהלע?" — האָט די באָבע מיך אָנגעקוקט און געוואַרט אויף מײַן ענטפֿער.

דעם אמת געזאָגט, האָב איך נישט געוואָלט. נאָך סקול האָב איך בעסער געוואָלט זיך שפּילן מיט מײַנע חבֿרטעס אָדער גיין אײַנקויפֿן מיט דער מאַמען. אָבער איך האָב געענטפֿערט:

— „יאָ, באָבע, איך וויל. נאָר דו וועסט גיין מיט מיר און זיצן מיט מיר יעדן טאָג אין קלאַס. יאָ, באָבע?"

און מיר זײַנען אַוועק אין דער ייִדישער שול. איך געדענק, ווי דאָס וואָלט הײַנט געווען, כאָטש עס איז שוין מער ווי דרײַ יאָר. איך פֿיל נאָך איצט דער באָבעס וואַרעמען האַנט-דרוק, וואָס זי האָט מיר געגעבן, ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דער שול.

איך האָב פֿון ווײַטן שוין געהערט זינגען:

„אָ, איר קליינע ליכטעלעך,
איר דערציילט געשיכטעלעך,
מעשׂהלעך אָן אַ צאָל . . ."

און מיר זײַנען אַרײַן אין שול. די באָבע האָט געזאָגט:

— „גוט מאָרגן, לערער. איך האָב אײַך געבראַכט אַ נײַע תּלמידה."

דער לערער האָט מיך צוגערופֿן צו זיך:

— „זאָג מיר, מיידעלע, דו פֿאַרשטייסט ייִדיש?"

— „אַ ביסל," — האָב איך געענטפֿערט.

— „און ווי אַלט ביסטו? ווי הייסטו?"

— „איך בין אַכט יאָר אַלט און מײַן נאָמען איז חנהלע," — האָב איך געזאָגט.

דער לערער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער באָבען און מיר געזאָגט:

— „חנהלע איז זייער אַ שיינער נאָמען. דו ווייסט, חנהלע, מיר גרייטן זיך איצט צום יום-טובֿ חנוכּה און מיר האָבן הײַנט געלערנט וועגן אַ צווייטער חנה, אַ העלדישע ייִדישע פֿרוי. אַז דו וועסט גיין אין דער ייִדישער שול, וועסטו קענען די מעשׂה."

איך האָב נישט לאַנג געטראַכט און אַ זאָג געטאָן:

— „די מעשׂה פֿון חנהן מיט אירע זיבן זין קען איך שוין...“
—„אַזוי?“ — האָט זיך דער לערער פֿאַרוואונדערט, — „אַדרבה, חנהלע, לאָמיר הערן.“
אויף מײַן באַבעס פּנים האָט זיך אויסגעגאָסן איר ליכטיקסטער שמייכל. אירע אויגן האָבן געוואונקען: „דערצייל, חנהלע, דערצייל...“
און איך האָב גענומען דערציילן. די גאַנצע מעשׂה וועגן חנהן מיט אירע זיבן זין, וואָס האָבן נישט געוואָלט ווערן אויס יִדן, האָב איך דערציילט. און וועגן דעם קיניג, דעם רשע, וואָס האָט זײַן פֿינגערל געוואָרפֿן צום קלענסטן זון, אַז ער זאָל עס אויפֿהייבן און אַזוי אָרום זיך בוקן פֿאַר זײַן גאָט. די קינדער זײַנען געזעסן מיט אָפֿענע מײַלער און געהערט. ווען איך האָב פֿאַרענדיקט, האָט דער לערער מיך אַ כאַפּ געטאָן אויף זײַנע הענט און אויסגעשריִען:
— „אוי, וואו נעמט מען נאָך אַ פּאָר אַזעלכע חנהלעך, ווי דו!...“
איך האָב אַ קוק געטאָן אינעם ווינקעלע, וואו עס איז געזעסן מײַן באָבע. אין אירע אויגן־ווינקעלעך האָבן זיך ווידער צעפֿינקלט יענע צוויי גרויסע, לויטערע טרערן וואָס איך האָב געזען דעמאָלט, ווען דער פֿעטער און די מומע זײַנען געווען בײַ אונדז צו גאַסט. דאָס מאָל האָב איך אָבער פֿאַרשטאַנען פֿאַרוואָס זי וויינט. דאָס זײַנען געווען טרערן פֿון נחת, טרערן פֿון פֿרייד...
(יאָסל מלאָטעק)

## וואָס באַטײַט?

1. טויער — gate.
2. דעם אמת (עמעס) געזאָגט — truthfully.
3. חבֿרטעס (כאַווערטעס) — friends.
4. האַנט־דרוק — hand-shake.
5. גרייטן זיך — to get ready.
6. אַדרבה (אַדעראַבע) — דאָ: טאַקע, indeed, really.
7. געוואונקען — winked.
8. רשע (ראָשע) murderer, wicked man.
9. לויטערע — קלאָרע.
10. נחת (נאַכעס) — פֿרייד, delight, pleasure.

| | | | |
|---|---|---|---|
| חבֿר<br>אַדרבה | תּלמידה<br>רשע | יום־טובֿ<br>נחת | חנוכּה |



# די ווײַסע שאָף

אין דעם גאָרטן פֿאַר מײַן הויז —
טיר און פֿענצטער — אָפֿן,
וויינט אַ פֿויגל אין דער נאַכט,
וויינט און קען ניט שלאָפֿן.
ווי דער פֿויגל וויינט מײַן קינד,
ס'איז דער שלאָף אַנטלאָפֿן, —
פֿויגל, פֿויגל, זינג אַ ליד
אַז מײַן קינד זאָל שלאָפֿן.
שוואַרצע קרויזן, ווײַסע בעט,
ברוינע אויגן — אָפֿן,
און די מאַמע האַלדזט און גלעט—
ס'קען דאָס קינד ניט שלאָפֿן.
שומר, שומר פֿון דער נאַכט:
האָסטו ניט געטראָפֿן
ערגעץ בלאָנדזשענדיק אַ שאָף,
מיד און ניט דערשלאָפֿן?
אויף די וועגן — טשאַטעס וועלף
פֿונעם וואַלד געלאָפֿן. —
שומר, שומר היט די שאָף:
ס'קען מײַן קינד ניט שלאָפֿן.
און דער שומר פֿון דער נאַכט,
פֿאַר די פֿענצטער — אָפֿן,
ברענגט די ווײַסע שאָף אַהיים,
און דאָס קינד נעמט שלאָפֿן.

(מ. באסין)

## וואָס באַטײַט?

1. **שאָף** — sheep. 2. **קרויזן** — curls. 3. **האַלדזט** — נעמט אַרום, גלעט, caresses. 4. **שומר** (שוימער) — היטער, watchman. 5. **בלאָנדזשען** — ניט קענען געפֿינען דעם וועג. 6. **טשאַטעס וועלף** — packs of wolves.



# שוועסטערל מײַנס

קליין איז דער ברודער, די שוועסטער — נאָך קלענער
שוועסטערל־זינגערל מײַנס.
שיין איז דער ברודער, די שוועסטער — נאָך שענער, —
שוועסטערל־גאָלדעלע מײַנס.
ציילט זײַנע יאָרן דער ברודער — זעקס פֿינגער.
ציילט אָפּ די שוועסטער נאָר דרײַ.
ברודער איז עלטער און שוועסטער איז יינגער,
ווער זשע איז וועמען געטרײַ?
טאַטע דאַרף האָרעווען ברויט צו פֿאַרדינען,
מאַמע דאַרף העלפֿן דערבײַ,
גייען זיי ביידע אַוועק פֿון באַגינען,
ווער זשע איז וועמען געטרײַ?
איך בין דער טאַטע און איך בין די מאַמע,
שוועסטערל־זינגערל מײַנס.
איך וועל די זײַדענע האָר דײַנע קאַמען,
שוועסטערל־גאָלדעלע מײַנס.
איך וועל דיך קליידן און איך וועל דיך נערן,
שוועסטערל־עסערל מײַנס,
איך וועל די רייד דײַנע קינדערשע הערן,
שוועסטערל־פּלאַפּערל מײַנס.
ווער וועט אין שטוב מיט דיר אַלע מאָל זיצן,
שוועסטערל אייגנס דו מײַנס?
ווער וועט דיך היטן פֿון קעלטן און היצן,
שוועסטערל־שטיפֿערל מײַנס?
איך וועל דיך היטן פֿון וואַסער און פֿײַער,
שוועסטערל אָרעמס דו מײַנס.
איך בין דײַן ברודער און דו ביסט מיר טײַער,
שוועסטערל־גאָלדעלע מײַנס.

(א. אויערבאַך)

# חנוכה

## ווען כ׳צינד די ליכטלעך אָן די אַכט

פֿאַרלאָשן זײַנען מײַנע שטערן
און פֿינצטער איז די לאַנגע נאַכט,
דאָך הייבט מיר ליכטיק אָן צו ווערן,
ווען כ׳צינד די ליכטלעך אָן, די אַכט!

מײַן מאַכט און שטאָלץ איז לאַנג אַריבער
דער ווילדער שונא שפּאָט און לאַכט;
עס לעבט דאָך אויף דער אַלטער גיבור,
ווען כ׳צינד די ליכטלעך אָן, די אַכט!

עס שטומען אַלע מײַנע לידער
פֿון גבֿורה, העלדנמוט און מאַכט,
דאָך קלינגען זיי אין האַרץ מיר ווידער,
ווען כ׳צינד די ליכטלעך אָן, די אַכט!

אַן אַלטע טרער מײַן אויג פֿאַרטונקלט
און האָט עס שיר נישט בלינד געמאַכט,
דאָך זעט ווי העל צוריק עס פֿינקלט,
ווען כ׳צינד די ליכטלעך אָן, די אַכט!...

(אבֿרהם רייזען)



# די מעשה פֿון חנוכּה

## א.



אין די אַלטע צײַטן, ווען ייִדן האָבן נאָך געלעבט אין זייער אייגן לאַנד, האָבן זיי שוין געהאַט איבער זיך אַ פֿרעמדן קיניג. דאָס ייִדישע לאַנד איז ניט געווען אין גאַנצן פֿרײַ, אָבער ייִדן האָבן דאָך געקענט לעבן ווי זיי ווילן.

דאָס ייִדישע לאַנד האָט געהערט צו די גריכן. איז אין מיטן דערינען אויפֿגעקומען זייער אַ שלעכטער קיניג מיט אַ לאַנגן און שווערן נאָמען — אַנטיאָכוס עפּיפֿאַנעס. ער האָט געוואָלט אַז אַלע פֿעלקער וואָס ער הערשט איבער זיי זאָלן ווערן גריכן, זאָלן זיך פֿירן אָט פונקט אַזוי ווי די גריכן. האָבן אַלע פֿעלקער אים געפֿאָלגט. נאָר די ייִדן האָבן געזאָגט:

— „מיר ווילן לעבן אַזוי ווי אונדזערע עלטערן האָבן געלעבט! מיר ווילן היטן אונדזערע געזעצן וואָס זײַנען פֿאַרשריבן אין דער תּורה! מיר ווילן פֿײַערן אונדזערע אַלטע און שיינע יום־טובֿים און מיר ווילן איין טאָג אין וואָך, שבת, רוען פֿון דער אַרבעט! מיר ווילן ניט אַז מע זאָל קומען אונדז זאָגן ווי מיר דאַרפֿן לעבן!“

איז דער שלעכטער קיניג געוואָרן זייער בייז. ער האָט אַרײַנגעשיקט אַ סך מיליטער אין ייִדישן לאַנד. דאָס הייליקסטע אָרט איז געווען דער בית־המקדש אין ירושלים. זײַנען גריכן אַהין געקומען און האָבן אַנידערגעשטעלט אין בית־המקדש אַ געץ. זיי האָבן איבער גוואַלד אײַנגעפֿירט אַז מע זאָל אין בית־המקדש דינען די גריכישע געטער. און נאָך דעם האָט דער קיניג אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל אַז מע זאָל טייטן אַלע ייִדן וואָס היטן אָפּ די געזעצן פֿון זייערע עלטערן!

זײַנען ייִדן געוואָרן זייער טרויעריק. די פֿרומע זײַנען געבליבן געטרײַ צו זייער פֿאָלק. אָבער עס זײַנען אויך געווען אַזעלכע ייִדן — צווישן די רײַכע — וואָס האָבן געטאָן וואָס דער שלעכטער קיניג האָט געהייסן. דערווײַל זײַנען געגאַנגען סאָלדאַטן פֿון דעם קיניג אין אַלע ייִדישע שטעט און דערפֿער און גענומען צווינגען

די ייִדן זיי זאָלן לעבן אַזוי ווי די גריכן. אַ סך ייִדן האָט מען דערבײַ דערהרגעט, אַ סך האָט מען פֿאַרפּײַניקט. ייִדן האָבן ניט געוואוסט ווי זיך צו ראַטעווען, אָבער זיי זײַנען געווען בײַ זיך פֿעסט און מוטיק און זיך אָפּגעזאָגט צו פֿאָלגן דעם שלעכטן קיניג.

1. אין מיטן דערינען — all of a sudden. 2. אויפֿקומען — to rise. 3. הערשן — to rule. 4. פֿאָלגן — to obey, to listen. 5. געזעץ — law. 6. פֿייערן — to celebrate. 7. געץ — idol. 8. דינען — דאַ: to pray to. 9. באַפֿעל — order. 10. טרויעריק — sad. 11. געטרײַ — true, faithful. 12. דאָרף, דערפֿער — village, villages. 13. צווינגען — to force. 14. דערהרגענען (דערהאַרגענען) — to kill. 15. פֿאַרפּײַניקן — to torture. 16. ראַטעווען זיך — to save oneself. 17. פֿעסט — firm. 18. מוטיק — courageous.

| | | | |
|---|---|---|---|
| מעשה | תורה | יום־טובֿים | ירושלים |
| חנוכּה | יום־טובֿ | בית־המקדש | דערהרגענען |

## ב.

איין מאָל זײַנען גריכישע סאָלדאַטן געקומען אין אַ קליין שטעטל מודיעין. דאָרטן האָט געלעבט אַן אַלטער און זייער חשובֿער מאַן וואָס האָט געהייסן מתתיהו. ער האָט געהאַט פֿינף זין און אַלע זײַנען זיי געווען שטאַרקע און העלדישע מענער. דער פֿאָטער און די זין זײַנען געווען זייער געטרײַ זייער פֿאָלק. די סאָלדאַטן האָבן צונויפֿגערופֿן אַלע אײַנוואוינערס פֿון שטעטל. צווישן זיי זײַנען אויך געווען דער אַלטער מתתיהו מיט זײַנע פֿינף זין.

דער פֿירער פֿון די סאָלדאַטן האָט זיך געווענדט צו מתתיהו:

— „דו ביסט דער עלטסטער און דער חשובֿסטער אין דעם אָרט. דאַרפֿסטו זײַן דער ערשטער וואָס וועט געבן אַ גוטן בײַשפּיל. פֿיר אויס דעם קיניגס באַפֿעל, וועסטו ווערן דעם קיניגס אַ פֿרײַנד. אָט דאָ ליגט אַ חזיר, אָנגעגרייט ווי אַ קרבן פֿאַרן גריכישן גאָט. דערשטעך אים! דו און דײַנע קינדער וועלן דערפֿאַר זייער שטאַרק באַלוינט ווערן!"

האָט מתתיהו געענטפֿערט און געזאָגט מיט אַ הויכער שטים אַז אַלע זאָלן הערן:

— „אַלע פֿעלקער אונטער דעם קיניגס הערשאַפֿט פֿאָלגן אים און גייען אַוועק פֿון זייערע אַלטע געזעצן און לעבן ווי מע הייסט

זיי; אָבער מיר, ייִדן, וועלן בלײַבן בײַ אונדזער גלויבן און בײַ די געבאָטן פֿון אונדזערע עלטערן! און איך און מײַנע קינדער וועלן בלײַבן געטרײַ אונדזער פֿאָלק!"

מתתיהו האָט געענדיקט ריידן. אַלע בלײַבן פֿאַרגליווערט און שטיל. פּלוצעם רײַסט זיך אַרויס איינער אַ ייִד מיט אַ מעסער אין האַנט און וויל שטעכן דעם חזיר. מתתיהו האָט פֿון זײַן האַנט אַרויסגעכאַפּט דאָס מעסער און דערשטאָכן דעם ייִדן.

דאָס איז געווען אַ רוף צו אַן אויפֿשטאַנד. מתתיהוס זין און נאָך זיי אויך אַנדערע אײַנוואוינערס פֿון מודיעין האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די סאָלדאַטן. אַ טייל האָט מען געטייט, די איבעריקע זײַנען אַנטלאָפֿן.

1. **מודיעין** (מוידיאין). 2. **חשובֿער** (כאָשעווער) — respected. 3. **העלדיש** — brave. 4. **ווענדן זיך** — to turn to. 5. **בײַשפּיל** — example. 6. **אויספֿירן** — to carry out. 7. **חזיר** (כאַזער) — pig. 8. **קרבן** (קאָרבן) — sacrifice. 9. **דערשטעכן** — to stab. 10. **באַלוינען** — to reward. 11. **הערשאַפֿט** — rule. 12. **געבאָט** — commandment. 13. **פֿאַרגליווערט** — motionless. 14. **אויפֿשטאַנד** — revolt.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| מודיעין | חשובֿ | מתתיהו | חזיר | קרבן |

## ג.

מתתיהו איז שוין געווען זייער אַלט. פֿאַרן טויט האָט ער אָנגעזאָגט אַז מיט די ייִדן וואָס זײַנען אויפֿגעשטאַנען קעגן קיניג זאָל אָנפֿירן זײַן מיטלסטער זון, דער גרעסטער העלד וואָס ייִדן האָבן דעמאָלט געהאַט — יהודה המכּבי.

יהודה המכּבי האָט פֿאַרטריבן דעם קיניגס סאָלדאַטן פֿון ירושלים. ער און זײַנע מענטשן האָבן אויסגערייניקט די שטאָט ירושלים פֿון געצן. זיי זײַנען אַרײַן אין בית־המקדש. דאָרטן האָבן זיי געפֿונען אַ סך הייליקע זאַכן צעבראָכן, אַ סך פֿאַרשמוצט. זיי האָבן דעם בית־המקדש אויסגערייניקט פֿון דעם וואָס דער קיניג האָט געהייסן דאָרטן אַרײַנשטעלן. זיי האָבן אַלץ אײַנגעשטעלט ווי עס איז געווען אַמאָל. און ווען אַלץ איז געווען פֿאַרטיק האָט מען געמאַכט אַ יום־טובֿ.

מען האָט באַשטימט אַז דער יום־טובֿ פֿון ווידער באַנײַען דעם בית־המקדש זאָל זיך אָנהייבן פּונקט דעם טאָג ווען דער קיניג

האָט אים אומריין געמאַכט מיט דרײַ יאָר צוריק. מען האָט דאָס ערשטע מאָל געפּײַערט דעם יום־טובֿ חנוכּה.

אין בית־המקדש איז געווען אַ מנורה, אַ גרויסער לײַכטער מיט זיבן רערן. אין די זיבן רערן האָט געברענט אייל. מען האָט אויפֿגעשטעלט אַ נײַע מנורה און מען האָט געזוכט ריינעם בוימל, וואָס איז געבליבן פֿון פֿריִער. האָט מען געפֿונען איין קריגעלע מיט ריינעם בוימל און מען האָט אָנגעצונדן די ליכט. האָט מען געזאָגט: דאָס קריגעלע בוימל איז גענוג נאָר אויף איין טאָג, אָבער עס האָט געטראָפֿן אַ נס און דער בוימל האָט געברענט אַלע אַכט טעג חנוכּה.

***

ס'איז אַוועק אַזאַ לאַנגע צײַט זינט מען האָט צום ערשטן מאָל געפּײַערט דעם יום־טובֿ חנוכּה! איבער איין און צוואַנציק הונדערט יאָר!

דער יום־טובֿ איז אָבער אויך איצט ליב און טײַער. מע פֿרייט זיך מיטן יום־טובֿ; מע גיט מתּנות, חנוכּה־געלט; מע שפּילט אין דריידל, מען עסט לאַטקעס, און מע צינדט אָן די חנוכּה־ליכטלעך. דעם ערשטן טאָג צינדט מען אָן איין ליכטל, דעם צווייטן טאָג — צוויי און אַזוי כּסדר מיט איין ליכטל מער, ביז מע קומט צום אַכטן טאָג מיט אַכט ליכטלעך.

און די ליכטלעך ברענען מיט גלויבן און מיט האָפֿענונג און זיי זאָגן אַז:

פֿרײַהייט איז אַ טײַערע זאַך!
ייִדן האָבן זיך ניט געלאָזט און וועלן זיך ניט לאָזן אונטערדריקן!
ייִדן וועלן איבערלעבן אַלע אונטערדריקערס!

(יודל מארק)

1. **אויפֿשטיין קעגן** — to revolt. 2. **העלד** — brave man. 3. **פֿאַרטרײַבן** — to drive out. 4. **פֿאַרשמוצן** — אומריין מאַכן; דאָ: to desecrate. 5. **רער** — branch of the Menorah. 6. **אייל** — oil. 7. **בוימל** — olive oil. 8. **נס** (נעס) — miracle. 9. **פֿײַערן** — to celebrate. 10. **כּסדר** (קעסיידער) — continuously. 11. **גלויבן** — faith, belief. 12. **אונטערדריקן** — to oppress. 13. **אונטערדריקער** — oppressor.

| | | |
|---|---|---|
| יהודה המכּבי | נס | מתּנות |
| מנורה | מתּנה | כּסדר |



# לכּבֿוד חנוכּה

דער טאַטע צינדט אַכט ליכטלעך אָן,
באַדינט פֿון שמש איינעם —
און אַלץ לכּבֿוד חנוכּה,
דעם יום־טובֿ אונדזער שיינעם.

דער לערער שענקט אַ דריידל מיר
פֿון בלײַ געגאָסן ריינעם,
און אַלץ לכּבֿוד חנוכּה,
דעם יום־טובֿ אונדזער שיינעם.

הייסע לאַטקעס באַקט די מאַמע
פֿאַר מיר — איר זון דעם קליינעם,
און אַלץ לכּבֿוד חנוכּה,
דעם יום־טובֿ אונדזער שיינעם.

ס'האָט מײַן פֿעטער מיר געשאָנקען
אַ גראָשנדל אַ קליינעם —
און אַלץ לכּבֿוד חנוכּה,
דעם יום־טובֿ אונדזער שיינעם.

(ח. נ. ביאַליק — ייִדיש: י. גויכבערג)

# חנוכה־ליכט

## אַ געוויין אין דער נאַכט

ס'איז ווינטער אין ארץ־ישראל. אויפֿן ברעג פֿון ים שטייט אַ קליין דערפֿל פֿון ייִדישע פֿישערס. עטלעכע קליינע הײַזער, אַ פּאָר געצעלטן און עטלעכע שיפֿלעך אויפֿן ברעג — דאָס איז דאָס גאַנצע דערפֿל.

גרויסע כוואַליעס יאָגן זיך אויפֿן ים. דער ים צאָרנט, ס'וועלן הײַנט די פֿישערס נישט אַרויסנעמען זייערע שיפֿלעך אויפֿן וואַסער. די פֿישערס זײַנען פֿאַרטרויערט.

די קליינע מרים איז אַ מיידעלע פֿון זיבן יאָר. מרים וויינט אין דער פֿינצטערניש פֿון דער נאַכט: מאַמע! מאַמעניו!

— וואָס איז דיר, טעכטערל? — פֿרעגט די מאַמע. — פֿאַרוואָס שלאָפֿסטו נישט?

— איך האָב געהערט קולות, מאַמע, אַ געוויין פֿון קינדער האָב איך געהערט.

— דאָס קלאָגט דער ים, האָב נישט קיין מורא, קינדעלע, דער ים רוישט נאָר אַזוי.

— אוי, מאַמע, מאַמע, אַ שלעכטער חלום האָט זיך מיר געחלומט. איך האָב געזען קינדער שווימען אַרום אויפֿן ים. זיי ווילן צוקומען צום ברעג, אָבער זיי קענען נישט. הער ווי זיי שרײַען: ראַטעוועט! ראַטעוועט אונדז!

— דאָס איז נאָר אַ חלום, מײַן טײַערע, — זאָגט די מאַמע.

— אָבער אפֿשר איז דאָס אמת, מאַמעניו? — זאָגט מרים.

— אפֿשר שווימט טאַקע אַרום אַ שיף מיט קינדער אויפֿן ים, און זיי קענען נישט צוקומען צום ברעג.

— קינדעלע מײַנס, דאָס איז נאָר אַ חלום, — זאָגט די מאַמע מיט אַ קוש, — פֿאַרמאַך די אייגעלעך, טײַערינקע, וועל איך דיר זינגען אַ לידעלע.

די מאַמע זינגט שטילערהייט. מרימס אייגעלעך מאַכן זיך ביסלעכווײַז צו, מרים שלאָפֿט אײַן.

## וואָס באַטײַט?

1. **חנוכה** (כאַנוקע). 2. **ארץ־ישׂראל** (ערעץ־ייִסראָעל). 3. **ברעג** — shore. 4. **ים** (יאַם) — sea. 5. **דערפֿל** — village. 6. **געצעלטן** — tents. 7. **כוואַליעס** — waves. 8. **צאַרנען** — to rage. 9. **פֿאַרטרויערט** — full of sorrow, grief. 10. **מרים** (מיריעם). 11. **קול** (קאָל), **קולות** (קוילעס) — voice, voices. 12. **קלאָגן** — וויינען שטאַרק. 13. **מורא** (מוירע) — שרעק. 14. **רוישן** — דאָ: to roar. 15. **חלום** (כאָלעם) — dream. 16. **חלומען** (כאָלעמען) — to dream. 17. **ראַטעווען** — to rescue, to save.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| חנוכה | ים | קול | מורא | חלומען |
| ארץ־ישׂראל | מרים | קולות | חלום | אפֿשר |

### שיפֿן מיט ייִדן אויפֿן ים

אַלע טאָג האָט מרים געהערט ווי קינדער רעדן וועגן ייִדישע שיפֿן.

— טויזנטער, טויזנטער ייִדן, גרויסע און קליינע, — האָבן די קינדער דערציילט, — טראָגן זיך אַרום אין שיפֿן אויפֿן ים, און שלעכטע מענטשן לאָזן זיי נישט צוקומען צום ברעג פֿון אונדזער לאַנד.

די קינדער זײַנען געווען טרויעריק. די קליינע מרים האָט דערפֿילט טרערן אין די אויגן, ווען זי האָט באַגעגנט די קינדער, וואָס האָבן דערציילט וועגן די שיפֿן, וואָס בלאָנדזשען אַרום אויפֿן ים.

— מ׳דאַרף זיי העלפֿן, — האָט מרים געזאָגט די קינדער.

— יאָ, מ׳דאַרף זיי העלפֿן, — האָבן די קינדער געענטפֿערט.

די קינדער האָבן לאַנג גערעדט צווישן זיך, אָבער זיי האָבן נישט געקענט געפֿינען קיין עצה.

דער חנוכּה־יום־טובֿ האָט זיך דערנענטערט. די קינדער פֿון דערפֿל האָבן אָנגעהויבן זיך גרייטן צום יום־טובֿ. זיי האָבן געלערנט חנוכּה־לידער און געגרייט אַ שפּיל מיטן נאָמען „די חשמונאים פֿון הײַנט". יצחק דער סטאָליער האָט געמאַכט פֿאַר די קינדער אַ גרויסן חנוכּה־לאָמפּ פֿון האָלץ.

— דו האָסט געמאַכט זייער אַ שיינעם חנוכּה־לאָמפּ, יצחק, — האָבן די קינדער אים געזאָגט.

— אָבער וואו וועט מען אים אָוועקשטעלן ? דער חנוכּה־לאָמפּ דאַרף שטיין אין שול, לעבן בינע, — רופֿט זיך אָפּ חנה :

— ניין, דער חנוכּה־לאָמפּ דאַרף שטיין אין דרויסן, זאָלן אַלע מענטשן פֿון דערפֿל זען ווי ער לײַכט.

מרים האָט גאָרנישט געזאָגט, זי איז געשטאַנען אַ פֿאַר־טראַכטע. פּלוצלונג האָבן אַ גלאַנץ געטאָן אירע אייגעלעך און זי האָט אויסגערופֿן : — קינדער, איך ווייס ! איר ווילט העלפֿן די ייִדישע שיפֿן, וואָס שווימען אַרום אויפֿן ים ? קומט, וועל איך אײַך ווײַזן אַ גוט אָרט פֿאַרן חנוכּה־לאָמפּ.

1. טרויעריק — sad. 2. טרערן — tears. 3. באַגעגענען — to meet. 4. בלאָנדזשען — דאָ : ניט קענען קומען צו אַן אָרט. 5. עצה (אייצע) — advice. 6. יום־טובֿ (יאָם־טעוו) — holiday. 7. חשמונאים (כאַשמוינאָים). 8. יצחק (ייִצכאָק). 9. סטאָליער — carpenter. 10. האָלץ — lumber. 11. בינע — stage. 12. חנה (כאַנע). 13. אַ גלאַנץ טאָן — אָנהייבן שײַנען.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| עצה | יום־טובֿ | חשמונאים | יצחק | חנה |

אויפֿן שפּיץ־פֿעלדז

די קינדער זײַנען נאָכגעגאַנגען מרימען ביז זיי זײַנען צוגעקומען צום ברעג פֿון ים. מרים איז געבליבן שטיין לעבן זייער אַ הויכן פֿעלדז. ווי אַ גרויסער ריז האָט זיך אויפֿגעהויבן דער פֿעלדז פֿון מיטן ים.

— אויפֿן שפּיץ פֿון דעם דאָזיקן פֿעלדז דאַרף שטיין דער חנוכּה־לאָמפּ, — האָט מרים געזאָגט צו די קינדער. — די ייִדן פֿון די שיפֿן וועלן פֿון דער ווײַטנס זען די שײַן פֿון ליכט, וועלן זיי פֿאַרשטיין אַז דאָס איז ארץ־ישׂראל. זיי וועלן שוין טרעפֿן דעם וועג צו אונדז אַפֿילו בײַנאַכט.

— זייער קלוג, מרים, זייער גוט ! — האָבן אויסגערופֿן די קינדער און געטאַנצט פֿאַר פֿרייד.

די ערשטע נאַכט חנוכּה זײַנען די קינדער געגאַנגען מיט אַלע ייִדן פֿון דערפֿל צום ברעג פֿון ים. דער גרויסער חנוכּה־

לאָמפּ איז געשטאַנען אויפֿן שפּיץ פֿון פֿעלדז. מרים און דוד זײַנען אַרויפֿגעגאַנגען אויפֿן פֿעלדז. דאָס מיידעלע האָט גע־מאַכט די ברכות און אָנגעצונדן דאָס ערשטע ליכטל. די שײַן פֿון ליכט האָט אַ גלאַנץ געטאָן איבערן פּנים פֿון וואַסער. אַלע זײַנען געבליבן שטיין פֿאַרוואונדערט. גרויס און קליין האָבן אָנגעהויבן זינגען.

אַזוי אַלע אַכט חנוכּה־נעכט. פֿון נאַכט צו נאַכט איז גרעסער געוואָרן די צאָל ליכט. פֿון נאַכט צו נאַכט איז שענער געוואָרן דאָס וואונדערלעכע בילד פֿון חנוכּה־לאָמפּ. אַרום און אַרום איז געווען פֿינצטערע נאַכט. די כוואַליעס פֿון ים האָבן געקלאַפּט מיט כּעס, און דער חנוכּה־לאָמפּ איז געשטאַנען אויפֿן שפּיץ פֿעלדז און געוואָרפֿן שטראַלן ליכט אין די ווײַטענישן . . .

ליכט ! ליכט !

אין איינער פֿון יענע נעכט האָט אַ שיף געבלאָנדזשעט אין מיטן ים און נישט געקענט געפֿינען דעם וועג צום ברעג. אויף דער שיף זײַנען געווען ייִדן. זייערע הערצער זײַנען געווען פֿול מיט שרעק, טאָמער וועלן זיי אַרײַנפֿאַלן אין די הענט פֿון פֿײַנד וואָס היטן דעם ברעג.

די ייִדן זײַנען געשטאַנען און געקוקט אין דער פֿינצטערניש אַרײַן. פּלוצלונג האָט אַ קול אויסגערופֿן :

— ליכט, ייִדן ! איך זע אַ ליכטיקייט פֿון דער ווײַטנס !

— יאָ, יאָ, קוקט ! — האָבן אָפּגעהילכט אַ סך קולות. — ליכט, ליכט ! דאָרט איז דאָס לאַנד ! דאָרט איז ארץ־ישׂראל !

אַלע האָבן געקוקט און געזען חנוכּה־ליכט אין מיטן ים. די פֿרייד איז געווען זייער גרויס . . .

אין יענער נאַכט איז די שיף אָנגעקומען צום ברעג. אַלע פֿישערס פֿון דערפֿל זײַנען אַרויסגעפֿאָרן אויף זייערע שיפֿלעך צו באַגעגענען די ייִדן. די נאַכט איז געווען שטאַרק פֿינצטער, אָבער אַלעמענס הערצער זײַנען פֿול געווען מיט חנוכּה און מיט ליכט.

(אהרן מגיד)

## וואָס באַטײַט?

1. פֿעלדז — rock. 2. ריז — giant. 3. דוד (דאַוויד). 4. ברכה (בראָכע), ברכות (בראָכעס) — דאָ: — grace. 5. פּנים (פּאָנים) —face. דאָ: — surface. 6. כּעס (קאַעס) — anger. 7. שטראַלן — rays. 8. טאָמער— אפֿשר — maybe.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| דוד | ברכה | ברכות | פּנים | כּעס |

## פֿראַגעס:

1. פֿאַרוואָס זײַנען די ייִדישע פֿישערס געווען פֿאַרטרויערט? 2. ווער איז מרים? 3. פֿאַרוואָס האָט מרים ניט געקענט אײַנשלאָפֿן יענע נאַכט? 4. וואָס פֿאַר אַ חלום האָט זיך איר געחלומט? 5. ווי האָט די מאַמע באַרואיקט איר טעכטערל? 6. וועגן וואָס האָבן גערעדט די קינדער אין ייִדישן פֿישער־דערפֿל? 7. ווי האָבן די קינדער באַשטימט צו העלפֿן די ייִדישע שיפֿן וואָס שווימען אַרום אויפֿן ים? 8. וואו האָבן די קינדער אַוועקגעשטעלט די הילצערנע מנורה? 9. וואָס האָט פּאַסירט אין איינעם פֿון די חנוכּה־טעג? 10. ווי האָבן די ייִדישע פֿישערס פֿונעם דערפֿל אין ארץ־ישׂראל געהאָלפֿן זייערע ברידער־וואַנדערערס? 11. וועלכע צײַט ווערט אין דער מעשׂה אָפּגעשפּיגלט? 12. פֿון וואַנען זײַנען די ייִדן געקומען אויף די שיפֿן?

## שנייען...

פֿון דער הייך די שנייען
פֿאַלן ווייך און ווײַס,
קומען צו דערפֿרייען,
ווי אַ גוטע נײַס.

קומט דערנאָך די זון
מיטן פֿראָסט צוזאַמען —
גלאַנצט דער שניי דערפֿון
מיט די העלסטע פֿלאַמען.

פֿינקלען זיי אַ צײַט,
ווערן זיי צעגאַנגען;
פֿליסן זיי אין ווײַט —
ימים צו דערלאַנגען...

(אַבֿרהם רייזען)




# יונגע בויערס



מיר זײַנען יונגע בויערס,
בויען מיר אַ הויז,
איינער ברענגט דאָס ליים,
אַ צווייטער קנעט דאָס אויס.

אַ דריטער לייגט די ציגל,
וואַקסן הויך די ווענט,
איז אַ פֿרייד צו קוקן,
ווי די אַרבעט ברענט.

אַ פֿרייד איז יעדער ציגל,
יעדער נײַער שטיין,
יעדער טראָפּן שוויס
פֿאַר אונדזער נײַער היים.

(ש. וואַסערמאַן)

### וואָס באַטײַט ?

1. **בויערס** — builders. 2. **ליים** — clay. 3. **קנעטן** — to knead.
4. **ציגל** — bricks. 5. **אַרבעט ברענט** — מען ארבעט גיך. 6. **שוויס** — sweat.

# דער חלום פֿון אַ שנײַדער



ן אָרעם יתומל איז אַמאָל געקומען צו אַ שנײַדער און בײַ אים געבעטן:

— איך וויל ווערן אַ שנײַדער! אפֿשר וואָלט איר מיך אויסגעלערנט אײַער מלאכה?

דער שנײַדער האָט דעם ייִנגל געפֿרעגט:

— וואָס האָט זיך דיר די דאָזיקע נאַכט גע־חלומט?

האָט דער ייִנגל געענטפֿערט:

— מיר האָט זיך געחלומט, אַז איך בין פּלוצעם געוואָרן אַ גרויסער גבֿיר.

— קום מאָרגן! — האָט דער שנײַדער געזאָגט צום יתום. — איך קאָן דיך הײַנט ניט צונעמען!

דעם צווייטן טאָג איז דער ייִנגל ווידער געקומען.

— איך וויל ווערן אַ שנײַדער, — האָט ער ווידער געזאָגט.

האָט אים דער שנײַדער ווידער געפֿרעגט, וואָס פֿאַר אַ חלום עס האָט זיך אים געחלומט.

האָט דער ייִנגל דערציילט: — איך האָב געוואַנדערט אַ גאַנצע נאַכט און אונטער־וועגנס געפֿונען אַן אוצר — אַ גרויסן טײַסטער פֿול מיט גאָלדענע רענדלעך.

— איך קאָן מיט דיר הײַנט ווידער ניט אָנהייבן, קום מאָרגן.

אַזוי איז דער ייִנגל געקומען יעדן טאָג. דער שנײַדער האָט אַלץ געוואָלט וויסן, וואָס דעם יתומל האָט זיך געחלומט און אים אַלע מאָל אַהיים געשיקט און געהייסן קומען מאָרגן.

איין מאָל קומט דער יתום צו גיין און דערציילט דעם שנײַדער:

— נעכטן בײַנאַכט האָט זיך מיר געחלומט: איך בין געזעסן אויף אַ שנײַדעריש בענקעלע און אַ גאַנצן טאָג גענייט. גרויסע טראָפּנס שוויס זײַנען גערונען פֿון מײַן שטערן. שפּעט פֿאַר־נאַכט, ווען איך האָב אַוועקגעלייגט די נאָדל פֿון מײַן האַנט, האָב איך פּלוצעם דערזען, אַז די נאָדל איז פֿון גינגאָלד...

— גאָר וואויל, מײַן קינד, דאָס איז אַ חלום פֿון אַ שנײַדער! אַזוי דאַרף חלומען יעדער קינד, וואָס וויל זיך אויסלערנען שנײַדערײַ.

נאָך דעם אייגענעם טאָג האָט דער שנײַדער צוגענומען דעם יתום פֿאַר אַ לערן־ייִנגל.

(א. שינדלער)

## וואָס באַטײַט?

1. יתום (יאָסעם), יתומל (יאָסעמל) — איינער וואָס איז געבליבן אָן אַ פֿאָטער, אָדער מוטער. 2. מלאכה (מעלאָכע) — אַרבעט, trade. 3. חלום (כאָלעם) — dream. 4. געחלומט (געכאָלעמט) — dreamed. 5. גביר (גוויר) — רײַכער מאַן. 6. אוצר (אויצער) — רײַכטום, treasure. 7. מזל־ברכה (מאַזל־בראָכע) — גליק. 8. פּלוצעם — מיט אַ מאָל. 9. טײַסטער — purse, wallet. 10. גינגאָלד — ריינער גאָלד. 11. גאָר וואויל — זייער גוט.

## פֿראַגעס:

א. 1. וואָס האָט דאָס יתומל געבעטן דעם שנײַדער? 2. וואָס האָט אים דער שנײַדער געפֿרעגט? 3. פֿאַרוואָס האָט דער שנײַדער אים ניט געוואָלט צונעמען? 4. וואָס פֿאַר אַ חלום האָט דאָס יתומל געהאָט די צווייטע נאַכט? 5. איז דער שנײַדער געווען גערעכט וואָס ער האָט דאָס יתומל אויך דעם צווייטן טאָג ניט צוגענומען צו דער אַרבעט? 6. וועלכער חלום איז דעם שנײַדער געפֿעלן געוואָרן; פֿאַרוואָס? 7. איז דער שניידער געווען גערעכט?

ב. וואָס איז דער מיין פֿון דער מעשׂה?

שטעל אַוועק אַ + לעבן דעם ענטפֿער וואָס דו האַלטסט פֿאַר ריכטיק.

—— עס איז ניט אַזוי גרינג צו ווערן אַ שנײַדער.

—— דעם יתום איז שלעכט אויף דער וועלט.

—— דער מענטש איז גליקלעך ווען ער ליבט די אַרבעט וואָס ער טוט.

—— אַ נאָדל פֿון גאָלד איז בעסער ווי אַן אוצר.

—— אַ שנײַדער איז אַן אייביקער אָרעמאַן.

—— נאָר מיטן שווייס פֿון שטערן קען דער מענטש פֿאַרדינען זײַן ברויט.

— אין מלאכה ליגט די מזל־ברכה.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| יתום | מלאכה | חלום | גביר | אוצר | מזל־ברכה |

# דער פויער און דער אוצר

## א.

אַ פויער האָט איין מאָל געאַקערט זײַן פֿעלד. פּלוצעם האָט דער אַקער אָנגעטראָפֿן אַ האַרטן שטיין. דער פויער האָט גענומען אַ שאַרפֿן רידל און אויסגעגראָבן דעם שטיין. האָט ער דערזען אַן אוצר פֿון גאָלד און זילבער. ער האָט זיך שטאַרק דערפֿרייט, אַרויסגענומען דעם אוצר און אים גיך אַוועקגעטראָגן אַהיים. ער האָט פֿאַרבעטן צו זיך אויף אַ רײַכער שׂמחה פֿרײַנד און באַקאַנטע, כמעט דאָס גאַנצע דאָרף, און זיי געוויזן דאָס גרויסע גליק וואָס האָט אים געטראָפֿן.

פֿון דעמאָלט אָן האָט דער פויער מער ניט באַאַרבעט דאָס פֿעלד. צו וואָס טויג אים צו האָרעווען מיטן שוויס פֿון זײַן פּנים? ער האָט דאָך אַ גרויסן אוצר און קען פֿירן אַ רײַך לעבן!

## ב.

יאָרן זײַנען אַוועק. דער פויער האָט ניט געאַרבעט. ער איז אַלץ געזעסן פֿאַרלייגט די הענט און געגעסן נאָר פֿון גרייטן געלט. איז דער אוצר פֿון טאָג צו טאָג קלענער געוואָרן, ביז עס איז פֿון אים גאָרניט געוואָרן. בײַם פויער אין שטוב האָט זיך באַוויזן די נויט.

אין די אַלע יאָרן איז דאָס פֿעלד געוואָרן פֿאַרוואָרלאָזט, די ערד האַרט און פֿול מיט שטיינער. נאָר דערנער האָבן פֿון זיי אַרויסגעשטעקט.

ווען דער פויער האָט שוין מער ניט געקענט אַריבערטראָגן די נויט, האָט ער אַרויסגענומען דעם אַקער און אַרויס אין פֿעלד. דער אַקער האָט זיך אָבער צעבראָכן אין דער האַרטער שטיינערנער ערד.

האָט דער פויער ביטער זיך צעוויינט:

— פֿעלד מײַנס, האָסט דאָך מיך אַמאָל גליקלעך געמאַכט. לאָז זיך אויך איצט צעאַקערן, כּדי איך זאָל האָבן אַ שטיקל ברויט! איך שטאַרב דאָך פֿון הונגער. —

— ניין! — האָט אַ קול פֿון דער ערד אַרויסגעשריִען, — האָסט דאָך ניט געוואָלט מיך באַאַרבעטן, בין איך דעריבער האַרט ווי אַ שטיין. געלט ווערט ווינציקער און פֿאַרשווינדט. די ערד איז אייביק. ווער עס באַאַרבעט זי געטריַי, עסט ברויט צו זאַט. דו האָסט זיך פֿאַרלאָזט אויף דיַין ריַיכקייט און אין מיר פֿאַרגעסן. איצט עס מיַינע שטיינער און דערנער. —

אַזוי האָט די ערד פֿאַרטריבן פֿון זיך דעם לײַכטזיניקן פויער.

(פֿאָלקס-מעשׂה)

## וואָס באַטיַיט?

1. **פויער** — peasant. 2. **אוצר** (אויצער) — treasure. 3. **אַקערן** — to plow. 4. **רידל** — spade. 5. **אויסגראָבן** — to dig out. 6. **פֿאַרבעטן** — to invite. 7. **שׂמחה** (סימכע) — party. 8. **כּמעט** (קימאַט) — almost, nearly. 9. **דאָרף** — village. 10. **האָרעווען** — שווער אַרבעטן. 11. **שווייס** — sweat.

1. **זיצן פֿאַרלייגט די הענט** — to be idle. 2. **גרייט געלט** — געלט וואָס מען האָט פֿון פֿריִער. 3. **נויט** — need, want. 4. **פֿאַרוואָרלאָזן** — to neglect. 5. **דערנער** — thorns. 6. **אַריבערטראָגן** — דאָ: — to endure, to stand. 7. **קול** (קאָל) — voice. 8. **פֿאַרשווינדן** — to disappear. 9. **אייביק** — eternal. 10. **עסן צו זאַט** — to eat one's fill. 11. **לײַכטזיניק** — light minded.

## פֿראַגעס:

1. וואָס האָט דער פויער געפֿונען ווען ער האָט געאַקערט דאָס פֿעלד? 2. ווי האָט דער אוצר געביטן דעם פויערס לעבן? 3. וואָס איז געשען מיטן פֿעלד, וואָס דער פויער האָט ניט געאַקערט? 4. וואָס איז מיטן פויער געשען מיט יאָרן שפּעטער? 5. ווי האָט ער געוואָלט צוריק זיך שטעלן אויף די פֿיס? 6. פֿאַרוואָס האָט זיך דער אַקער צעבראָכן? 7. וואָסער טענה האָט דער פויער געהאַט צום פֿעלד? 8. וואָס האָט דער פֿעלד געענטפֿערט? 9. געפֿינט די פּאָר שורות וואָס גיבן איבער דעם הויפּט-געדאַנק פֿון דער דערציילונג.

# דאָס ליד פֿון ברויט

פֿאַר די הענטלעך און די רינגען
שיינע קליינע קינדער זינגען:
גאָט געטרייַער, גיב אַ רעגן
פֿון די קליינע קינדערס וועגן!

ווייַזט אַ וואָלקן זיך פֿון אויבן —
נעמען זיך די פֿעלדער שטויבן,
און אַ רעגן — פּערל־רייַן —
טריף־טראָפּ, טריף־טראָפּ, הייבט אָן גייַן.

נעמען פֿעלדער זיך צעשפּרייטן,
ווייך צעאַקערטע אין בייטן.
ווערן גרינע קאָרנזאַנגען
פֿון די בייטן אויפֿגעגאַנגען.

נעמט אַ טוי אויף זיי באַלד פֿאַלן.
וואַרעמט זיי די זון מיט שטראַלן.
ווערן פֿעלדער געל ווי גאָלד,
פֿול מיט קאָרן, קאָרנגאָלד.

נעמען פֿולע פֿורן פֿאָרן,
פֿורן פֿאָרן, פֿירן קאָרן
דורך די בערג און דורך די טאָלן
אין די מילן דאָס צו מאָלן.

הייבן אָן די ווינטן ווייען,
און די מילנפֿליגל — דרייען.



מאָלן מילן, מאָלן שנעל
פֿון דעם קאָרן ווײַסע מעל.

קויפֿט דער בעקער מעל מיט הייוון
און פֿאַרהייצט זײַן גרויסן אויוון.
ברענט דאָס פֿײַער, שײַטלעך קנאַקן.
נעמט דער ברויט זיך בעסער באַקן.

קויפֿן מאַמעס ברויט דעם פֿרישן
און דערלאַנגען אויף די טישן.
עסן קינדער פֿרישן ברויט,
זײַנען זיי געזונט און רויט.

(מאַני לייב)

### וואָס באַטײַט ?

1. אין די רינגען — .in a circle 2. וואָלקן — .cloud 3. צעאַקערט — .ploughed 4. בייטן — .furrows 5. קאָרנזאַנגען — .ears of rye 6. טוי — .dew 7. שטראַלן — .rays, beams 8. קאָרן — .rye 9. מאָלן — .to grind 10. ווייען — בלאָזן. 11. מילנפֿליגל — .wings of a mill 12. דרייען (זיך) — .to turn, to revolve 13. מעל — .flour 14. חייוון — .yeast 15. פֿאַרהייצן — .to make fire, to heat 16. אויוון — .stove 17. שײַטלעך — שטיקלעך האָלץ, .pieces of wood

## ווער צו וועמען דאַרף אָנקומען ?

### א.

אַ פּויער, וואָס האָט יאָרנלאַנג באַאַרבעט זײַן פֿעלד, האָט געמיינט אַז די גאַנצע וועלט דאַרף אָנקומען נאָר צו אים, און ער דאַרף צו קיינעם ניט אָנקומען.

— מײַן אַרבעט, — האָט ער געזאָגט, — איז די וויכטיקסטע. איך בין ניצלעכער פֿון אַלעמען. ווען איך זאָל ניט צעאַקערן דאָס פֿעלד, ניט פֿאַרזייען און ניט אָפּשנײַדן די תּבֿואה, וואָלט קיינער ניט געהאַט וואָס צו עסן. אַלע מוזן אָנקומען צו מיר און איך צו קיינעם ניט.

מענטשן האָבן געהערט די רייד פֿון דעם פּויער און געשמייכלט.

איין טאָג, ווען דער פויער איז אַרויס אויפֿן פֿעלד צו דער אַרבעט, האָט בײַ אים זיך צעבראָכן אַ ראָד פֿון וואָגן.
איז ער אַוועק צום שמיד.
— מאַך מיר צורעכט דעם וואָגן, — בעט דער פויער.
— איך וויל נישט! — ענטפֿערט אים דער שמיד.
— פֿאַרוואָס ווילסטו נישט? — פֿרעגט אים דער פויער, — אָן אַ וואָגן וועל איך דאָך ניט קענען צונויפֿנעמען די תּבֿואה פֿון פֿעלד.
— וואָס גייט עס מיר אָן? — לאַכט דער שמיד,— זאָל די וועלט וויסן, אַז אַלע מוזן אָנקומען צום פויער, אָבער דער פויער מוז אָנקומען צום שמיד.
האָט דער פויער זיך פֿאַרשעמט און גענומען בעטן דעם שמיד מיט גוטן, ער זאָל אים פֿאַרריכטן דעם וואָגן.
— גוט, — זאָגט דער שמיד, — איך וועל עס פֿאַר דיר טאָן, אָבער דו מוזסט גלײַך אויסשרײַען, אַז אַלע זאָלן הערן אַז דו דאַרפֿסט אָנקומען צו דעם שמיד.
דער פויער האָט זיך ניט געקענט העלפֿן און ער האָט אויס־געשריִען הויך אַז אַלע מענטשן זאָלן הערן:
— אַלע דאַרפֿן אָנקומען צו דעם פויער, אָבער דער פויער מוז אָנקומען צו דעם שמיד.
דער שמיד האָט זיך צעלאַכט און צורעכט געמאַכט דעם פויערס וואָגן.

## ב.

האָט געטראָפֿן אַז בײַ דעם פויער האָבן זיך צעריסן די שיך. איז ער אַוועק צום שוסטער, אַז ער זאָל אים אויפֿנייען אַ פאָר נײַע שיך.
— ניין, איך וויל ניט! — זאָגט דער שוסטער.
— פֿאַרוואָס ווילסטו ניט? — שרײַט דער פויער, — איך קען דאָך ניט אַרויסגיין אַרבעטן באָרוועס אין פֿעלד. איך וועל זיך דאָך צעשנײַדן די פֿיס.
— וואָס אַרט עס מיך? — לאַכט דער שוסטער, — זאָל די וועלט וויסן אַז זי מוז אָנקומען צום פויער, אָבער ער אַליין מוז אָנקומען צום שוסטער.

דער פויער האָט פֿאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און אָנ־געהויבן מיט גוטן בעטן בײַם שוסטער אַ פּאָר שיך.

— גוט, פויער, דו האָסט בײַ מיר אַ פּאָר שיך! — זאָגט דער שוסטער, — דו מוזסט אָבער צו ערשט הויך אויסשרײַען, אַלע זאָלן הערן, אַז דו, דער פויער, דאַרפֿסט אָנקומען צו מיר, דעם שוסטער.

האָט דער פויער, נעבעך, געמוזט פֿאָלגן דעם שוסטער, און אויסשרײַען הויך וואָס מער מענטשן זאָלן הערן:

— אַלע דאַרפֿן טאַקע אָנקומען צום פויער, נאָר דער פויער אַליין דאַרף אָנקומען צום שוסטער.

מענטשן האָבן דאָס געהערט און געלאַכט.

## ג.

אין עטלעכע טעג אַרום, נאָך דער מעשׂה מיטן שוסטער, קומט דער פויער צו דעם מילנער, ער זאָל אָפּמאָלן זײַן תּבֿואה.

— ניין, ניין, איך וועל דײַן תּבֿואה ניט מאָלן, — זאָגט דער מילנער.

— ס'טײַטש, — וויינט דער פויער, — ווי באַלד דו וועסט ניט מאָלן מײַן תּבֿואה, וועל איך דאָך שטאַרבן פֿון הונגער?

— וואָס גייט עס מיר אָן? — ענטפֿערט רואיק דער מילנער, — זאָל די וועלט וויסן, אַז אָן דעם מילנער קען דער פויער ניט לעבן.

דער פויער האָט אויך דאָס מאָל זיך געמוזט אָוועקשטעלן אין גאַס און הויך אויסשרײַען אַז אָן דעם מילנער, איז דעם פויערס אַרבעט גאָרניט ווערט.

## ד.

איין מאָל, ווען דער פויער איז אַרויס אין פֿעלד אַרבעטן, איז געווען זייער אַ הייסער טאָג. האָט די זון אים שטאַרק געבערענט אין קאָפּ.

איז ער אַוועק צום היטל־מאַכער קויפֿן אַ היטל.

— ניין, איך פֿאַרקויף דיר ניט קיין היטל,— זאָגט דער היטל־מאַכער.

— פֿאַרוואָס ניט? — הייבט דער פויער אָן זיך צו בעטן, — איך קאָן דאָך ניט שטיין אין פֿעלד מיט אַ בלויזן קאָפּ און די זון זאָל מיך ברענען.

— וואָס איז מײַן דאגה? — שמייכלט דער היטל־מאַכער, —

זאָלן מענטשן וויסן, אַז דער פּויער קען זיך ניט באַגיין אָן אַ היטל אויפֿן קאָפּ.

אַ פֿאַרשעמטער האָט דער פּויער געמוזט אויסשרייַען אַז ער מוז אָנקומען צום היטל־מאַכער.

אַזוי האָט דער פּויער געמוזט אָנקומען צום שנייַדער, צום קרעמער, צום דאָקטער, און צו נאָך און נאָך אַנדערע מענטשן.

יעדער איינער האָט פֿון אים געלאַכט און יעדער מאָל האָט ער געמוזט אויסשרייַען הויך אַז ער מוז אָנקומען צו די מענטשן.

איין מאָל איז ער אַרייַנגעקומען צו אַ שערער און ער האָט געמוזט אויסשרייַען:

— אַלע דאַרפֿן אָנקומען צום פּויער, אָבער דער פּויער אַליין מוז אָנקומען צום שמיד, צום שוסטער, צום היטל־מאַכער, צום שנייַדער, צום בעקער, צום קרעמער, צום דאָקטער און שערער.

האָט זיך בייַ אים פֿאַרדרייט די צונג אין מויל.

ער האָט פּלוצעם דערזען וואָס פֿאַר אַ נאַר ער איז געווען. ער האָט זיך הויך צעלאַכט און אויסגעשריִען:

— אַלע מוזן אָנקומען צום פּויער און דער פּויער מוז אָנקומען צו אַלעמען. (פֿאָלקס־מעשׂה)

1. אָנקומען — to depend on. 2. פּויער — peasant. 3. צעאַקערן — to plow. 4. פֿאַרזייען — to sow. 5. תּבֿואה (טוואוע) — grain. 6. ראָד — wheel. 7. שמיד — blacksmith. 8. צו רעכט מאַכן, פֿאַרריכטן — to repair. 9. וואָס גייט עס מיר אָן? — what do I care? 10. פֿאַרשעמען זיך — to blush. 11. באָרוועס — barefoot. 12. וואָס אַרט עס מיך? — what is it to me? 13. פֿאָלגן — to listen to. 14. מעשׂה (מייַסע) — דאָ: — happening. 15. אָפּמאָלן — to grind. 16. ס'טייַטש — what does it mean? how is that? 17. היטל־מאַכער — cap-maker. 18. בלויז — דאָ: — bare. 19. וואָס איז מייַן דאגה? (דייַגע) — it does not concern me. 20. באַגיין זיך אָן — to do without. 21. שערער — barber.



# װאונדער



װאונדער איבער װאונדער,
אומעטום, אין אַלץ!
אין אונדזער ברויט דעם שװאַרצן,
אין אונדזער װײַסן זאַלץ.

און אין דעם בלױען װאַסער
װאָס שטילט דעם דורשט אונדז אײַן.
און אין דעם רויטן פֿײַער
װאָס װאַרעמט אונדז מיט שײַן.

און אין דעם קינדס געלעכטער
װאָס הילכט פֿון מאַמעס שויס,
און אין די קלײנע קינדער
װאָס װאַקסן גרויסע אויס.

אוי, װאונדער איבער װאונדער,
װאונדער אָן אַ שיעור!
און פֿון אַלע װאונדער,
קינדער, זינגען מיר!

(מאַני לייב)

## פֿראַגעס:

1. פֿון װעלכע װאונדער זינגט דער דיכטער? 2. װאו געפֿינען זיך די װאונדער: ערגעץ װײַט אָדער גאָר נאָענט אַרום אונדז? 3. װאָס איז דער גרעסטער װאונדער: דער שװאַרצער ברויט װאָס מיר עסן, דער בלויער װאַסער װאָס שטילט אונדזער דאָרשט, דער רויטער פֿײַער װאָס װאַרעמט אונדז, די קלײנע קינדער װאָס װאַקסן אויס גרויסע, צי דער װײַסער זאַלץ אָן װעלכן מיר קענען ניט לעבן? 4. זעט יעדער מענטש די אַלע װאונדער? 5. פֿאַר װאָס זעט זיי דער דיכטער?




## זײַט געגריסט

פֿון אַ לאַנד, וואָס ליגט ווײַט איבער ימען,
כ'שיק אַ האַרציקן וואַרעמען בריוו
צו די ברידער און שוועסטער מײַנע
אין ירושלים, חיפֿה און תּל־אָבֿיבֿ.

עס האָבן די זיידעס און טאַטעס
אַ ליכטיקן חלום געהאַט:
אַ היים פֿאַר די זין פֿון ישראל,
צו לעבן געזיכערט און זאַט.

עס האָבן די זיידעס געחלומט,
געחלומט בײַטאָג און בײַנאַכט,
און איר האָט גענומען דעם חלום,
און חלום פֿאַר אמת געמאַכט.

איר האָט מיטן אייגענעם אָטעם
געטריקנט די זומפן פֿון לאַנד,
די שטיינער און דערנער געריסן
מיט מידער, מיט בלוטיקער האַנט.

געווייקט און געבאָדן די זאַמדן,
ביז וואַנען די ערד האָט דערוואַכט,
און ס'האָבן די פֿרוכטן און גרינסן
זיך זוניק און פֿריידיק צעלאַכט.

געהאָפֿט און געבעטן אויף שלום,
נאָר מוטיק, און זיכער און פֿעסט
נעגרייט זיך אַנטקעגן דעם שונא
צו שיצן די אייגענע נעסט.

איצט קווערט אָן מײַן האַרץ פֿון דער ווײַטנס,
און ס׳רײַסט זיך אַרויס פֿון מײַן בריוו:
מײַן ברכה אויף אײַך, מײַנע ליבע,
אין ירושלים, חיפֿה און תל־אָבֿיבֿ.

(י. גויכבערג)

## וואָס באַטײַט?

1. ים (יאַם), ימען (יאַמען) — sea, seas. 2. האַרציק — hearty. 3. חלום (כאָלעם) — dream. חלומען (כאָלעמען) — to dream. 4. אין זאַט — דאָ: — in abundance. 5. אָטעם — breath. 6. טריקענען — to dry. 7. זומפּן — swamps. 8. דאָרן, דערנער — thorn, thorns. 9. ווייקן — to soak. 10. זאַמד — sand. 11. דערוואַכן — to awake. 12. גרינסן — vegetables. 13. שלום (שאָלעם) — peace. 14. שונא (סוינע) — enemy. 15. שיצן — to protect. 16. אָנקוועלן — to rejoice. 17. ברכה (בראָכע) — blessing.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| ים | ירושלים | תל־אָבֿיבֿ | חלום | אמת | שונא |
| ימען | חיפֿה | | חלומען | שלום | ברכה |

## פֿראַגעס:

1. צו וועמען שיקט דער דיכטער זײַן גרוס? 2. וואָסער לאַנד איז דאָס „וואָס ליגט ווײַט איבער ימען”? 3. פֿאַרוואָס האָט דער דיכטער אויסגעקליבן דווקא די שטעט ירושלים, חיפֿה און תל־אָבֿיבֿ? 4. וועגן וועלכן חלום רעדט זיך עס אין ליד? 5. ווער האָט דעם חלום געחלומט און ווער האָט אים „געמאַכט פֿאַר אַן אמת”? 6. אין וועלכע שורות ווערט באַשריבן: א) די שווערע אַרבעט פֿון די חלוצים? ב) דער קאַמף צו באַשיצן ישׂראל? ג) די פֿרייד פֿון דיכטער מיטן ייִדישן לאַנד?

# אַ בוים בליט אין מדבר

### א. שווער איז געווען די אַרבעט

אין אַ קאַלטן פֿרימאָרגן זײַנען אָנגעקומען חלוצים און חלוצות אין מדבר און אָנגעהויבן אויפֿצושטעלן בײַדלעך.

דרײַ אַראַבער וואָס האָבן געריטן אויף אייזלען האָבן זיך אָפּגעשטעלט און פֿאַרוואונדערט געפֿרעגט:

— וואָס טוט איר דאָ, יִדן?

— מיר שטעלן אויף אַ דאָרף, — האָבן די חלוצים און חלוצות געענטפֿערט.

האָבן די אַראַבער זיך צעלאַכט און אויסגערופֿן:

— משוגענע יִדן, וואָס איר זײַט! אָט דאָ אין מדבר שטעלט איר אויף אַ דאָרף? זעט איר ניט אַז אויף מײַלן ווײַט איז ניטאָ קיין סימן פֿון אַ גרעזל, קיין סימן פֿון אַ ביימל? די ערד איז דאָ פֿול מיט זאַלץ. גאָט האָט פֿאַרשאָלטן אָט דאָס שטיק לאַנד. מיר און אונדזערע עלטערן און אורעלטערן לעבן דאָ טויזנטער יאָרן און מיר האָבן נאָך קיין מאָל ניט געזען אַז אַפֿילו אַ ווילד געוויקס זאָל זיך דאָ ווײַזן. זעט איר ניט אַז דאָ איז מדבר? ס'איז דאָך ניט ווײַט פֿון טויטן ים און אַלץ אַרום איז טויט.

האָבן די חלוצים און חלוצות געענטפֿערט:

— קומט צוריק אַהער אין אַ צוויי־דרײַ יאָר אַרום, וועט איר זען. איר וועט יעמאָלט ריידן אַנדערע רייד.

האָבן די אַראַבער אַ טרײַב געטאָן די אייזלען און געזאָגט:

— משוגענע יִדן! זיי מיינען אַז זיי זײַנען די קליגסטע אין דער וועלט. — אָפּגעזאָגט און אַוועק.

טעג און חדשים זײַנען אַריבער. די חלוצים און חלוצות האָבן געאַרבעט פֿון פֿאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט. שווער איז זיי געפֿאַלן די אַרבעט. די זון האָט געגאָסן מיט פֿײַער, די היץ איז אַרויף ביז הונדערט און צוואַנציק גראַד און קיין שאָטן פֿון אַ בוים איז ניט געווען מײַלן ווײַט אַרום.

## וואָס באַטײַט ?

1. **בליִען** — to blossom. 2. **חלוץ** (כאַלעץ), **חלוצים** (כאַלוצים), **חלוצה** (כאַלוצע), **חלוצות** (כאַלוצעס) — pioneers in Israel. 3. **מדבר** (מידבער) — desert. 4. **בײַדלעך** — booths. 5. **רײַטן** (געריטן) — to ride (rode). 6. **אייזל** — donkey. 7. **פֿאַרוואונדערט** — surprised. 8. **דאָרף** — village. 9. **סימן** (סימען) — trace, sign. 10. **פֿאַרשילטן** (פֿאַרשאָלטן) — to curse, cursed. 11. **אורעלטערן** — forefathers, ancestors. 12. **אַפֿילו** (אַפֿילע) — even. 13. **געוויקס** — growth. 14. **חודש** (כוידעש), **חדשים** (כאַדאָשים) — month, months. 15. **פֿאַרטאָג** — dawn. 16. **פֿאַלן שווער** — to be hard. 17. **גיסן** — to pour. 18. **שאָטן** — shadow.

| | | | |
|---|---|---|---|
| חלוץ | חלוצות | סימן | חדשים |
| חלוצים | מדבר | אַפֿילו | רחמנות |
| חלוצה | משוגע | חודש | |

### ב. טוריסטן פֿון אַמעריקע

אַ פּאָר חדשים שפּעטער זײַנען אָנגעקומען טוריסטן פֿון אַמעריקע. זיי האָבן אָנגעקוקט דעם טויטן ים און זיך אָפּגעשטעלט לעבן די חלוצים און חלוצות וואָס האָבן געאַרבעט אין מדבר.

— וואָס טוט איר דאָ ? — האָבן די טוריסטן געפֿרעגט.

— מיר וואַשן די ערד, — האָבן די חלוצים געענטפֿערט.

— איר וואַשט די ערד ? ווי וואַשט מען ערד ? — האָבן די אַמעריקאַנער געפֿרעגט פֿאַרוואונדערט. האָבן די חלוצים געענטפֿערט :

— צוויי מײַל פֿון דאַנען פֿליסט דער ירדן. ברענגען מיר וואַסער אין עמערס און גיסן אויף דער מדבר־ערד. דאָס וואַסער וואַשט אויס די זאַלצן פֿון דער ערד. אַז דאָס גאַנצע זאַלץ וועט אויסגערייניקט ווערן פֿון דער ערד, וועלן מיר פֿאַרפֿלאַנצןביימער און פֿאַרזייען גראָז.

האָבן די טוריסטן געענטפֿערט :

— מיר קומען פֿון אַמעריקע, פֿון לאַנד וואָס קאָן אַלץ באַווײַזן. אַזאַ זאַך ווי וואַשן מדבר־ערד האָבן מיר ניט געהערט.

האָבן די חלוצים געענטפֿערט:

— נו, גוט, קומט אין אַ צוויי־דרײַ יאָר אַרום, וועט איר זען אַז ביימער וועלן דאָ בלִיען און פֿעלדער וועלן דאָ גרינען.

זײַנען די טוריסטן אַוועק, האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס און געזאָגט:

— וואוילע יונגען די יִדישע חלוצים, אָבער ס'איז אַ רחמנות אויף זיי. זייער מי איז אומזיסט.

## וואָס באַטײַט?

1. פֿליסן — to flow. 2. עמער — pail. 3. פֿאַרפֿלאַנצן — to plant. 4. פֿאַרזייען — to sow. 5. קוועטשן מיט די פּלייצעס — to shrug the shoulders. 6. רחמנות (ראַכמאָנעס) — pity.

### ג. אַ פּראָפֿעסאָר קומט אָן

מיט אַ חודש שפּעטער איז געקומען צו די יונגע חלוצים אַ פּראָפֿעסאָר. ער איז געווען אַ באַרימטער אַגראָנאָם און מען האָט אים געשיקט פֿון ירושלים זען ווי די אַרבעט גייט אין נײַעם דאָרף. ער איז געקומען, האָט אַ קוק געטאָן דאָ, אַ שמעק געטאָן דאָרט. גענומען אַ ביסל ערד און אַרײַנגעלייגט אין אַ פֿלעשעלע וואָס איז געווען פֿול מיט עפּעס אַ גרינער פֿליסיקייט. גענומען נאָך אַ ביסל ערד און אַרײַנגעלייגט אין אַ צווייט פֿלעשעלע וואָס איז געווען פֿול מיט אַ געלער פֿליסיקייט. ער האָט געטרייסלט די פֿלעשעלעך, געקוקט ווי די פֿליסיקייט פֿאַרלירט איר קאָליר און געשאָקלט מיטן קאָפּ. דערנאָך האָט ער גענומען אַ ביסל ערד, צעשפּרייט עס אויף דער פֿלאַך פֿון דער לינקער האַנט און עס אַ לעק געטאָן.

ער איז אויפֿגעשפּרונגען אַן אויפֿגערעגטער, דאָס פּנים רויט, די אויגן פֿאַרלאָפֿן. ער האָט אויסגעשריִען:

— ס'איז סם. די ערד איז אַ פֿאַרסמטע. גיך גיט מיר אַ גלאָז וואַסער!

מען האָט אים געבראַכט אַ גלאָז וואַסער. ער האָט אויף גיך אויסגעשווענקט דאָס מויל. דערנאָך האָט ער געבעטן מילך. מען האָט אים געבראַכט אַ קריגל מילך. ער האָט געטרונקען די מילך פּאַמעלעך — אַראָפּגעשווענקט דעם

סם — און געטראַכט. אַז ער האָט אויסגעטרונקען די מילך האָט ער זיך אויפֿגעשטעלט און געזאָגט:

— הערט זיך אײַן, טײַערע חלוצים און חלוצות, אײַער אַרבעט איז אַרויסגעוואָרפֿן. איך זאָג אײַך, אַז די ערד איז פֿאַרסמט. ס'וועט קיין מאָל דאָ גאָרניט נישט וואַקסן.

די בחורים און מיידלעך האָבן געשוויגן און ניט גע־ענטפֿערט. נאָר איין דוד, אַ בחור מיט אַ פֿאַרעקשנטן מויל און מילדע ברוינע אויגן, האָט זיך אויפֿגעשטעלט און געזאָגט:

— הער פּראָפֿעסאָר, קומט צו אונדז אין אַ יאָר צוויי אַרום, וועט איר דאָ זען בליִענדיקע ביימער און גרינע פֿעלדער.

דער פּראָפֿעסאָר איז אין כּעס געוואָרן און איז אַוועק.

## וואָס באַטײַט?

1. באַרימטער — famous. 2. אַ שמעק טאָן — to sniff around. 3. פֿלעשל — small bottle. 4. פֿליסיקייט — liquid. 5. טרייסלען, שאָקלען — to shake. 6. פֿלאַך — palm. 7. אויפֿגערעגט — excited. 8. די אויגן פֿאַרלאָפֿן — דאָס בלוט איז אים אַרײַן אין די אויגן. 9. סם (סאַם) — poison; פֿאַרסמט (פֿאַרסאַמט) — poisoned. 10. אויסשווענקען — to rinse. 11. פּאַמעלעך — slowly. 12. בחור (באָכער) — fellow. 13. פֿאַרעקשנט (פֿאַראַקשנט) — stubborn. 14. אין כּעס (קאַעס) ווערן — to get angry.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| ירושלים | סם | פֿאַרסמט | דוד | בחור | כּעס<br>פֿאַרעקשנט |

### ד. ווינט און פֿײַער

זעקס חדשים האָבן די חלוצות און חלוצים אָפּגעאַרבעט. אין איינעם אַ האַרבסט־אָוונט זײַנען זיי געזעסן אין הויפּט־געצעלט (קיין הײַזער זײַנען נאָך ניט אויפֿגעבויט געוואָרן) און געגעסן זייער מאָגערן מאָלצײַט. אַ שטאַרקער ווינט האָט געשלאָגן און אויפֿגעהויבן וואָלקנס שטויב. די חלוצים האָבן פֿאַרצויגן שטײַפֿער די שטריק אַרום געצעלט און גע־וואַרט מיט געדולד דער ווינט זאָל זיך אײַנשטילן. מיט אַ מאָל האָט אויסגעבראָכן אַ שטורעם און אַראָפּגעריסן דאָס

געצעלט, איבערגעקערט די שטולן, דעם טיש, אומגעוואָרפֿן דעם נאַפֿט־לאָמפּ. אַ פֿײַער האָט אָנגעצונדן דאָס ביסל מעבל. דאָס געצעלט איז פֿאַרטראָגן געוואָרן אין מדבר. און די חלוצים און חלוצות זײַנען געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ.

יענע נאַכט איז קײנער פֿון זײ ניט געשלאָפֿן. יעדער אײנער איז געלעגן אײַנגעװיקלט אין זײַן אײבערמאַנטל, דער קאָפּ טיף פֿאַרשטעקט און געװען װאַך מיט פֿאַרמאַכטע אױגן. אין דער פֿינצטער האָט זיך מיט אַ מאָל דערהערט אַ געװײן. דאָס האָט געװײנט די חלוצה לאה, די װאָס אַלע האָבן זי גערופֿן „לאה די לאַכעדיקע”. זי האָט געװײנט און גערעדט מיט אַ שלוכץ:

— מער קאָן איך ניט, מער קאָן איך ניט!

אַז זי איז שטיל געװאָרן, האָט זיך דערהערט דודס שטים:

— נײן, מיר װעלן ניט אַװעק פֿון דאַנען!

קײנער האָט אים ניט געענטפֿערט. דוד האָט װײַטער גערעדט:

— חלוצים און חלוצות, אײדער מיר זײַנען געקומען אַהער האָבן מיר געװאוסט װאָס פֿאַר אַ באָדן דאָס איז. מיר זײַנען געקומען אַהער מלחמה האַלטן, מלחמה האַלטן מיטן מדבר. מיט פֿופֿציק יאָר צוריק איז גאַנץ ארץ־ישׂראל געװען אַ מדבר. װאָס איז געװען דער גליל? אַ מדבר! װאָס איז געװען די שטאָט תּל־אָבֿיבֿ? אַ מדבר! מדבר, מדבר, מדבר. די בױערס פֿון גליל, פֿון תּל־אָבֿיבֿ האָבן באַזיגט דעם מדבר. אױך מיר װעלן אים באַזיגן. אױב איך זײַט מיד, איר האָט מער קײן כּוח ניט, גײט אײַך. אַנדערע װעלן קומען אױף אײַער אָרט.

— איך בלײַב דאָ, — האָט דוד װײַטער גערעדט, — איך בין געקומען אַהער באַװאַסערן דעם באָדן, אַקערן, זײען, פֿלאַנצן און בױען. הונדערטער װעלן קומען נאָך מיר. איבער די זאַמדן פֿון מדבר װעלן זיך ציִען פֿעלדער, װעלדער און גערטנער.

ווען דוד האָט געענדיקט ריידן האָבן אַלע חלוצים און חלוצות זיך אויפֿגעשטעלט ווי איין מענטש און געשוואָרן:

— מיר גייען ניט! מיר בלײַבן!

און אַ געזאַנג איז אויסגעבראָכן. דאָס געזאַנג איז געווען שטאַרקער פֿון דעם שטורעם־ווינט:

אין לאַנד געקומען,
אַקערן און בויען,
פֿלאַנצן און זייען —
מדבר אײַנגענומען.

## וואָס באַטײַט?

1. האַרבסט — autumn, fall. 2. געצעלט — tent. 3. מאָגערע מאָלצײַט — poor meal. 4. וואָלקנס — clouds. 5. שטויב — dust. 6. פֿאַרצויגן די שטריק — tightened the rope. 7. געדולד — patience. 8. שטורעם — storm. 9. איבערקערן — to turn over. 10. נאַפֿט — petroleum. 11. דאַך — roof. 12. אײַנוויקלען — to wrap. 13. אייבערראָק — overcoat. 14. וואַך — awake. 15. שלוכץ — געוויין. 16. באַדן — land. 17. מלחמה (מילכאָמע) — war. 18. באַזיגן — to conquer. 19. כּוח (קויאַך) — strength. 20. אַקערן — to plow. 21. זאַמד — sand. 22. וואַלד, וועלדער — wood, forest. 23. שווערן (געשוואָרן) — to swear (swore).

| | | | |
|---|---|---|---|
| מלחמה | כּוח | גליל | תל־אָביב |

### ה. צעןביימעלעך

עס זײַנען פֿאַרבײַ די חדשים פֿון האַרבסט און פֿון ווינטער. דוד איז אַוועק קיין ירושלים און איז צוריקגעקומען מיט צען יונגע ביימעלעך.

אין אָוונט האָט ער געזאָגט צו די חבֿרים:

— איך האָב געבראַכט צען ביימעלעך — ריטעלעך נאָר. אין דרײַ טעג אַרום איז חמשה־עשׂר בשבֿט, וועלן מיר פֿאַרפֿלאַנצן די ערשטע ביימעלעך לעבן טויטן ים.

האָט די לאַבעדיקע לאה אויסגערופֿן מיט פֿרייד:

— מיר וועלן צונויפֿרופֿן אַלע חבֿרים פֿון לאַנד און פֿײַערן דאָ אין מדבר אונדזער ערשטן חמשה־עשׂר בשבֿט.

האָט דוד געענטפֿערט:

— ס'איז נאָך צו פֿרי פֿאַר יום־טובֿ. מיר וועלן טאַקע פֿאַרפֿלאַנצן די ביימעלעך, אָבער ווער ווייס צי וועלן זיי זיך אָננעמען. לאָמיר צוואַרטן. איבער אַ יאָר, אויב די ביימעלעך וועלן זיך אָננעמען און אונדזערע „קינדער" וועלן אויסוואַקסן, וועלן ווערן אַ יאָר אַלט, וועלן מיר מאַכן דעם אמתן יום־טובֿ, מיר וועלן פֿײַערן דעם ריכטיקן חמשה־עשׂר בשבֿט.

אַלע האָבן מסכּים געווען מיט דודן.

חמשה־עשׂר בשבֿט אין דער פֿרי זײַנען אַלע חלוצים און חלוצות אַרויס אין „גאָרטן" און פֿאַרפֿלאַנצט די ביימעלעך. זיי האָבן זיי באַוואַסערט און אַרומגעלייגט גוטע ערד אַרום זיי. געענדיקט די אַרבעט, האָבן די חלוצים און חלוצות זיך גענומען פֿאַר די הענט, און האַנט אויף אַקסל — געטאַנצט אַ האָראַ און געזונגען זייער ליד:

אין לאַנד נעקומען,<br>
אַקערן און בויען,<br>
פֿלאַנצן און זייען —<br>
מדבר אײַנגענומען.

## וואָס באַטײַט?

1. חודש (כוידעש), חדשים (כאַדאָשים) — month, months. 2. ריטעלעך — דאָ: גאַנץ דינע קליינע ביימעלעך. 3. שבֿט (שוואָט) — דער פֿינפֿטער ייִדישער מאָנאַט. פֿאַלט אויס ענדע יאַנואַר און אָנהייב פֿעברואַר. 4. חמשה עשׂר בשבֿט (כאַמישאָ אָסער בישוואָט) — דער פֿופֿצנטער טאָג פֿון מאָנאַט שבֿט — דאָס נײַ־יאָר פֿון ביימער — Jewish Arbor Day. דאָס איז בײַ ייִדן אין ארץ־ישׂראל געווען אַ יום־טובֿ ווען די ביימער הייבן אָן צו בליִען און ווען מען פֿאַרפֿלאַנצט נײַע ביימער. 5. פֿײַערן — to celebrate. 6. אָננעמען זיך — to take root. 7. אמת — דאָ: — real. 8. מסכּים זײַן — to agree. 9. אַקסל — shoulder.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| חודש | חבֿר | חמשה עשׂר | אמת | ים |
| חדשים | חבֿרים | בשבֿט | מסכּים זײַן | יום־טובֿ |

עס זײַנען אַוועק טעג און װאָכן, די חלוצים האָבן געוואַכט איבער די צען ריטעלעך־ביימעלעך ווי אַ מאַמע וואַכט איבער קינדער.

— זיי וואַקסן, זיי וואַקסן! — האָבן זיי אויסגערופֿן איינע צו די אַנדערע יעדן פֿרימאָרגן, ווען זיי האָבן באַקוקט די ביימעלעך.

איין מאָל אין אַ פֿרימאָרגן איז דוד אַרויס אין גאָרטן. ער האָט זיך באַלד צוריקגעקערט אַן אומעטיקער און געזאָגט:

— צוויי זײַנען געשטאָרבן.

די לאַכעדיקע לאה האָט אים געטרייסט:

— אַכט זײַנען געבליבן.

אָבער ס'איז ניט אַריבער קיין וואָך און די אַכט ביימעלעך זײַנען אויך פֿאַרדאַרט געוואָרן.

דוד איז ווידער אַוועק קיין ירושלים און געבראַכט פֿרישע ביימעלעך. מען האָט זיי פֿאַרפֿלאַנצט אין אַן אַנדער ווינקל פֿון גאָרטן. אָבער אויך די צען האָבן זיך ניט צוגענומען. דוד איז אַוועק צום דריטן מאָל קיין ירושלים און געבראַכט פֿרישע צען ביימעלעך־ריטעלעך און זיי פֿאַרפֿלאַנצט אין אַ דריטן ווינקל פֿון גאָרטן.



ס'איז אַריבער אַ חודש, נאָך אַ חודש און אַ דריטער חודש — די ביימעלעך וואַקסן. ניין חדשים זײַנען אַריבער, די ביימעלעך האָבן זיך אַ הייב געטאָן. אַכט צווײַגן אויף איין ביימל, ניין צווײַגן אויף אַן אַנדער ביימל און איינער פֿון זיי איז גאָר אַ פֿאַרשווין. אַלע צען זײַנען לעבן געבליבן.

— נו, — האָט דוד געזאָגט אין אַן אָוונט, — הײַ־יאָר חמשה־עשׂר בשבֿט וועלן מיר אַ הוליע טאָן.

ס'איז אָנגעקומען דער חודש שבֿט. די חלוצים און חלוצות האָבן צעשיקט בריוו איבערן גאַנצן לאַנד: „קומט, פֿרייט זיך מיט אונדזערע נײַע צען ביימעלעך וואָס וואַקסן לעבן טויטן ים. אַ נײַער ייִדישער ישובֿ איז אויפֿגעקומען אין מיטן מדבר.״ אויך צו די אַראַבער אין יריחו האָבן זיי געשריבן און צו דעם פּראָפֿעסאָר אין ירושלים. צו די טוריסטן אין אַמעריקע האָבן זיי געשיקט אַ טעלעגראַם:

— איר געדענקט, ווי מיר האָבן געוואַשן די ערד? קומט און זעט דעם צוגעזאָגטן וואונדער.

אויף חמשה־עשׂר בשבֿט זײַנען אָנגעקומען הונדערטער מענטשן. עס זײַנען געקומען ייִדן פֿון די קאָלאָניעס, פּראָפֿעסאָרן און סטודענטן, פֿריילעכע חלוצים, זינגעדיקע חלוצות און די אַראַבער פֿון יריחו.

אַלע האָבן געקוקט און געגאַפֿט: צען ביימער זײַנען געשטאַנען אין האַרץ פֿון מדבר. דער העכסטער פֿון זיי איז געווען אין גאַנצן אײַנגעטונקט אין בלִיעכץ — אַ בוים בליט אין מדבר! און די אַראַבער האָבן געזאָגט: כּישוף־מאַכערס זײַנען די ייִדן! מיר שווערן מיטן נאָמען פֿון אַללאַ אַז די ייִדן זײַנען כּישוף־מאַכערס!

1. וואַכן — to watch. 2. אומעטיק — sad. 3. טרייסטן — to comfort, to console. 4. פֿאַרדאַרן — to dry up. 5. ווינקל — corner. 6. צווײַגן — branches. 7. פֿאַרשווין — דאָ: גאָר שיין. 8. אַ הוליע טאָן — to be merry. 9. ישובֿ (יִישעוו) — settlement. 10. גאַפֿן — to gape. 11. אײַנגעטונקט — אין גאַנצן באַדעקט. 12. בלִיעכץ — blossom. 13. כּישוף־ (קישעף) מאַכערס — magicians.

| | |
|---|---|
| ישובֿ | כּישוף־מאַכערס |

## פֿראַגעס:

1. וואָס האָבן די חלוצים אויפֿגעשטעלט אין מדבר? 2. פֿאַרוואָס איז די אַרבעט געווען אַזאַ שווערע? 3. פֿאַרוואָס האָבן די אַראַבער געלאַכט פֿון די חלוצים? 4. וואָס האָבן זיי צו די ייִדן געזאָגט? 5. וואָס האָבן דערויף די חלוצים געענטפֿערט? 6. פֿאַרוואָס האָבן די אַמעריקאַנער טוריסטן ניט געגלייבט אַז מען קען אויסוואַשן דעם זאַלץ פֿון מדבר־ערד? 7. וואָס האָבן די חלוצים זיי געענטפֿערט? 8. ווי האָט דער פּראָפֿעסאָר פֿון ירושלים געפֿאָרשט די ערד פֿון מדבר? 9. וועלכע טרויעריקע נײַעס האָט ער זיי געדאַרפֿט אָנזאָגן? 10. וואָס האָבן די חלוצים און חלוצות אויף דעם געענטפֿערט? 11. וואָס פֿאַר אַ מענטש איז געווען דער פּראָפֿעסאָר? 12. ווי האָבן די חלוצים געלעבט און געאַרבעט די ערשטע זעקס חדשים אין מדבר? 13. וואָס האָט איין מאָל שיִער ניט געבראָכן זייער מוט? 14. ווי האָט דוד געטרייסט און געמונטערט זײַנע חבֿרים אין דער שווערער שעה? (לייענט דודס ווערטער צו זײַנע פֿרײַנד). 15. ווי האָבן די חלוצים באַוויזן אַז אין מדבר קען וואַקסן אַ גאָרטן? 16. פֿאַרוואָס האָבן זיי אויסגעקליבן חמשה־עשׂר בשבֿט פֿאַרן טאָג פֿון פֿלאַנצן די ערשטע צען יונגע ביימעלעך? 17. ווי האָבן די ייִדן פֿון די קאָלאָניעס געפֿײַערט דעם יום־טובֿ פֿון נײַעם ישובֿ וואָס איז אויפֿגעקומען אין מדבר?



# אַ מעשׂה וועגן רויזן

## א.



דודל איז געבאָרן געוואָרן און אויסגעוואַקסן אין אַ קליין דערפֿל אין ישׂראל. ווען דודל איז נאָך געווען אַ קליינער, האָט מען אים געבראַכט אַ מתּנה פֿון תּל-אָבֿיבֿ, אַ פֿידל. אַ ביסל האָט ער זיך אַליין געלערנט, אַ ביסל האָט אים געלערנט אַן אַלטער קאַלאַניסט פֿון דערפֿל, וואָס האָט אויך ליב געהאַט צו שפּילן פֿידל.

יעדן אָוונט פֿלעגט דוד שפּילן אויף זײַן פֿידל. די פֿענצטער פֿון הויז זײַנען געווען אָפֿן און אַלע וואָס האָבן שפּאַצירט אויף דער גאַס האָבן געקענט הערן דודס שפּילן. יעטוועדן אָוונט איז דאָס גאַנצע דערפֿל פֿול געווען מיט דודלס פֿידל-שפּילן.

דודל האָט אויך ליב געהאַט צו לייענען צײַטונגען. איין מאָל לייענט ער אין צײַטונג, אַז אין אַמעריקע איז דאָ איינער, וואָס האָט אויסגעהאָדעוועט די שענסטע רויזן אין דער וועלט. די רויזן זײַנען גרויסע און מיט אַ סך, אַ סך קליינע בלעטלעך. זייערע קאָלירן זײַנען פֿאַרשיידענע און דער ריח פֿון די רויזן איז זיסער ווי דער ריח פֿון אַלע אַנדערע רויזן אין דער וועלט.

די נײַס וועגן די רויזן האָט דודלען פֿאַרכאַפּט. ער האָט פֿאַרמאַכט די אויגן און זיך פֿאַרגעשטעלט ווי אַזוי די רויזן זעען אויס. ער האָט אַזש דערפֿילט זייער ריח!

נאָר דוד האָט זיך געכאַפּט, אַז ער האָט דערווײַל נאָך ניט דורכגעלייענט ביזן סוף די שטעל אין דער צײַטונג וועגן די רויזן. און ווי פֿאַרוואונדערט איז ער געווען, און ווי גליקלעך איז ער געווען, ווען ער האָט געלייענט:

דער, וואָס האָט אויסגעהאָדעוועט די וואונדערלעכע רויזן לאָזט וויסן, אַז יעדער איינער פֿון אַן אַנדער לאַנד, וואָס וועט אים בעטן די זאָמען פֿון די רויזן, וועט זיי קריגן צוגעשיקט פֿון אַמעריקע.

ווי נאָר דודל האָט פֿאַרענדיקט לייענען, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט שרײַבן אַ בריוו. דודל האָט געשריבן ווער ער איז און וואו ער לעבט און ער האָט געבעטן מע זאָל אים צושיקן אַ זעקעלע מיט זאָמען פֿון די רויזן. דודל האָט דעם בריוו אַוועקגעשיקט און

קיינעם וועגן דעם ניט דערציילט. דודל האָט ניט ליב געהאַט צו רעדן וועגן זיך און צו באַרימען זיך, און אַפֿילו נ'ט ליב געהאַט צו דערציילן וואָס ער טוט.

1. דודל (דאָווידל). 2. דערפֿל — village. 3. פֿידל — violin. 4. קאָלאָניסט — דאָ: settler. 5. שפּאַצירן — to walk. 6. צײַטונג — newspaper. 7. אויסהאָדעווען — to raise, to rear. 8. בלעטלעך — leaves. 9. ריח (רייאַך) — odor. 10. פֿאַרכאַפּט — דאָ: caught his imagination. 11. פֿאָרשטעלן זיך — to imagine. 12. אַזש — almost. 13. כאַפּן זיך — זיך דערמאָנען, to remind oneself. 14. סוף (סאָף) — end. 15. שטעל — place. 16. זאָמען — seeds. 17. זעקעלע — small bag. 18. באַרימען זיך — to boast. 19. אַפֿילו — even.

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| דודל | ישראל | מתנה | תל־אָביב | ריח | סוף | אַפֿילו |

## ב.

איצט האָט דודל אָנגעהויבן צו וואַרטן און וואַרטן אויף אַן ענטפֿער. אָבער עס איז אַוועק אַ וואָך נאָך אַ וואָך און דאָס פּעקל מיט די זאָמען איז ניט אָנגעקומען. דוד האָט שוין געגומען טראַכטן, אַז זיי וועלן מסתּמא קיין מאָל ניט אָנקומען.

עס איז געקומען חמשה־עשׂר בשבֿט, דער יום־טובֿ פֿון ביימער און געוויקסן, דער יום־טובֿ פֿון פֿלאַנצן. יענעם טאָג האָבן די קינדער ניט געלערנט ווי אַלע מאָל, נאָר די גאַנצע שול איז געגאַנגען פֿלאַנצן ביימער. ווען דודל איז געקומען אַהיים איז ער געווען פֿאַרמאַטערט און הונגעריק.

„דודל, דאָס עסן וואַרט שוין אויף דיר“— זאָגט צו אים די מוטער, „אָבער וואַרט, עפּעס אַ פּעקעלע איז געקומען פֿאַר דיר, אַ פּעקעלע פֿון אַמעריקע. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ פּעקעלע און וואָס איז דאָרטן פֿאַראַן?“ דוד האָט ניט גלײַך געענטפֿערט. די מוטער איז דערווײַל געוואָרן פֿאַרנומען מיט אַנדערע זאַכן און זי האָט אים מער ניט געפֿרעגט.

יענעם אָוונט האָט דודל געשפּילט אויפֿן פֿידל שענער און האַרציקער ווי אַלע מאָל. זײַן שפּילן איז געווען אַזוי פֿול מיט האָפֿענונגען און מיט שיינקייט. דאָס גאַנצע דערפֿל האָט זיך צו־געהערט צו דודלס שפּילן און אַלע האָבן געזאָגט — „אונדזער דודל איז גאָר אַ בריה אויף דער פֿידל.“

קיינער האָט אָבער ניט געוואוסט פֿון דודלס סוד. קיינער האָט זיך ניט געקענט אָנשטויסן פֿאַרוואָס איז דודל דעם אָוונט אַזוי גליקלעך.

## וואָס באַטײַט?

1. פּעקל — package. 2. מסתּמא (מיסטאָמע) — probably. 3. חמשה עשׂר בשבֿט (כאַמישאָ אָסער בישוואַט). 4. געוויקסן — plants. 5. פֿלאַנצן — to plant. 6. פֿאַרמאַטערט — overworked. 7. פֿאַרנומען — busy. 8. בריה (בעריע) — master. 9. סוד (סאָד) — secret. 10. אָנשטויסן זיך — to guess.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| מסתּמא | חמשה עשׂר בשבֿט | יום־טובֿ | בריה | סוד |

### ג.

עס איז צוגעפֿאַלן די נאַכט. די געסלעך זײַנען שוין געוועזן ליידיק. אַלע זײַנען שוין געזעסן אין די היימען, אַנדערע זײַנען שוין געשלאָפֿן. אויף דער גאַס איז געווען נאָר דודל און אויבן איבער אים — אַ גרויסע רונדע לבֿנה, וואָס איז אים אומעטום נאָכגעגאַנגען.

איינער פֿון די עלטסטע אײַנוואוינערס פֿון דאָרף, בנימין, איז געזעסן בײַ זיך און געלייענט אַ בוך. פּלוצלונג הערט ער טריט לעבן הויז. ווענדט ער זיך צו דער פֿרוי: „רבֿקה, איך הער עפּעס טריט לעבן אונדזער הויז."

„יאָ," — זאָגט רבֿקה, — „איך הער עפּעס טריט לעבן אונדזער הויז."

עפֿענען זיי די טיר און זעען ווי דודל גייט פֿאַרבײַ זייער הויז. זײַן קאָפּ איז געבויגן צו דער ערד, פּונקט ווי ער וואָלט עפּעס וואָס געזוכט.

„וואָס טוסטו דאָ אַזוי שפּעט, דודל?" — פֿרעגט אים דער אַלטער. — „איך האָב עפּעס פֿאַרלאָרן" — ענטפֿערט דודל — „נאָר איך האָב עס שוין געפֿונען, אַ גוטע נאַכט אײַך."

אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט די זעלביקע זאַך געטראָפֿן אין אַ הויז פֿון אַ שכן. שמעון זיצט און טרינקט אַ גלאָז טיי, הערט ער טריט לעבן הויז.

„שולמית", גיט ער אַ זאָג צו זײַן ווײַב, „איך הער טריט גלײַך הינטער אונדזערע פֿענצטער. ווער קען דאָס זײַן?"

מאַן און ווײַב קוקן אַרויס דורכן פֿענצטער און זעען דודלען וואָס שטייט לעבן זייער הויז, אַראָפּגעבויגן צו דער ערד, ווי ער וואָלט עפּעס וואָס געזוכט.

„אַ גוטן אָוונט דיר, דודל,״ זאָגט אים שמעון, „וואָס זוכסטו דאָ אַזוי שפּעט? קען איך דיר מיט עפּעס העלפֿן?״

„גאָרניט,״ ענטפֿערט דודל, „איך האָב עפּעס וואָס פֿאַרלוירן, אָבער איך האָב עס שוין געפֿונען. אַ שיינעם דאַנק אײַך און אַ גוטע נאַכט.״

דאָס זעלביקע האָט געטראָפֿן אומעטום, אין דעם גאַנצן דערפֿל. נאָר די גרויסע רונדע לבֿנה האָט געזען, וואָס דודל האָט אין דער אמתן געטאָן. זי האָט געזען און געשמייכלט צו דודלען און דודל האָט געשמייכלט אויף צוריק.

***

עס איז געקומען דער גרויסער יום־טובֿ פּסח. אויסגעפּוצט פֿון דרויסן און פֿון אינעווייניק זײַנען געשטאַנען די ווײַסע הײַזלעך מיט די גרינע גאָרטנס אַרום זיי. אָבער דאָס יאָר זײַנען זיי געווען נאָך יום־טובֿדיקער. דאָס יאָר זײַנען זיי געווען נאָך אויסגעפּוצטער. וואוהין מען האָט געוואָרפֿן דעם בליק האָט מען געזען רויזן, גרויסע שיינע רויזן פֿון פֿאַרשיידענע קאָלירן: גאָר ווײַסע ווי שניי און רויט ווי בלוט און ראָזלעכע. עס האָט זיך געדוכט, אַז דאָס גאַנצע דערפֿל טונקט זיך אין רויזן.

און אַלע אײַנוואוינערס פֿון דערפֿל זײַנען אַזוי שטאָלץ געווען מיט זייערע רויזן. און אַלע האָבן געוואוסט, אַז זיי האָבן עס צו פֿאַרדאַנקען זייער דודלען.

(לויט א. פֿרידלאַנד)

## וואָס באַטײַט?

1. **צוגעפֿאַלן** — געקומען. 2. **ליידיק** — empty. 3. **לבֿנה** (לעוואָנע) — moon. 4. **בנימין** (ביניאָמין). 5. **טריט** — steps. 6. **ווענדט ער זיך** — זאָגט ער. 7. **רבֿקה** (ריווקע). 8. **געבויגן** — bowed. 9. **שכן** (שאָכן) — neighbor. 10. **שמעון** (שימען). 11. **שולמית** (שולאַמיס). 12. **אין דער אמתן** — really, actually. 13. **שמייכלען** — to smile. 14. **אויספּוצן** — דאָ: to renovate. 15. **פֿון דרויסן** — outside. 16. **אינעווייניק** — inside. 17. **וואוהין מען האָט געוואָרפֿן דעם בליק** — wherever you turned. 18. **טונקען זיך** — to dip. 19. **שטאָלץ** — proud.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| לבֿנה<br>בנימין | רבֿקה<br>שכן | שמעון<br>שולמית | אין דער אמתן<br>יום־טובֿ | פּסח |

## פֿראַגעס:

1. וואָס פֿאַר אַ יינגל איז דודל? 2. וואָס האָט דודל גע־לייענט אין דער צייַטונג? 3. ווי האָט דאָס שטיקל נייַס געווירקט אויף דעם קליינעם יינגל? 4. וואָס האָט דודל געשריבן אינעם בריוו קיין אַמעריקע? 5. ווען איז אָנגעקומען דאָס פּעקל מיט זאָמען? 6. ווי פֿייַערן די קינדער אין ישׂראל דעם יום־טובֿ פֿון חמשה עשׂר בשבֿט? 7. פֿאַרוואָס האָט דודל געשפּילט שענער און האַרציקער ווי אַלע מאָל? 8. וואָס האָט דאָס יינגעלע געטאָן יענעם אָוונט? 9. פֿאַרוואָס האָבן זיך די יידן אין דערפֿל געפֿילט אַזוי יום־טובֿדיק און צופֿרידן יענעם פּסח?

# דער חלום פֿון אַ בוים

ס׳איז טרוקן דער נגבֿ,
אָן וואַסער אַ לאַנד —
און דאָך איז אַ בוים דאָרט
געוואַקסן אויף זאַמד.

אַ בוים — אַזוי איינזאַם,
קיין ברודער, קיין פֿרייַנד.
זייַן טרייסט איז געווען
די זון וואָס אים שייַנט.

דער בוים האָט געחלומט
סייַ טאָג און סייַ נאַכט:
עס זאָלן אין מדבר
זייַןביימער אַ סך.

געשמאַכט און געחלומט:
כאָטש איין מאָל זאָל ער
פֿון קופּערנעם הימל
דערשפּירן אַ טרער...

און איין מאָל — אין שטוינונג —
דערוואַכט האָט דער בוים:
דער מדבר — אַ גאָרטן,
ס׳איז אמת זייַן טרוים.

(אלחנן אינדעלמאַן)

# חמשה עשׂר בשבֿט

## ביימער

(אַ חמשה־עשׂר בשבֿט־ליד)

די ביימער אין שניי, די ביימער אין ווינט —
דער פֿראָסט — אַזאַ בייזער, אַ פֿרעמדער;
בײַ זייערע ברידער איז יום־טובֿ אַצינד —
אין ווײַטע, אין וואַרעמע לענדער.

געהילטע אין אײַז, געהילטע אין שניי,
די צווײַגן געבויגן און אָרעם;
זיי וואַרטן ביז וואַנען דער יום־טובֿ צו זיי
וועט קומען פֿון וואַרעמען דרום.

זיי מורמלען אַ תּפֿילה אַ שטילע דערווײַל,
מיט מידע און אָרעמע קרעפֿטן;
מיט ביימער, וואָס בליִען פֿאַר טויזנטער מײַל
ווילן זיי איצט זיך באַהעפֿטן... (אַבֿרהם רייזען)

1. שבֿט (שוואַט)—דער פֿינפֿטער ייִדישער מאָנאַט, פֿאַלט אויס ענדע יאַנואַר און אָנהייב פֿעברואַר. 2. חמשה עשׂר בשבֿט (כאַמישאָ אָסער בישוואַט) — דער פֿופֿצנטער טאָג פֿון מאָנאַט שבֿט — דאָס נײַע יאָר פֿון ביימער, Jewish Arbor Day. דאָס איז בײַ ייִדן אין ארץ־ישׂראל געווען אַ יום־טובֿ ווען די ביימער הייבן אָן צו בליִען און ווען מע פֿאַרפֿלאַנצט נײַע ביימער. עס איז אײַנגעפֿירט בײַ ייִדן אין דעם טאָג צו עסן פֿרוכט, וואָס וואַקסן אין ארץ־ישׂראל, ספּעציעל טייטלען— (dates), פֿײַגן —(figs) און באָקסער— (St. John's bread). 3. יום־טובֿ (יאָמטעוו) — holiday. 4. אַצינד — איצט. 5. געהילטע — covered. 6. צווײַגן — branches. 7. דרום (דאָרעם) — south. 8. מורמלען — רעדן שטיל, ניט קלאָר. 9. תּפֿילה (טפֿילע) — געבעט, prayer. 10. בליִען — to bloom. 11. באַהעפֿטן זיך — זיך פֿאַרבינדן, פֿאַראייניקן.

| | | |
|---|---|---|
| יום־טובֿ | דרום | תּפֿילה |

# דער גוטער פֿײַגנבוים

## א.

עס איז געווען פֿרילינג. די ערד האָט זיך באַדעקט מיט בלומען, בלומען פֿון אַלע קאָלירן. דער קליינער שלמהלע האָט זייער ליב געהאַט בלומען און האָט געוואַרט, אַז זיי זאָלן ווידער קומען און באַדעקן די גאַנצע ערד.

„מאַמע, מאַמע, לאָמיר גיין אָנקלײַבן בלומען, אַ סך בלומען!" — האָט זיך שלמהלע געבעטן בײַ דער מאַמען.

„גוט, מײַן זון", — האָט די מאַמע געענטפֿערט, — „און מיר וועלן די בלומען אַוועקשטעלן אויפֿן טיש. ווען דער טאַטע וועט קומען פֿון דער אַרבעט וועט ער זיך זייער פֿרייען מיט זיי."

„און דער טאַטע וועט אַוודאי ברענגען אַ סך גוטע זאַכן", — איז שלמה געווען זיכער, — „ער ווייס דאָך אַז הײַנט איז חמשה־עשׂר בשבֿט!"

און די מאַמע איז אַוועק מיט שלמהלען אין פֿעלד קלײַבן בלומען. שלמהלע האָט זיך געפֿרייט, ער האָט געלאַכט, איז אונטערגעשפּרונגען און געזוכט די שענסטע בלומען פֿאַרן טאַטן. אָבער פּלוצעם איז דער שמייכל אַוועק פֿון זײַן פּנים. שלמהלע האָט זיך אַוועקגעשטעלט אונטער אַ בוים און זיך פֿאַרטראַכט.

„וואָס איז מיט דיר, שלמהלע?" — האָט אים די מאַמע געפֿרעגט.

„גאָרניט", — האָט שלמהלע געענטפֿערט, — „איך האָב רחמנות אויף דעם בוים. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ בוים?"

„אַ פֿײַגנבוים", — האָט די מאַמע געענטפֿערט, — „אָבער וואָס האָסטו רחמנות אויף אים?"

האָט שלמהלע געזאָגט: „זע, ווי ער איז נאַקעט, זע ווי ער האָט ניט קיין בלעטער. עס מוז אים זײַן קאַלט, דעם פֿײַגנבוים. און אפֿשר איז ער גאָר טויט!"

„דער פֿײַגנבוים איז ניט טויט", — האָט אים די מאַמע באַרויִקט. — „דו זעסט, ער איז פֿול מיט קנעספּעלעך, אין גיכן וועלן זיך די קנעספּעלעך צעעפֿענען און דער בוים וועט קריגן בלעטער, נײַע, גרינע, פֿרישע בלעטער."

## וואָס באַטײַט?

1. **פֿײַגנבוים** — fig-tree. 2. **בלומען** — flowers. 3. **אַוודאי** (אַוודע) — געווים. 4. **קלײַבן** — דאָ: to pick. 5. **פֿאַרטראַכט** — absorbed in thoughts. 6. **רחמנות** (ראַכמאָנעס) — pity. 7. **באַרואיקן** — to calm. 8. **קנעספּעלעך** — buds.

## ב.

„גוט, מאַמע,“ — האָט שלמהלע געזאָגט, אָבער ער איז נאָך אַלץ געווען אומצופֿרידן, — „פֿאַרוואָס דאַרף דער אָרעמער פֿײַגנבוים יעדן ווינטער פֿאַרלירן אַלע זײַנע בלעטער? פֿאַרוואָס מוז ער שטיין אַ נאַקעטער, ווען עס רעגנט און עס בלאָזט דער ווינט?“

„דער פֿײַגנבוים האָט עס אַליין אַזוי געוואָלט,“ — האָט אים די מאַמע געענטפֿערט, — „ער אַליין האָט געבעטן גאָט, ער זאָל יעדן ווינטער פֿאַרלירן אַלע זײַנע בלעטער.“

„אַזוי גאָר?“ — האָט שלמהלע אויסגעשטעלט זײַנע גרויסע, גרויע אויגן אויף דער מאַמען.

„יאָ. דאָס איז געווען מיט אַ סך, אַ סך יאָרן צוריק. די ערד איז נאָך געווען באַדעקט מיט וועלדער. וואַלד־אויס, וואַלד־אײַן. די ביימער זײַנען געשטאַנען זייער נאָענט איינער צום צווייטן און זיי זײַנען געווען גרין אַ גאַנץ קײַלעכדיק יאָר. דער פֿײַגנבוים איז אויך געווען צווישן זיי און ער איז אויך געווען שטענדיק גרין, שטענדיק באַדעקט מיט בלעטער. אונטן, אויף דער ערד, האָבן גרעזעלעך און בלימעלעך געוואָלט וואַקסן; האָבן זיי געשטרעקט זייערע העלדזלעך און קעפּלעך צו כאַפּן אַ שטראַל פֿון דער זון, זיך אָנצואוואַרעמען און צו קענען וואַקסן. אָבער איבער זיי זײַנען געשטאַנען די הויכע און שטענדיק גרינע ביימער, און זייערע בלעטער האָבן ניט דורכגעלאָזט קיין איינציקן שטראַל פֿון דער זון.“

„די גרעזעלעך האָבן זיך זייער באַמיט צו וואַקסן, די בלימעלעך האָבן זייער געוואָלט זיך אויספּוצן אין אַלע זייערע קאָלירן און זיך ווײַזן פֿאַר דער וועלט. אָבער זיי האָבן אומזיסט זיך געמיט! ווי קענען זיי וואַקסן אָן זון? זיי זײַנען געווען בלאַס און שוואַך און זיי זײַנען געשטאָרבן גאָר יונגינקע און קליינינקע.

„און איידער זיי זײַנען אויסגעגאַנגען האָבן זיי זיך געקלאָגט אויף זייער מזל און געזאָגט: „שולדיק אין אַלץ זײַנען די גרויסע

און הויכעביימער. זיי שטייען זיך אַזעלכע שטאָלצע און זיי אַרט גאָרניט וואָס מיר גייען אויס אָן וואַרעמקייט, אָן אַ שטראַל פֿון דער זון. אַלץ די הויכע ביימער מיט זייערע אייביק גרינע בלעטער, וואָס פֿאַרשטעלן פֿון אונדז די זון.״

## וואָס באַטײַט ?

1. אויסשטעלן די אויגן — to stare. 2. וואַלד, וועלדער — forest. 3. אַ גאַנץ קײַלעכדיק יאָר — all year round. 4. שטראַל — ray. 5. באַמיִען זיך — to try. 6. אויספּוצן זיך — to dress oneself. 7. געמיט — tried. 8. בלאַס — pale. 9. אויסגיין (אויסגעגאַנגען) — שטאַרבן, to die. 10. קלאָגן זיך — to complain. 11. מזל (מאַזל) — luck. 12. שולדיק — guilty. 13. שטאָלץ — proud. 14. אַרן — to care. 15. פֿאַרשטעלן — דאַ: to cover.

## ג.

„און די ביימער האָבן געהערט דאָס באַקלאָגן זיך פֿון די גרעזעלעך און בלומען. אָבער עס האָט זיי ניט געאַרט. זיי זײַנען געוועזן אַזעלכע הויכע און שטאָלצע. איין פֿײַגנבוים האָט עס ניט אויסגעהאַלטן. ער האָט רחמנות געקראָגן אויף די גרעזלעך און די בלימלעך און ער האָט געזאָגט צו זײַנע חבֿרים, די הויכע ביימער:

„מע דאַרף עפּעס טאָן פֿאַר די גרעזעלעך און בלימלעך, וואָס וואַקסן בײַ אונדזערע פֿיס. זיי חלשן דאָך, זיי גייען דאָך אויס אָן אַ שטראַל פֿון דער זון. וואָס זײַנען זיי שולדיק, אַז זיי זײַנען אַזעלכע קליינינקע ?״

„וואָס קענען מיר טאָן ?״ — האָבן די איבעריקע ביימער געענטפֿערט דעם פֿײַגנבוים. — „מיר זײַנען דאָך ניט שולדיק, וואָס מיר זײַנען אַזעלכע הויכע און פֿאַרשטעלן זיי די זון. גאָט האָט אונדז אַזוי באַשאַפֿן.״

אָבער דער פֿײַגנבוים האָט ניט געקאָנט רוען. ער האָט געהערט די זיפֿצן פֿון די קראַנקע גרעזלעך און בלימלעך אונטער אים און ער האָט עס מער ניט אויסגעהאַלטן. האָט דער פֿײַגנבוים געטענהט פֿאַר גאָט:

„וואָס האָסטו אונדז געמאַכט אַזוי הויך און מיט אַזוי פֿיל בלעטער און די אָרעמע גרעזלעך און בלימלעך אַזוי נידעריק און שוואַך ?״

האָט דער פֿײַגנבוים דערהערט אַן ענטפֿער:

„אויב דו האָסט רחמנות אויף די שוואַכע גרעזלעך און בלימלעך קענסטו אַליין זיי העלפֿן.“

„ווי אַזוי?“ — האָט דער פֿײַגנבוים געפֿרעגט.

„דו דאַרפֿסט ניט האָבן דײַנע בלעטער אַ גאַנץ יאָר, דו וואַרף זיי אַראָפּ פֿון זיך, ווען עס קומט ווינטער. וועלן דערווײַל די גרעזלעך און די בלימלעך קענען אויסוואַקסן, איידער דו וועסט קריגן, שפּעטער אין פֿרילינג, נײַע בלעטער. ווילסטו עס?“ — האָט ער געהערט אַ פֿראַגע.

„זאָל זײַן אַזוי“, — האָט געענטפֿערט דער גוטער פֿײַגנבוים, — „אַבי די אָרעמע גרעזלעך און בלימלעך זאָלן אויך קענען וואַקסן!“

## וואָס באַטײַט?

1. **אויסהאַלטן** — to bear, to endure. 2. **חלשן** (כאַלעשן) — to faint. 3. **באַשאַפֿן** — created. 4. **רוען** — to rest. 5. **זיפֿץ** — sigh. 6. **טענהן** (טײַנען) — to argue. 7. **נידעריק** — low. 8. **אַבי** — so that.

## ד.

„און פֿון דעמאָלט אָן האָט דער פֿײַגנבוים אָנגעהויבן צו פֿאַרלירן זײַנע בלעטער שפּעט אין האַרבסט און זיי זײַנען אים אויסגעוואַקסן נײַע, פֿרישע און אַזעלכע טונקל־גרינע שוין נאָך דעם ווי אונטער אים זײַנען געווען אַ סך גראָזן און בלומען. דער פֿײַגנבוים האָט געקוקט אויף זיי און זיך געפֿרייט מיט זיי, ווי קינדער פֿרייען זיך מיט בלומען, און אים האָט ניט געאַרט, וואָס ער האָט ניט זײַנע בלעטער אַ גאַנץ יאָר. און ווען עס זײַנען געקומען די פֿרישע און יונגע בלעטער האָט ער זיך געפֿרייט אויך מיט זיי, ווי מע פֿרייט זיך מיט קינדער.

די אַנדערעביימער האָבן געזען, וואָס עס איז געשען מיטן פֿײַגנבוים און זיי האָבן גענומען זיך שעמען, פֿאַרוואָס זיי האָבן פֿריִער גאָרניט געהאַט קיין רחמנות אויף די גרעזעלעך און די בלימעלעך. זיי האָבן איצט גענומען נאָכטאָן דעם גוטן פֿײַגנבוים און זיי האָבן אויך אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך די בלעטער אין האַרבסט און געלאָזן די גראָזן וואַקסן אונטער זיי.

און פֿון דעמאָלט אָן רוען זיי זיך אָפּ אין ווינטער, זיי דרעמלען און זיי חלומען וועגן פֿייגעלעך, וואָס וועלן קומען צו זייערע בלעטער, וועגן ווינטעלעך וואָס וועלן זיי זאָגן סודות און וועגן די יונגע גראָזן און די פֿאַרביקע בלומען אונטן אויף דער ערד, בײַ זייער צופֿוסנס.

און ווען עס וואַקסן איצט די גרעזלעך און די בלימלעך און זיי פֿרייען זיך מיט דער זון וואָס שמייכלט צו זיי, זאָגן זיי איינע צו די אַנדערע:

„מיר האָבן אַלץ צו פֿאַרדאַנקען דעם גוטן פֿייגנבוים, דעם גוטן פֿייגנבוים."

שלמהלע האָט זיך צוגעהערט צו דער מאַמעס מעשה און האָט געזאָגט:

„און איצט פֿאַרשטיי איך אויך, פֿאַרוואָס די פֿרוכט פֿון פֿייגנבוים זיינען אַזוי זיס. דאָס איז די באַלוינונג פֿאַרן זיין אַזוי גוט און פֿאַרן האָבן רחמנות אויף שוואַכערע."

די מאַמע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. (יודל מארק)

**
*

פֿון מדרש:

„ווען מען שניידט אַראָפּ אַ בוים טראָגט זיך זיין געוויין פֿון איין עק וועלט ביזן צווייטן."

## וואָס באַטייט?

1. **האַרבסט** — autumn, fall. 2. **טונקל** — dark. 3. **פֿרייען זיך** — to be happy. 4. **נאָכטאָן** — to imitate. 5. **חלומען** (כאָלעמען) — to dream. 6. **סוד** (סאָד), **סודות** (סוידעס) — secret, secrets. 7. **פֿאַרביק** — colored. 8. **צופֿוסנס** — ביי די פֿיס. 9. **פֿרוכט** — fruit. 10. **באַלוינונג** — reward.

| | | | |
|---|---|---|---|
| שלמהלע | פנים | חבֿר | חלומען |
| אוודאי | רחמנות | חבֿרים | סוד |
| אַ סך | אפשר | חלשן | סודות |
| חמשה עשר בשבֿט | מזל | טענהן | מעשה |

## פֿראַגעס:

1. פֿאַרוואָס האָט שלמהלע רחמנות געהאַט אויפֿן פֿייגנבוים? 2. לייענט פֿאָר שלמהלעס טענה. 3. ווי האָט די מאַמע געפּרואווט באַרואיקן דאָס קינד? 4. וואָס האָט די מאַמע דערציילט וועגן די ביימער, אַמאָל אַמאָל? 5. אויף וואָס האָבן זיך די גרעזעלעך אין טיפֿן וואַלד באַקלאָגט? 6. וואָס האָבן געענטפֿערט די גרויסע ביימער? 7. וואָס האָט דער פֿייגנבוים געטענהט פֿאַר גאָט? 8. ווי אַזוי קומט עס וואָס דער פֿייגנבוים האָט ווינטער דאַרע, נאַקעטע צווייַגן? 9. פֿאַר-וואָס זיינען, לויט דער לעגענדע, די פֿרוכט פֿון פֿייגנבוים אַזוי זיס? 10. מיט וועלכן יום-טובֿ איז די מעשה וועגן פֿייגנבוים פֿאַרבונדן?

# אַ ייִדישע מיידל און וואַשינגטאָן

## א.



דער טאַטע איז שוין פֿינף יאָר ניטאָ אין דער היים. ער איז אַוועק מיט די פּאַטריאָטן און קיינער ווייס ניט צי ער לעבט נאָך. די מאַמע איז געשטאָרבן, ווען רבֿקה איז נאָך געווען גאָר אַ קליינע. זי איז ביי דער באָבען.

און די באָבע איז אַן אַלטע און אַ קראַנקע. זינט דער טאַטע איז ניטאָ קלאָגט זי און וויינט. זי שלאָפֿט ניט גאַנצע נעכט.

איין מאָל זאָגט רבֿקה צו דער באָבען: — „לאָז מיך פֿאָרן קיין פֿילאַדעלפֿיע. דאָרטן וואוינט חיים סאָלאָמאָן. איך וועל אים בעטן, ער זאָל מיר העלפֿן געפֿינען דעם טאַטן."

די באָבע האָט נישט געוואָלט אַוועקלאָזן רבֿקהן, אָבער ווען זייערער אַ שכן האָט געדאַרפֿט פֿאָרן קיין פֿילאַדעלפֿיע, האָט די באָבע צוגעשטימט אַז רבֿקה זאָל מיטפֿאָרן.

ווען רבֿקה איז געקומען קיין פֿילאַדעלפֿיע, האָט זי זיך גרינג דערוואוסט וואו עס וואוינט חיים סאָלאָמאָן. ווען זי איז געקומען צו חיים סאָלאָמאָן איז ער אין דער היים נישט געווען. רבֿקה האָט זיך אַוועקגעזעצט וואַרטן. זי איז אָבער געווען אויסגעמאַטערט פֿון וועג און זי איז איינגעשלאָפֿן אין דעם גרויסן פֿאָטערשטול וואו זי איז געזעסן.

## ב.

ווען רבֿקה האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, האָט זי געזען מענטשן אין דעם צווייטן ווינקל צימער און דערהערט וואָס זיי ריידן. און געהערט האָבן זיי אַז מע דאַרף איבערגעבן דעם גענעראַל וואַשינגטאָן זייער אַ וויכטיקע זאַך, אָבער עס איז נישטאָ וועמען צו שיקן, ער זאָל קענען צוקומען צום גענעראַל. איז רבֿקה אויפֿגעשפּרונגען פֿון אָרט: „שיקט מיך! איך וויל גיין צו גענעראַל וואַשינגטאָן. איך וויל זיך נאָכפֿרעגן אויפֿן טאַטן."

די מענטשן זײַנען געװען זײער פֿאַרװאונדערט. רבֿקה האָט זײ דערצײלט װער זי איז און פֿאַרװאָס זי װיל גײן צום גענעראַל װאַשינגטאָן.

אָבער חיים סאָלאָמאָן האָט געזאָגט: — „נײן. מען קען ניט שיקן אַ מײדל פֿון אַ 12־13 יאָר אײנע אַלײן אויף אַזאַ געפֿערלעכן װעג.“

— „װעל איך זיך איבערטאָן פֿאַר אַ ייִנגל,“ — האָט רבֿקה אויסגעשריִען, — „איך װעל זײַן אָנגעטאָן װי אַ ייִנגל פֿון אַ דאָרף, װאָס טראָגט אײער צו פֿאַרקויפֿן. װעט קײנער מיך ניט חושד זײַן.“

און אַזוי איז טאַקע פֿאַרבליבן. רבֿקה האָט אָפּגעשאָרן אירע לאַנגע שװאַרצע צעפּ. זי האָט זיך איבערגעטאָן אין ייִנגלשע קלײדער און זי האָט פֿאַרנײט אַ בריװ צו גענעראַל װאַשינגטאָן אין איר היטל.

רבֿקה איז אָנגעקומען צום גענעראַל, אים איבערגעגעבן דעם בריװ און דערנאָך זיך נאָכגעפֿרעגט אויף איר פֿאָטער.

— „איך געדענק זײער גוט דײַן פֿאָטער,“ — האָט װאַשינגטאָן געענטפֿערט גאָר פֿרײַנדלעך, — „אָבער איך װײס ניט װאָס עס איז געשען מיט אים. קען זײַן ער לעבט אין געפֿאַנגענשאַפֿט; קען זײַן, ער איז אומגעקומען, װען ער מיט נאָך עטלעכע העלדישע סאָלדאַטן זײַנען געגאַנגען אויסקוקן דעם שונא.“

רבֿקה איז געװאָרן זײער טרויעריק. אויב גענעראַל װאַשינגטאָן קען ניט זאָגן װאו דער טאַטע אירער געפֿינט זיך — װער װעט עס איר זאָגן? אויף מאָרגן האָט רבֿקה געדאַרפֿט גײן צוריק אַהײם.

גענעראַל װאַשינגטאָן האָט זי אַרײַנגערופֿן און זי געבעטן איבערגעבן אויפֿן װעג צוריק אַ װיכטיקע זאַך צו אַן אַמעריקאַנער פּאַטריאָט װאָס לעבט פֿאַרשטעלט װי אַ טאָרי צװישן די טאָריס. רבֿקה האָט אויסגעלערנט אויף אויסנװײניק װאָס זי דאַרף איבערגעבן. אָבער דער גענעראַל האָט אויך אַ צעטעלע אויך אָנגעשריבן די זעלביקע זאַך. און דאָס צעטעלע האָט רבֿקה װידער פֿאַרנײט אין היטל. טאָמער װעט זי עפּעס פֿאַרגעסן, װעט העלפֿן דאָס צעטעלע. װען גענעראַל װאַשינגטאָן האָט זיך געזעגנט מיט רבֿקהן, האָט ער געזאָגט:

— „גײ געזונטערהײט, קלײנע ייִדישע מײדל פֿון לאַנקעסטער. אויב דו פֿירסט דורך װאָס איך האָב געבעטן, זאָג איך דיר צו אַז

דו וועסט אויף דײַן חתונה טאַנצן אין אַ קלייד וואָס מר״ס וואַשינגטאָן וועט פֿאַר דיר אויפֿנייען.״

### ג.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן רעגנס און דער וועג צוריק איז געווען זייער אַ שווערער. רבֿקהן האָט זיך געדאַכט אַז מען גייט איר נאָך די גאַנצע צײַט. און אַזוי איז טאַקע געווען. פֿון הינטער אַ בוים האָט זיך באַוויזן אַן אינדיאַנער מיט אַ ביקס אין האַנט. ער איז צוגעקומען און געזאָגט: „קום מיט מיר!״ רבֿקה האָט געמוזט פֿאָלגן. אַ גאַנצע נאַכט האָט דער אינדיאַנער זי געפֿירט ביז ער האָט זי געבראַכט צו אַן ענגלישן גענעראַל. דער אינדיאַנער האָט איבערגעגעבן אַז ער האָט אַליין געזען רבֿקהן קומען פֿון וואַשינגטאָנס לאַגער.

די פֿאַרשטעלטע רבֿקה האָט גענומען דערציילן אַז זי איז אַ ייִדישער ייִנגל, אַ יתום, אַז איר גאַנצע פֿאַמיליע איז געבליבן געטרײַ ענגלאַנד. דערווײַל האָט זי אויפֿגעריסן דאָס היטל און אויף גיך אַרויסגענומען דאָס צעטעלע. זי האָט דאָס צעטעלע אַרײַנגענומען אין מויל, צעקײַט אַ ביסל און אַראָפּגעשלונגען.

— „וואָס איז געווען אין צעטעלע?״ — האָט דער ענגלישער גענעראַל זיך צעשריִען.

— „איך ווייס ניט,״ — האָט רבֿקה געענטפֿערט.

— „צו וועמען האָט מען דיך געשיקט?״

— „איך האָב פֿאַרגעסן,״ — האָט רבֿקה געענטפֿערט.

פּלוצעם האָט רבֿקה דערהערט פֿון צווייטן צימער ווי עמעצער מאַכט אַ ברכה. זי האָט זיך אַ ריס געטאָן צו דער טיר און זי געעפֿנט און זי האָט דערזען — בײַם טיש זיצט איר טאַטע! איר טאַטע האָט אויפֿגעהויבן אויף איר די אויגן, אָבער ער האָט זי נישט דערקענט.

מען האָט רבֿקהן פֿאַרשפּאַרט און איר געזאָגט אַז מען וועט איר ניט געבן צו עסן, ביז זי וועט ניט דערציילן צו וועמען זי האָט געטראָגן דאָס צעטעלע.

### ד.

דער געפֿאַנגענער ייִד האָט געוואוסט אַז דער ייִדישער ייִנגל איז פֿאַרשפּאַרט אין שײַער און אַז ער הונגערט דאָרטן. בײַנאַכט

איז ער שטילערהייט צוגעקומען צום פֿענצטערל פֿון שײַער און געבראַכט אַ שטיקל ברויט פֿאַר דעם געפֿאַנגענעם. ווען ער האָט דערלאַנגט דעם יינגל דורך די גראַטעס פֿון פֿענצטערל דאָס שטיקל ברויט, האָט דער געפֿאַנגענער פּלוצעם דערהערט: — „איך בין דײַן טאָכטער רבֿקה.“

איר פֿאָטער האָט קוים זיך אײַנגעהאַלטן ניט אויסצושרײַען. ער איז אָבער גיך געקומען צו זיך און געזאָגט: — „וואַרט ביז דער קומענדיקער נאַכט. איך וועל דיך אַרויסראַטעווען.“

רבֿקה האָט געוואַרט אַ גאַנצן טאָג. עס איז שוין געוואָרן נאַכט און אָט הערט זי ווי איר וועכטער פֿרעגט: — „ווער גייט דאָ?“

דערנאָך הערט זי אַ קלאַפּ. אַ מינוט שפּעטער עפֿנט איר פֿאָטער די טיר פֿון שײַער: — „איך האָב דיר געבראַכט מיידלשע קליידער. טו זיך גיך איבער,“ — זאָגט ער צו איר. אַליין האָט ער אַראָפּגעשלעפּט די קליידער פֿון דעם ענגלישן זעלנער וואָס איז געלעגן אַ געחלשטער. זיי זײַנען ביידע אַרויס אין דער פֿינצטער און געזוכט אַ וועג אַרויסצוקומען פֿון לאַגער אומבאַמערקט.

מען האָט זיי ביידן געכאַפּט. מען האָט ביידן געבראַכט פֿאַר אַ מיליטערישן געריכט און ביידן פֿאַרמשפּט צום טויט. מען האָט ביידן פֿאַרשפּאַרט אין אַ קעלער און געזאָלט אויף מאָרגן אין דער פֿרי דערשיסן.

נאָר ווען דער פֿרימאָרגן איז געקומען האָבן די פֿאַרמשפּטע געהערט אַ טומל אין לאַגער: געשרייען, אַ טופּערײַ פֿון פֿערד — ביז מען האָט אויפֿגעריסן די פֿאַרשלאָסענע טיר פֿון קעלער. די ביידע פֿאַרמשפּטע האָבן דערזען פֿאַר זיך אַמעריקאַנער פּאַטריאָטן. מען האָט ביידן אָפּגעפֿירט צום גענעראַל וואַשינגטאָן.

## ה.

יאָרן שפּעטער, ווען רבֿקה האָט זיך געקליבן חתונה צו האָבן, האָט זי פֿאַרבעטן צו דער חתונה דעם פּרעזידענט דזשאָרדזש וואַשינגטאָן און זײַן פֿרוי. זי האָט באַקומען אַ מתּנה פֿון מר״ס וואַשינגטאָן — אַ זײַדן חתונה־קלייד מיט אַ בריוו אַז מר״ס וואַשינגטאָן האָט אַליין פֿאַר איר דאָס קלייד גענייט.

דער ערשטער פּרעזידענט און זיַין פרוי האָבן צו דער חתונה נישט געקענט קומען. אָבער רבקה און איר מאַן האָבן באַקומען אַ פאַרבעטונג צום באַל וואָס פּרעזידענט וואַשינגטאָן גיט פאַר זייער געהויבענע געסט.

ווען רבקה האָט געטאַנצט אין איר חתונה־קלייד, הערט זי ווי איינער פרעגט דעם פּרעזידענט: — „ווער איז דאָס אַיער גאַסט, אָט די יונגע דאַמע וואָס טאַנצט דאָרטן?״

— „דאָס איז די ייִדישע מיידל פון לאַנקעסטער, מיַין שליח,״ — הערט רבקה וואַשינגטאָנס ענטפער.

(לויט עלמאַ עהרליך לעווינדזשער)

## וואָס באַטיַיט?

1. קלאָגן — .to cry bitterly 2. צוגעשטימט — .agreed 3. אויסגעמאַטערט — .very tired 4. פאַרוואונדערט — .surprised 5. חושד (כוישעד) זיַין — .to suspect 6. צעפּ — .braids 7. געפאַנגענשאַפט — .imprisonment 8. אומקומען — .to perish 9. העלדיש — .brave 10. אויסקוקן — דאָ: .to spy 11. שונא (סוינע) — .enemy 12. טרויעריק — .sad 13. פאַרשטעלט — .disguised 14. אויסנווייניק — .by heart 15. געזעגענען זיך — .to part 16. חתונה (כאַסענע) — .wedding 17. ביקס — .rifle 18. לאַגער — .camp 19. יתום (יאָסעם) — .orphan 20. געטריַי — .faithful 21. ברכה (בראָכע) — .grace 22. פאַרשפאַרן — .to lock up 23. שיַיער — .barn 24. גראַטעס — .bars 25. אַרויסראַטעווען — .to rescue 26. וועכטער — .guard 27. זעלנער — .soldier 28. געחלשט (געכאַלעשט) — fainted 29. אומבאַמערקט — .unnoticed 30. געריכט — .court 31. פאַרמשפט (פאַרמישפּעט) — .sentenced 32. טומל — .noise 33. חתונה (כאַסענע) האָבן — .to marry 34. פאַרבעטן — .to invite 35. מתנה (מאַטאָנע) — .present 36. זיַיד — .silk 37. שליח (שאָליאַך) — .messenger

## פראַגעס:

1. וואָס איז געשען מיט רבקהס טאַטע־מאַמע? 2. פאַרוואָס האָט רבקה געוואָלט פאָרן אין פילאַדעלפיע? 3. וואָס האָט רבקה געהערט ביַי חיים סאָלאָמאָן אין שטוב? 4. ווי אַזוי איז זי אָנגעקומען אין לאַגער פון גענעראַל וואַשינגטאָן? 5. וואָס פאַר אַ שליחות האָט איר וואַשינגטאָן איבערגעגעבן אויפן וועג אַהיים? 6. ווי האָט זיך רבקה מיט איר פאָטער באַגעגענט? 7. וואָס האָט דער טאַטע געטאָן צו ראַטעווען זיַין איינציק קינד? 8. וועלכע שטראָף האָט זייביידן דערוואַרט? 9. ווער האָט זיי אין דער אמתן געראַטעוועט? 10. וואָס פאַר אַ מתנה האָט דאָס ייִדישע מיידל געקראָגן צו דער חתונה? 11. טיילט איַין די מעשה אין באַזונדערע טיילן און געפינט אַ נאָמען פאַר יעדן טייל.

# לינקאָלן און אַ ייִדישער סאָלדאַט

## א.



ס איז שוין געווען פֿאַרנאַכט ווען דוד לעווי, אַ ייִדישער סאָלדאַט פֿון דער פּאָטאָמעק־אַרמיי, האָט געקראָגן אַ בריוול פֿון דער היים: „דײַן מאַמע איז געפֿערלעך קראַנק. זי האַלט בײַם שטאַרבן און זי וויל דיך זען און בענטשן פֿאַרן טויט."

דוד לעווי האָט זײַן מאַמע זייער ליב געהאַט. ער האָט געפֿילט ווי אַלץ האָט אָנגעהויבן שווינדלען פֿאַר זײַנע אויגן און טרערן שטיקן אים אין האַלדז. מיטן בריוו אין האַנט איז דוד לעווי אַוועק צום קאָמאַנדיר בעטן אַ דערלויבעניש צו גיין זען די מוטער.

דער קאָמאַנדיר האָט אים אויסגעהערט און געזאָגט:

— איך פֿאַרשטיי דײַנע געפֿילן, סאָלדאַט, אָבער איצט איז מלחמה. מיר זײַנען אין אַ ביטערן קאַמף. עס קאָן זײַן, אַז מיר זאָלן גאָר אין גיכן דאַרפֿן פֿאַרטיידיקן וואַשינגטאָן. ניין, סאָלדאַט, עס פֿאַרדריסט מיך, אָבער קיין דערלויבעניש וועסטו ניט קריגן. פֿאַרשטייסט, סאָלדאַט?

יאָ, דוד לעווי האָט פֿאַרשטאַנען. ער איז אַ פֿרײַוויליקער אַרײַן אין דער אַרמיי צו קעמפֿן פֿאַר דער באַפֿרײַאונג פֿון די שקלאַפֿן. ער איז אַלע מאָל געווען אַ גוטער און בראַווער סאָלדאַט. אָבער זײַן מאַמע... זי איז אַזאַ גוטע, אַזאַ צאַרטע. ער וואָלט כאָטש נאָך איין מאָל געוואָלט האַלטן אירע הענט און איר זאָגן פּונקט ווי דעמאָלט ווען ער איז אַוועק אין דער אַרמיי:

— מאַמע, זאָרג ניט, איך וועל צוריקקומען אַ געזונטער און מיר וועלן זיך אַלע פֿרייען.

זי האָט דעמאָלט געוואָלט וויינען, אָבער זי האָט ניט געוויינט. ער האָט געזען ווי טרערן האָבן איר געשטיקט אין האַלדז. אָבער זי האָט ניט געוויינט. יאָ, זײַן מאַמע איז אויך אַ בראַווע. אַך, ווי ער וואָלט געוואָלט זי איצט זען און זאָגן:

— מאַמע, זאָרג ניט, דו וועסט נאָך געזונט ווערן און מיר וועלן

זיך אַלע פֿרייען. — אָבער איצט שטאַרבט זי און ער וועט זי שוין מער ניט זען...

אַזוי טראַכטנדיק האָט ער זיך אַרויסגעשאַרט פֿון מיליטערישן לאַגער אויפֿן פֿרײַען פֿעלד. פֿון פֿעלד איז ער אַרײַן אין וואַלד, און אַזוי איז ער אַ גאַנצע נאַכט געגאַנגען איבער וועלדער און פֿעלדער. ווען ער איז אויף מאָרגן אַרײַנגעקומען אין דער היים אַ מידער און אַ הונגעריקער, האָט ער געטראָפֿן ווי זײַן פֿאַמיליע האָט אין גרויס טרויער זיך געגרייט צו דער לוויה פֿון זײַן מוטער. ער האָט באַוויזן אַ קוק צו טאָן אויף איר טויטן פּנים און באַגלייטן זי צו איר אייביקער רו.

נאָך דעם זעלבן טאָג האָט מען אים אַרעסטירט ווי אַ דעזערטיר פֿון דער אַרמיי. אויף מאָרגן איז ער שוין געשטאַנען פֿאַר אַ מיליטערישן געריכט. אַלע טענות פֿון דעם סאָלדאַט, אַז ער איז פֿון דער אַרמיי ניט אַנטלאָפֿן, אַז ער איז בלויז געגאַנגען אַ קוק טאָן אויף זײַן שטאַרבנדיקער מוטער, האָבן ניט געהאָלפֿן. דאָס געריכט האָט אים פֿאַראורטיילט צום טויט. דער אורטייל זאָל ווערן אויסגעפֿירט בײַ זונאויפֿגאַנג.

## ב.

עס איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, ווען שמעון וואָלף, אַ ייִדישער פֿירער אין וואַשינגטאָן, האָט דערהערט אַ שטאַרקן קלאַפּ אין טיר. ער האָט געעפֿנט די טיר, און אַ פֿרעמדער האָט אין גרויס אויפֿרעגונג געזאָגט:

— „מ״ר וואָלף, מען האָט הײַנט מײַנעם אַ פֿרײַנד, אַ ייִדישן סאָלדאַט, פֿאַרמשפּט צום טויט. ער איז אומשולדיק. לייענט דעם בריוו וועט איר אַלץ וויסן. ראַטעוועט אַ בראַוון און איידעלן סאָלדאַט פֿון טויט! טוט אַלץ וואָס איר קענט.״

שמעון וואָלף איז גלײַך אַוועק צו זײַן פֿרײַנד, טאָמאַס קאַרווין, קאָנגרעסמאַן פֿון אָהײַאָ, אים דערציילט די מעשׂה און אים געבעטן ער זאָל גיין מיט אים צום פּרעזידענט און אים בעטן צו ראַטעווען דעם סאָלדאַט פֿון טויט.

— „מײַן פֿרײַנד, — האָט געזאָגט קאַרווין, — ס'איז דאָך שוין אין מיטן נאַכט, דער פּרעזידענט שלאָפֿט שוין געוויס. מיר וועלן וואַרטן ביז אין דער פֿרי.״

— „מאָרגן אין דער פרי וועט שוין זײַן צו שפעט, — האָט געענטפערט שמעון וואָלף. — דער פרעזידענט האָט אַן אײדעלע נשמה, ער וועט פאַרשטײן, אַז ווען אײנער לויפט זען זײַן שטאַרבנ־דיקע מוטער איז ער ניט קײן דעזערטיר. קום, מײַן פרײַנד, איך בעט דיך. מיר גײען טאָן אַ גרויסע און גערעכטע זאַך!"

עס איז געווען צוויי אַ זײגער אין מיטן נאַכט, ווען לינקאָלן האָט זײ אויפגענומען. ער האָט אויסגעהערט זײער פאַרלאַנג און זײ געזאָגט:

— „אוממעגלעך, מײַנע פרײַנד! עס פאַרדריסט מיך זײער, איך קען גאָרניט טאָן. הײַנט בײַטאָג איז בײַ מיר געווען דער קריגס־מיניסטער סטענטאָן און האָט מיך געוואָרנט, אַז אויב איך וועל באַגנאַדיקן נאָך אײן סאָלדאַט וועט ער רעזיגנירן. מיר פירן איצט אַ מלחמה, און מיר מוזן האָבן דיסציפּלין אין דער אַרמײ."

— „מ"ר פרעזידענט, — האָט געזאָגט וואָלף, — דערלויבט מיר אײַך צו פרעגן: וואָס וואָלט איר געטאָן ווען איר קריגט אַ בריוו, אַז אײַער מאַמע וויל אײַך זען, אײדער זי שטאַרבט?"

לינקאָלן האָט אַ קוק געטאָן אויף וואָלפן, אים גאָרניט גע־ענטפערט, נאָר ער האָט גלײַך אַרײַנגערופן זײַן סעקרעטאַר און געהײסן שיקן אַ באַפעל צום קאָמאַנדיר פון דער פאָטאָמעק־אַרמײ, אַז ער זאָל גלײַך באַפרײַען דעם סאָלדאַט דוד לעווי.

## ג.

מיט עטלעכע חדשים שפּעטער האָט אַן אָפּטײלונג פון דער פאָטאָמעק־אַרמײ באַגעגנט אַן אָפּטײלונג פון דער קאָנפעדעראַציע־אַרמײ, וואָס איז געגאַנגען אויף וואַשינגטאָן.

צווישן די בײדע אַרמײען איז פאָרגעקומען אַ ביטערע שלאַכט. עס האָט אויסגעזען, אַז די קאָנפעדעראַציע־אַרמײ וועט זיגן. דער פירער און פאָנען־טרעגער פון דער יוניאָן־אַרמײ זײַנען בײדע געפאַלן, און די סאָלדאַטן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צו רוקן אויף צוריק.

פלוצעם איז צוגעלאָפן דער יונגער ייִדישער סאָלדאַט דוד לעווי, אויפגעהויבן אין דער הײך די געפאַלענע פאָן, און מיט גרויס באַגײַסטערונג אָנגעהויבן שרײַען: „ברידער, פאָרויס! לאָזט דעם

שונא ניט גיין אויף וואַשינגטאָן!" ער איז געלאָפֿן פֿאַרויס און די אַנדערע סאָלדאַטן נאָך אים און דער שונא איז פֿאַרטריבן געוואָרן.

ווען די שלאַכט האָט זיך אײַנגעשטילט האָט מען געפֿונען דוד לעווין אַן אײַנגעוויקלטן אין דער אַמעריקאַנער פֿאָן. דאָס בלוט פֿון זײַן האַרץ האָט זיך צונויפֿגעמישט מיט די פֿאַרבן פֿון דער פֿאָן.

ווען לינקאָלן האָט געקראָגן דעם באַריכט פֿון יענער שלאַכט, האָט ער אויפֿגעהויבן די הענט און געזאָגט:

— „איך דאַנק גאָט, וואָס איך האָב געראַטעוועט דאָס לעבן פֿון אַזאַ העלד, כּדי ער זאָל קענען מיט זײַן לעבן אויפֿטאָן אַזאַ גרויסע זאַך פֿאַרן לאַנד."

צום אָנדענק פֿון יענער שלאַכט האָט לינקאָלן געהייסן שטעלן אַ מאָנומענט נאָכן ייִדישן סאָלדאַט דוד לעווי אויף דעם אָרט וואו ער איז געהרגעט געוואָרן. (ל. סילווער)

## וואָס באַטײַט?

1. **פֿרײַוויליקער** — volunteer. 2. **לאַגער** — camp. 3. **לוויה** (לעוואַיע) — funeral. 4. **פֿאַראורטײלט** — פֿאַרמשפּט (פֿאַרמישפּעט), sentenced. 5. **נשמה** (נעשאָמע) — soul. 6. **באַגנאַדיקן** — to pardon. 7. **שלאַכט** — battle. 8. **באַגײַסטערונג** — enthusiasm. 9. **שונא** (סוינע) — enemy. 10. **באַריכט** — report. 11. **כּדי** (קעדיי) — in order to. 12. **אָנדענק** — memory.

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| מלחמה | לוויה | טענות | פֿאַרמשפּט | נשמה | שונא | כּדי |

## פֿראַגעס:

**א.** 1. וואָס פֿאַר אַ בריוול האָט דער סאָלדאַט לעווי געקראָגן פֿון דער היים? 2. פֿאַרוואָס האָט אים דער קאָמאַנדיר ניט געוואָלט אָפּלאָזן אַהיים? 3. פֿאַרוואָס האָט זיך דוד געפֿילט אַזוי אומגליקלעך? 4. ווי האָט ער געפֿונען זײַן מאַמען ווען ער איז געקומען אַהיים? 5. וואָס פֿאַר אַן אורטייל האָט דער מיליטערישער געריכט אַרויסגעגעבן? 6. איז דוד לעווי טאַקע געווען אַ דעזערטיר?

**ב.** 1. ווער האָט זיך אײַנגעשטעלט פֿאַר דוד לעווי? 2. פֿאַרוואָס האָט פּרעזידענט לינקאָלן אין אָנהייב ניט געוואָלט באַגנאַדיקן דעם ייִדישן סאָלדאַט? 3. וועלכע פֿראַגע פֿון מ"ר וואָלף האָט אויפֿן פּרעזידענט אַזוי געווירקט, אַז ער האָט דודן באַגנאַדיקט? 4. ווי האָט דער ייִדישער סאָלדאַט שפּעטער באַוויזן, אַז ער איז אַ געטרײַער זון פֿון זײַן לאַנד? 5. וואָס האָט פּרעזידענט לינקאָלן אויסגערופֿן ווען ער האָט שפּעטער געהערט וועגן דעם ייִדישן סאָלדאַט?



# דער קלוגער קאַליף

## א.

אין דער שטאָט באַגדאַד האָט אַמאָל געלעבט אַ קלוגער און געלערנטער מענטש. זײַן נאָמען איז געווען אַלאַים. האָט אַלאַים אָנגעשריבן אַ בוך וואו ער האָט דערציילט, אַז דער קאַליף איז אַ שוואַכער הערשער און קען ניט רעגירן דאָס לאַנד.

זײַנען די חכמים פֿון באַגדאַד געקומען צו דעם קאַליף און אים געזאָגט:

— הייס פֿאַרברענען דאָס בוך צוזאַמען מיטן שרײַבער!

דער קאַליף האָט זיי אויסגעהערט און גאָרנישט ניט געענטפֿערט.

מיט דרײַ טעג שפּעטער האָט ער געשיקט רופֿן צו זיך אַלאַימען און די אַנדערע חכמים. ווען אַלע זײַנען זיך צוזאַמענגעקומען, האָט ער צו זיי אַזוי געזאָגט:

— איר זעט די טײַערע דימענטן, וואָס פֿינקלען אין מײַנע הענט. איך וועל זיי געבן אַ מתנה דעם מענטשן וואָס וועט מיר ענטפֿערן אויף מײַן פֿראַגע און מיר זאָגן אָן מורא דעם אמת אין די אויגן.

— יאָ, יאָ, גרויסער הערשער, מיר זײַנען גרייט צו זאָגן דעם אמת! — שרײַען אויס אין איין קול אַלע חכמים.

— זאָגט מיר, איך וויל הערן, וואָס איז אײַער מיינונג וועגן מיר? — פֿרעגט דער קאַליף און קוקט זיי אין די אויגן. — האָט עמעצער אַן עוולה קעגן מיר — זאָל ער זאָגן.

— ביסט גרויס און מעכטיק און קליגער פֿון אַלע קיניגן אויף דער וועלט, — ענטפֿערן די חכמים. — וואויל איז דעם פֿאָלק וואָס האָט דיך פֿאַר אַ קיניג.

— אָט האָט איר אײַער לוין פֿאַרן אמת, וואָס איך האָב פֿון אײַך געהערט, — זאָגט דער קאַליף — און גיט זיי די פֿינקלדיקע דימענטן.

דער קאַליף האָט געזען אַז אַלאַים איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען אין אַ זײַט און געשוויגן.

זאָגט ער צו אים:

— נו, און דו, אַלאַים, וואָס איז דײַן מיינונג וועגן מיר? ווי זע איך אויס אין דײַנע אויגן?

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן? — ענטפֿערט אים אַלאַים. — דו ביסט אַ מענטש ווי אַלע מענטשן. ווי יעדער מענטש פֿאַרמאָגסטו מעלות און חסרונות. ווי יעדער שוואַכער מענטש קענסטו אַמאָל באַגיין דעם גרעסטן טעות. זע אָבער צו טאָן גוטס און חסד, וועט דיך דאָס פֿאָלק ליב האָבן.

## וואָס באַטײַט?

1. **הערשער** — ruler. 2. **חכם** (כאָכעם), **חכמים** (כאַכאָמים) — wise man, sage. 3. **פֿינקלען** — to shine. 4. **גרייט זײַן** — to be ready. 5. **קול** (קאָל) — voice. 6. **מיינונג** — opinion. 7. **עוולה** (אַוולע) — grudge. 8. **מעכטיק** — mighty. 9. **לוין** — reward. 10. **פֿאַרמאָגן** — האָבן. 11. **מעלה** (מײַלע), **מעלות** (מײַלעס) — good quality,-ies. 12. **חסרון** (כיסאָרן), **חסרונות** (כעסרוינעס) — defects, faults. 13. **באַגיין אַ טעות** (טאָעס) — make a mistake. 14. **חסד** (כעסעד) — דאָ: — favor.

## ב.

ווען די חכמים האָבן געהערט אַלאַימס רייד, זײַנען זיי געווען זיכער אַז דער קאַליף וועט הייסן אים טייטן.

געשען איז עפּעס אַנדערש.

דער קאַליף האָט צוגערופֿן צו זיך אַלאַימען, אים געדריקט די האַנט און געזאָגט:

— טײַערער אַלאַים, ענדלעך האָב איך געפֿונען אַן אויפֿריכטיקן געטרײַען חבֿר. זײַ געבענטשט דײַן גאַנץ לעבן.

דער קאַליף האָט געגעבן אַלאַימען אַ פֿולן זאַק מיט גאָלד און זילבער און מיט כּבֿוד אים אָפּגעשיקט אַהיים.

אַלאַים איז אַוועק איבער שטעט און דערפֿער און האָט מיט אַ

ברייטער האַנט געטיילט דאָס גאָלד און זילבער צווישן אָרעמע און אומגליקלעכע.

די אַנדערע חכמים זײַנען אַוועק צו אַ דימענטן־הענדלער און געוואָלט אים פֿאַרקויפֿן די טײַערע שטיינער, וואָס דער קאַליף האָט זיי געגעבן ווי אַ מתּנה. דער הענדלער האָט זיך אָבער פֿון זיי אויסגעלאַכט, ווײַל ניט קיין דימענטן זײַנען זיי געווען, נאָר פּשוטע שטיקלעך גלאָז וואָס האָבן נאָר געפֿינקלט.

זײַנען די חכמים געקומען צו לויפֿן צו דעם קאַליף מיט אַ געשריי:

— זאָל דער קאַליף הייסן אויפֿהענגען דעם מענטשן וואָס האָט אים אָפּגענאַרט און פֿאַרקויפֿט פֿאַלשע שטיינער פֿאַר אמתע דימענטן.

— ניין, — ענטפֿערט דער קאַליף, — קיינער האָט מיך ניט אָפּגענאַרט. איך האָב געוואוסט אַז איך גיב אײַך נאָר שטיקלעך גלאָז. פֿאַר אײַערע פֿאַלשע רייד האָט איר געקראָגן פֿאַלשע דימענטן.

דער קאַליף האָט זיי אַלעמען פֿאַרטריבן פֿון זײַן פּאַלאַץ און באַשטימט אַלאַ׳מען פֿאַר זײַן איינציקן עצה־געבער.

(פֿאָלקס־מעשׂה)

1. דריקן די האַנט — to shake hands. 2. אויפֿריכטיק — sincere. 3. געטרײַער — devoted. 4. חבֿר (כאַווער) — friend. 5. זײַ געבענטשט — be blessed. 6. זאַק — bag. 7. כּבֿוד (קאָוועד) — honor. 8. מיט אַ ברייטער האַנט — open-handed. 9. הענדלער — merchant. 10. פּשוטע (פּאָשעטע) — simple. 11. פֿאַרטרײַבן — to drive away. 12. עצה־(אייצע) געבער — adviser.



# רעדן אָדער שווײַגן — וואָס איז וויכטיקער?

אין אַ ווײַט לאַנד האָט אַמאָל געלעבט זייער אַ קלוגער קיניג.

איין מאָל האָט ער גערופֿן צו זיך אַלע חכמים פֿון זײַן לאַנד און זיי געזאָגט:

— שוין לאַנג וויל איך וויסן וואָס איז בעסער פֿאַר דער וועלט — רעדן אָדער שווײַגן. ווער פֿון אײַך קען מיר ענטפֿערן אויף דער פֿראַגע?

זײַנען די חכמים געזעסן אַ לאַנגע צײַט און געטראַכט וואָס פֿאַר אַן ענטפֿער צו געבן דעם קיניג.

פּלוצעם האָט זיך איינער אויפֿגעשטעלט און געזאָגט:

— גרויסער קיניג, איך האַלט אַז רעדן איז וויכטיקער ווי שווײַגן. אָן לשון וואָלטן מענטשן ניט געקענט פֿאַרשטיין איינער דעם צווייטן. עס וואָלט געווען אַ שטומע וועלט. מענטשן וואָלטן געווען אַזוי ווי דיווילדע חיות אין פֿעלד.

דערנאָך האָט זיך אויפֿגעשטעלט אַ צווייטער חכם און געזאָגט:

— שווײַגן איז וויכטיקער פֿון רעדן. רייד ברענגט צו קריגערײַען צווישן מענטשן. מענטשן באַליידיקן איינער דעם צווייטן. דאָס פֿירט אָפֿט צו געשלעג. די צונג פּלאַפּלט נאַרישקייטן און זאָגט ליגן. טויט און לעבן ביידע ליגן זיי בײַ דער צונג. אפֿשר ניט אַזוי? — פֿרעגט דער חכם.

האָט דער קיניג אַרוסגערופֿן דעם גרעסטן חכם פֿון אַלע, ער זאָל זאָגן ווער פֿון די צוויי איז גערעכט.

האָט דער חכם זיך אויפֿגעשטעלט, געטראַכט אַ ווײַלע און דערנאָך געזאָגט:

— קלוגער קיניג, דער אמת איז בײַ דעם ערשטן חכם, וואָס זאָגט אַז רעדן איז וויכטיקער ווי שווײַגן. דאָס מוז איך צוגעבן דער צווייטער חכם, וואָס זאָגט אַז שווײַגן איז וויכטיקער. מיט שווײַגן וואָלט ער דאָך קיין מאָל ניט געקענט אַרויסזאָגן זײַן מיינונג.

אויף דעם פּנים פֿון דעם קיניג האָט זיך באַוויזן אַ לײַכטער שמייכל.

(פֿאָלקס-מעשׂה)

1. חכם (כאָכעם), חכמים (כאַכאָמים) — wise man, sage. 2. לשון (לאָשן) — שפּראַך, רעדן, speech. 3. שטומע — speechless, silent. 4. חיה (כאַיע), חיות (כאַיעס) — animals. 5. קריגערײַ — quarreling. 6. באַליידיקן — to insult. 7. פּלאַפּלען — to babble. 8. פּנים (פּאָנים) — face. 9. שמייכל — smile.

# דער זאַטער גלייבט ניט דעם הונגעריקן

## א.



[א]ין דער צײַט פֿון שלמה המלך האָט אין ירושלים געלעבט אַ רײַכער מאַן מיטן נאָמען יוסף. ער איז געווען אַ קאַרגער און שלעכטער. זײַנע דינערס און קנעכט האָט ער געצוואונגען צו טאָן שווערע אַרבעט פֿון פֿרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט און האָט זיי ניט געגעבן גענוג צו עסן.

איין מאָל איז אין לאַנד געווען אַ הונגער און אַלע רײַכע לײַט האָבן פֿאַרטיילט שפּײַז צווישן אָרעמע לײַט, אָבער יוסף האָט שטאַרק געהיט זײַן פֿאַרמעגן און האָט קיינעם גאָרנישט געגעבן.

מ׳האָט אַזוי לאַנג גערעדט וועגן יוספֿס קאַרגשאַפֿט, ביז ס׳איז דערגאַנגען צו שלמה המלך.

האָט דער קיניג יוספֿן פֿאַרבעטן צו זיך אויף אַ מאָלצײַט.

יוסף האָט זיך זייער שטאַרק דערפֿרייט און האָט געזאָגט: „עס זעט אויס, אַז דער קיניג איז פֿון מיר צופֿרידן.״

## ב.

אַ גאַנצן טאָג האָט יוסף ניט געגעסן, ער האָט געוואָלט קומען צום אָוונטברויט אַ הונגעריקער, כּדי ער זאָל קענען וואָס מער עסן פֿון די קיניגלעכע מאַכלים. אַז יוסף איז געקומען אין פּאַלאַץ האָט אים אַ קיניגלעכער דינער אַרײַנגעפֿירט אין אַ באַזונדער צימער און געזאָגט: „קיינער אויסער קיניג און דיר, וועט בײַם טיש ניט זיצן, איך וועל דיר אָבער זאָגן ווי אַזוי מע דאַרף זיך אויפֿפֿירן בײַ אַ קיניגלעכן טיש, און דו דאַרפֿסט אַלץ טאָן ווי איך הייס דיר, אַז ניט וועט דער קיניג ווערן בייז.״ — „איך וועל טאָן אַלץ וואָס איר וועט מיר זאָגן!״ — האָט יוסף געענטפֿערט אַ ביסל דערשראָקן.

— „ערשטנס זאָלסטו געדענקען,״ — האָט דער קיניג־

לעבער דינער געזאָגט, — „אַז דו טאָרסט קיין זאַך ניט בעטן ביי קיינעם. צווייטנס, וואָס עס זאָל ניט פּאַסירן, זאָלסטו גאָרנישט פֿרעגן. דריטנס, ווען דער קיניג וועט דיך פֿרעגן, צי דאָס עסן איז געשמאַק, זאָלסטו זאָגן אַז יאָ, זיי׳ער געשמאַק, אַפילו ווען דו וועסט פֿון דעם עסן ניט זיין צופֿרידן. וועסטו אַלע זאַכן געדענקען?״ — „געוויס וועל איך געדענקען.״ — האָט יוסף געענטפֿערט.

דער קיניגלעכער באַדינער האָט יוספֿן אַריינגעפֿירט אין אַ צימער וואָס האָט געהאַט אַן אָפֿענע טיר צו דער קיך.

יוסף איז דאָרטן געבליבן זיצן און דורך דער אָפֿענער טיר האָט ער דערזען ווי מ׳גרייט אָן די גוטע מאַכלים פֿאַר אים מיטן קיניג. די ריחות פֿון געבראָטנס האָבן געררייצט זיין אַפּעטיט און ער האָט געוואָלט אַריינגיין אין קיך און עפּעס אַ נאַש טאָן, אָבער ער האָט מורא געהאַט, טאָמער וועלן די דינערס דערציילן דעם קיניג.

האָט ער זיך איינגעהאַלטן און געוואַרט אויף דער צייט, ווען מ׳וועט אים רופֿן צום טיש.

## ג.

די צייט איז געקומען. דער קיניגלעכער באַדינער איז אַריין צו יוספֿן און האָט אים אָפּגעפֿירט אין אַן אַנדער צימער, וואו ס׳איז געשטאַנען אַ טיש מיט צוויי שטולן, און אויף איינעם פֿון זיי איז געזעסן שלמה המלך.

— „זעץ זיך, מיין פֿריינד,״ — האָט שלמה המלך געזאָגט צו יוספֿן, — „שעם זיך ניט און עס וויפֿל דו ווילסט.״

יוסף האָט זיך אַוועקגעזעצט. באַלד איז אַריינגעקומען אַ דינער און האָט אַריינגעטראָגן אַ גרויסן טעלער מיט פֿיש, ער האָט עס אַוועקגעשטעלט לעבן שלמה המלך. דער קיניג האָט גענעסן די פֿיש און אַלע ווילע מיט פֿרייד אויסגערופֿן: איי, פֿיש! טייערע פֿיש! אַז דער קיניג האָט שוין געהאַלטן ביים ענדיקן עסן, האָט דער דינער אַריינגעטראָגן נאָך אַ טעלער פֿיש פֿאַרן גאַסט. יוסף האָט געוואָלט נעמען עסן די פֿיש, איז אָבער אין דער זעלבער סעקונדע אַריינ־

געקומען אַ צווייטער דינער און האָט צוגענומען די כּלים פֿון טיש און אויך דעם טעלער פֿיש, וואָס יוסף האָט נאָך ניט אָנגעהויבן צו עסן.

יוסף האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, האָט ער זיך אָבער דער־מאָנט וואָס דער קיניגלעכער דינער האָט אים אָנגעזאָגט, האָט ער געשוויגן און געהונגערט. נאָך דעם האָט דער ערשטער דינער געבראַכט דעם קיניג אַ שיסל זופּ מיט לאָקשן. שלמה המלך האָט געגעסן די זופּ מיט גרויס אַפּעטיט, און יוסף האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויף זײַן טעלער זופּ.

אַז דער קיניג איז פֿאַרטיק געוואָרן מיט די זופּ, האָט דער דינער געבראַכט אַ שיסל פֿון די זעלבע זופּ פֿאַר יוספֿן.

אָבער איידער יוסף האָט צײַט געהאַט צו נעמען אַ לעפֿל זופּ, איז אַרײַנגעקומען אַן אַנדער דינער, און האָט צוגענומען פֿון טיש דעם קיניגס ליידיקע שיסל און אויך יוספֿס פֿולע שיסל.

מיט די איבעריקע מאַכלים איז אויך געווען אַזוי. דער אוונטברויט האָט זיך געצויגן לאַנג. מ'האָט דערלאַנגט נאָך גוטע זאַכן צום טיש, אָבער יוסף האָט פֿון קיין זאַך ניט געקענט נעמען אין מויל.

## ד.

— „נו, ווי געפֿעלן דיר די מאַכלים?" — האָט שלמה המלך געפֿרעגט. — „זייער גוט, געשמאַק, אַ מחיה!" — האָט יוסף געענטפֿערט.

— „עס פֿרייט מיך, וואָס דו האָסט הנאה געהאַט;" — האָט דער קיניג געזאָגט. — „אַלץ הייסט הנאה!" — האָט יוסף אויסגערופֿן, — „עס איז טעם גן־עדן!" יוסף איז אויפֿגע־שטאַנען פֿון טיש אַ טויט־הונגעריקער און האָט געוואָלט גיין אַהיים. אָבער שלמה המלך האָט צו אים געזאָגט: — „ניין, מײַן פֿרײַנד, אַזוי גיך וועל איך זיך מיט דיר ניט שיידן, איצט וועלן קומען מײַנע מוזיקאַנטן און שפּילן פֿאַר אונדז שיינע מוזיק."

די מוזיקאַנטן זײַנען געקומען און האָבן געשפּילט. יוספֿן איז די מוזיק ניט געקראָכן אין קאָפּ, פֿאַר גרויס הונגער האָט

ער געביסן זײַנע הענט. ביז איצט האָט ער גאָרניט געוווּסט, וואָס דאָס איז אַזוינס הונגער.

אַז די מוזיקאַנטן האָבן געענדיקט שפּילן, האָט יוסף גע־וואָלט גיין אַהיים, אָבער שלמה המלך האָט צו אים געזאָגט:
— „ניין, מײַן פֿרײַנד, עס איז איצט צו שפּעט צו גיין אַהיים, בלײַב דאָ נעכטיקן.״

יוסף האָט געוווּסט, אַז וואָס דער קיניג רעדט אַרויס פֿון זײַן מויל איז אַ באַפֿעל, און ער טאָר ניט אָפּזאָגן. איז ער געבליבן נעכטיקן אין דעם קיניגס פּאַלאַץ. דער הונגער האָט אים ניט געלאָזט שלאָפֿן. איז ער געלעגן און געטראַכט, און זיך געפֿרעגט: — „צו וואָס האָט מיך דער קיניג פֿאַרבעטן צום אָנטבײַסן פֿון וועלכן איך האָב גאָר קיין הנאה ניט געהאַט?״

ער האָט אָנגעהויבן פֿאַרשטיין, אַז דער קיניג האָט אים געוואָלט געבן אַ בײַשפּיל וואָס הונגער איז, ווײַל ביז איצט האָט ער ניט געוווּסט וואָס הונגער איז, האָט ער ניט גע־גלייבט דעם הונגעריקן, און איצט האָט ער דערפֿילט דעם טעם פֿון הונגער. האָט ער בײַ זיך אָפּגעמאַכט צו ווערן אַן אַנדער מענטש. זינט דעמאָלט איז יוסף געוואָרן גוט צו זײַנע דינערס און צו אַלע מענטשן.

(פֿאָלקס־מעשׂה)

## וואָס באַטײַט?

1. **שלמה המלך** (שלוימע האַמײלעך) — דער קיניג שלמה. 2. **ירושלים** (יערושאָלאַיִם) — די הויפּטשטאָט פֿון ארץ־ישׂראל (ערעץ־יִסראָעל). 3. **קאַרגער** — miser. 4. **דינערס** — servants. 5. **קנעכט** — slaves. 6. **געצוואונגען** — forced. 7 **שפּײַז** — עסן. 8. **פֿאַרמעגן** — דאָס וואָס מען האָט. 9. **קאַרגשאַפֿט** — stinginess. 10. **ס׳איז דערגאַנגען** — מ׳האָט דאָס דערהערט. 11. **כּדי** (קעדיי) — in order to. 12. **מאַכלים** (מײַכאָלים) — עסנס, שפּײַז. 13. **געשמאַק** — tasty. 14. **ריחות** (רייכעס) — aromas. 15. **כּלים** (קיילים) — dishes. 16. **אומגעדולד** — impatience. 17. **אַ מחיה** (מעכאַיע) — delightful. 18. **הנאה** (האַנאָע) **האָבן** — האָבן פֿאַרגעניגן. 19. **שיידן זיך**—זיך פֿונאַנאַדערגיין. 20. **נעכטיקן**—שלאָפֿן. 21. **באַפֿעל** — order. 22. **טעם** (טאַם) — taste. 23. **אָפּגעמאַכט** — באַשלאָסן.

**געפֿין די שטעל און לייען:**

1. די דרײַ זאַכן וואָס דער דינער האָט אָנגעזאָגט יוספֿן. 2. די קאָ־מישסטע שטעל אין דעם שמועס צווישן קיניג שלמה און דעם הונגעריקן יוסף. 3. דעם פּאַראַגראַף וואו עס ווערט אויסגעדריקט דער מיין פֿון דער מעשׂה.

# דער קלוגער משפט

## א.



מאָל זײַנען געווען צוויי קרעמערס: זייערע קראָמען זײַנען געשטאַנען איינע לעבן דער אַנדערער, אָפּגעטיילט בלויז מיט אַ דין ווענטל פֿון ברעטער. איינער האָט געהאַנדלט מיט גרינסן, דער צווייטער — מיט אייל. איין מאָל פֿאַרנאַכט, איידער מען האָט די קראָמען געשלאָסן, האָט דער גרינסן־הענדלער אַרײַנגעקוקט צו דעם שכן אין קראָם אַרײַן און האָט דערזען, ווי יענער ציילט גילדערנע רענדלעך אין אַ רויט טיכל: דער גרינסן־הענדלער האָט גענומען נאָכציילן, און האָט אָנגעציילט הונדערט פֿינף און זעכציק רענדלעך. איז אים אַרײַן אַ בייזער געדאַנק אַרויסצונאַרן פֿון דעם איילהענדלער דאָס געלט.

איז ער אַרויסגעלאָפֿן אין דרויסן מיט אַ גוואַלד: ראַטעוועט! מען האָט מיך באַגנבֿעט.

פּאָליציי איז געקומען צו לויפֿן, מען האָט אים גענומען אויספֿרעגן ווער עס האָט געקענט בײַ אים גנבֿענען דאָס געלט? האָט ער געענטפֿערט:

— איך ווייס ניט . . . קיינער איז בײַ מיר אין קראָם ניט געווען, זינט איך האָב מײַן געלט אויסגעציילט, הונדערט פֿינף און זעכציק רענדלעך, און אײַנגעבונדן אין אַ רויט טיכל. נאָר דער שכן, דער איילהענדלער, איז דאָ געווען.

מען איז אַרײַן צו דעם איילהענדלער אין קראָם און מען האָט בײַ אים געפֿונען הונדערט פֿינף און זעכציק רענדלעך פֿאַרבונדן אין אַ רויט טיכל . . . ער האָט געוויינט און געשוואָרן זיך: „דאָס איז מײַן געלט, כ׳האָב עס ניט געגנבֿעט!“ אָבער מען האָט אים ניט געגלייבט. איז מען אַוועק אין געריכט, אָבער דער ריכטער האָט ניט געקענט אויסגעפֿינען ווער פֿון די צוויי קרעמערס זאָגט דעם אמת.

## ב.

אַלע אין שטאָט האָבן גערעדט וועגן דעם משפט, אַפילו קליינע קינדער אויך. גייט איין מאָל פאַרנאַכט דער ריכטער אין גאַס שפּאַצירן, און ער זעט, ווי יידישע קינדער שפּילן זיך. איין יינגל זאָגט צו די חברים: „לאָמיר שפּילן אין געריכט, איך וועל זײַן דער ריכטער, צוויי פון אײַך — די קרעמערס און איך וועל אײַך משפטן."

האָט זיך דער ריכטער אַוועקגעשטעלט הינטער אַ ווינקל צו זען, ווי דער יינגל וועט משפטן. דער יינגל האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיין, צוויי אַנדערע יינגלעך זײַנען געוועזן — איינער דער גרינסן-הענדלער און דער צווייטער — דער איילהענדלער. דער ערשטער זאָגט: „די הונדערט פינף און זעכציק רענדלעך האָט דער איילהענדלער בײַ מיר צוגעגנבֿעט." דער צווייטער זאָגט: „ניין, דאָס האָב איך געלייזט פאַר מײַן בוימל." דער יינגל, וואָס איז געוועזן דער ריכטער, האָט זיי אויסגעהערט און געזאָגט:

— זאָל מען אויפקאָכן אַ טאָפּ וואַסער און די רענדלעך אַרײַנלייגן אין דעם וואַסער. אויב אויפן וואַסער וועלן זיך אויפהייבן פעטע אייגלעך איז אַ סימן, אַז דאָס געלט איז געוועזן בײַם איילהענדלער אין די פעטע הענט בײַם פאַרקויפן זײַן סחורה, הייסט עס, אַז ס'איז זײַן געלט. און אויב קיין פעטע אייגלעך וועלן אויפן וואַסער ניט אַרויפהייבן זיך, איז אַ סימן, אַז ער האָט זיי געגנבֿעט בײַ דעם גרינסן-הענדלער.

אַז דער ריכטער האָט דערהערט די רייד פון דעם יידישן יינגל, האָט ער זיך זייער דערפרייט. אויף מאָרגן האָט ער געהייסן צונויפקלײַבן דאָס געריכט, כדי פון דאָס נײַ צו באַטראַכטן דעם שווערן משפט. אַז ביידע הענדלערס האָבן אָפּגערעדט, האָט דער ריכטער געהייסן אַרײַנלייגן די רענדלעך אין הייס וואַסער. פאַרשטייט זיך, אַז אויפן וואַסער האָבן זיך גלײַך באַוויזן פעטע אייגלעך.

דעמאָלט האָט דער ריכטער געזאָגט צום עולם:

— איצט זעט אַלע, וועמעס געלט עס איז!

דער עולם האָט גלײַך פאַרשטאַנען, אַז דאָס געלט איז דעם איילהענדלערס, און אַז דער גרינסן-הענדלער איז אַ ליגנער. נאָר

אַז מען האָט אָנגעהויבן לויבן דעם ריכטער פֿאַר זײַן חכמה, האָט ער געזאָגט:

— ס'איז ניט מײַן חכמה, ליבע לײַט, נאָר די חכמה פֿון אַ קליינעם ייִדישן ייִנגל, וועלכער האָט מיר באַוויזן, ווי אַזוי צו דערגיין דעם אמת. (אגדה)

## וואָס באַטײַט?

1. משפּט (מישפּעט) — trial. 2. באַגנבֿעט (באַגאַנווועט) — robbed. ריכטער — judge. 4. געריכט — court. 5. משפּטן (מישפּעטן) — to judge. 6. סימן (סימען) — a sign. 7. סחורה (סכוירע) — merchandise. 8. כּדי (קעדיי) — in order to. 9. עולם (אוילאָם) — people. 10. חכמה (כאָכמע) — קלוגשאַפֿט.

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| משפּט | גנבֿ | סימן | סחורה | כּדי | עולם | חכמה |

## פֿראַגעס:

1. וועגן וואָס איז געווען דער משפּט וואָס אַלע אין שטאָט האָבן וועגן אים גערעדט? 2. פֿאַרוואָס האָט דער ריכטער ניט געקענט אויסגעפֿינען ווער ס'איז דער שולדיקער? 3. ווי אַזוי האָט די חכמה פֿון אַ ייִדישן ייִנגל געהאָלפֿן צו דערגיין דעם אמת?

# שלמה המלך און דאָס טײַבעלע

## א.

שלמה המלך האָט פֿאַרשטאַנען די רייד פֿון אַלע חיות און פֿייגל. ער האָט מיט זײַן קלוגשאַפֿט געהערשט איבער זיי און געהערשט איבער מענטשן וואָס האָבן אים געהאַלטן פֿאַרן קליגסטן מלך אין דער גאָרער וועלט.

איין מאָל אין אַ פֿאַרנאַכט איז זיך דער ייִדישער מלך געזעסן מיט דער מלכּה בײַם פֿענצטער פֿון זײַן פּאַלאַץ אין ירושלים. האָט ער דערהערט אַזאַ שמועס צווישן צוויי טײַבעלעך אין אַ נעסט אונטערן דאַך:

— זע, נאָר, מײַן מאַן, — האָט געזאָגט די זי, — ווי רײַך און קלוג עס איז שלמה... ביסטו אַ מבֿין אויף דעם פּרעכטיקן פּאַלאַץ זײַנעם? האָסטו געהערט וועגן די וואונדערלעכע זאַכן וואָס געפֿינען זיך אין אים? מ'זאָגט אַז אַזאַ טראָן ווי ער פֿאַרמאָגט איז ניטאָ בײַ קיין מלך אין דער וועלט. און ניט נאָר מענטשן

באַדינען אים, אויך חיות און פֿייגל. דער װײַסער לייב, דער קיניג פֿון די חיות, ליגט בײַ אים צופֿוסנס ווי אַ הינטל; און דער ווײַסער אָדלער, אונדזער אייגענער פֿייגלשער מלך, איז זײַן שליח אומעטום און צו יעדער צײַט. אויך די ביימער, די בלומען און די גראָזן פֿון פֿעלד זײַנען שטענדיק גרייט צו פֿאַרזיסן און פֿאַרשענערן אים זײַן לעבן. אויף דעם פּאַלאַץ, וואו אויך מיר האָבן זיך געפֿונען אַ רואיקע היים, זאָגט מען, אַז ער איז דער שטאַרקסטער אין דער וועלט, און קיין שטורעמווינט וועט אים ניט איבערקערן. זאָג מיר, איז דאָס טאַקע אַלץ אמת, צי נאָר אַ מעשׂה אויף צו פֿאַרוויגן קינדער אין די נעסטן?

— איך מוז זאָגן, — האָט דער ער געענטפֿערט,— אַז אַ סך פֿון די מעשׂיות וואָס דו האָסט זיך אָנגעהערט וועגן דעם קיניג שלמה זײַנען אמת, אָבער דער פּאַלאַץ האָט קיין שום האַפֿט . . . כ׳מיין, וואָס פֿאַר אַ ווערט האָט זײַן שטאַרקייט קעגן מיר? דו ווילסט, וועל איך אים באַלד איבערקערן און מאַכן פֿון אים אַ באַרג מיט שטיינער! דו, מײַן ווײַב, ווייסט נאָך ניט מײַן כּוח. ווען איך זאָל וועלן, וואָלט איך מיט איין קלאַפּ מיט מײַן פֿוס, אָדער מיט איין פּיק מיט מײַן שנאָבל געקאָנט איבערקערן דעם פּאַלאַץ פֿון דעם גרויסן און קלוגן ייִדישן מלך.

## װאָס באַטײַט?

1. שלמה המלך (שלוימע האמיילעך). 2. טײַבעלע — dove. 3. קלוגשאַפֿט — wisdom. 4. הערשן — to rule. 5. האַלטן — to consider. 6. מלכּה (מאַלקע) — queen. 7. פּאַלאַץ — palace. 8. ירושלים (יערושאָלאַיִם). 9. שמועס — conversation. 10. מבֿין (מייווין) — איינער וואָס פֿאַרשטייט אַ זאַך. 11. פּרעכטיק — זייער שיין און רײַך. 12. טראָן — throne. 13. פֿאַרמאָגן — האָבן. 14. באַדינען — to serve. 15. חיה (כאַיע), חיות (כאַיעס) — animal, animals. 16. צופֿוסנס — בײַ די פֿיס. 17. אָדלער — eagle. 18. שליח (שאַלִיאַך) — messenger. 19. גרייט — ready. 20. שטורעמווינט — wind-storm. 21. איבערקערן — to turn over. 22. אמת (עמעס) — true. 23. מעשׂה (מײַסע) — story. 24. פֿאַרוויגן — to rock to sleep. 25. האַפֿט — שטאַרקייט, strength. 26. ווערט — worth. 27. באַרג — mountain. 28. כּוח (קויאַך) — strength. 29. קלאַפּ — blow, knock. 30. פּיק — peck. 31. שנאָבל — beak.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| שלמה המלך | מלכּה<br>ירושלים | מבֿין<br>חיה | חיות<br>שליח | אמת<br>מעשׂה |

## ב.

שלמה האָט געהערט און — געלאַכט.

האָט אים געפּרעגט די מלכּה, פאַרוואָס ער לאַכט. שלמה האָט איר דערציילט, וואָס ער האָט אָקערשט געהערט.

האָט אויך די מלכּה גענומען לאַכן און זיך אָפּגערופן:

— עס וואָלט געווען כּדאַי אַז דו זאָלסט דעם באַרימער אָנלערנען.

שלמה האָט אַ ווּאונק געטאָן צו איינעם פון זײַנע דינערס, און באַלד האָט ער געבראַכט צו טראָגן אין דער האַנט דאָס טײַבעלע, וואָס האָט געציטערט און געפּלאַטערט פון שרעק.

דאָס טײַבעלע האָט זיך גענומען וואַרפן אויף דער ערד און בוקן זיך און פּאַטשן מיט די צעשויבערטע פליגל און צום סוף געבליבן ליגן פאַרחלשט.

דער מלך האָט זיך אָנגערופן צו אים שטרענג:

— איך האָב געהערט דײַנע רייד וואָס דו האָסט נאָר וואָס אַוועקגעלייגט פאַר דײַן ווײַב. איצטער ווײַז וואָס דו קענסט.

דאָס טײַבעלע האָט גענומען וואָרקען און וויינען פאַרן קיניג און רעדן מיט געבעט:

— איך בין שולדיק, גרויסער מלך! איך בין זיך מודה פאַר דיר, גרויסער און קלוגער מלך, אַז איך האָב געזינדיקט מיטן מויל... זײַ מיר מוחל מײַן נאַרישקייט און פאַרגעס די רייד פון אַזאַ קליין און נישטיק באַשעפעניש וויִ איך בין!...

דערויף האָט אים דער מלך געענטפערט:

— אויב דו ווייסט דײַן קליינקייט און נישטיקייט, פאַרוואָס זשע האָסטו זיך אַזוי נאַריש באַרימט פאַר דײַן ווײַב?

האָט דאָס טײַבעלע געענטפערט:

— גרויסער מלך, דו ביסט דאָך דער קליגסטער מענטש אויף דער גאַנצער ערד. פאַרשטייסטו דען ניט, אַז איך האָב זיך נאָר געוואָלט אויספּײַנען פאַר מײַן ווײַב?...

דאָ האָט זיך די מלכּה צעלאַכט און זיך אָפּגערופן:

— אויב אַזוי, — לאָז אים גיין! פאַר אַן אייגענער ווײַב מעג זיך אַ מאַן באַרימען...

האָט דער מלך געלאַכט און געהייסן באַפרײַען דאָס טײַבעלע.

***

די ז׳, וואָס האָט זיך געהאַט באַהאַלטן, איז אים געפֿלויגן אַנטקעגן, און אַ גליקלעכע האָט זי אויסגערופֿן:

— געלויבט איז גאָט, וואָס דו ביסט אַרויס אַ גאַנצער פֿון דער האַנט פֿון מלך!

— נאַר, דו מיינסט, אַז איך בין געווען אין געפֿאַר? — האָט אויסגערופֿן דער ע׳ר. — ווען דו וואָלטסט זיך ניט געוווען באַ־האַלטן, וואָלטסטו געווען געזען, ווי אַזוי דער מלך מיט דער מלכּה זײַנען מיר געפֿאַלן צו די פֿיס און מיך שטאַרק געבעטן, אַז איך זאָל אויף זיי ניט ברענגען דאָס אומגליק און זיי ניט פֿאַרשעמען פֿאַרן גאַנצן פֿאָלק אין ירושלים...

(לויט ח. נ. ביאַליק)

## וואָס באַטײַט?

1. **אַקערשט** — just now. 2. **כּדאַי** (קעדאַי) — worthwhile. 3. **באַרימער** — a boaster, a show-off. 4. **אָנלערנען** — to teach a lesson. 5. **וואונק** — wink. 6. **דינער** — servant. 7. **ציטערן** — to shiver. 8. **פּלאַטערן** — to tremble. 9. **שרעק** — fear. 10. **בוקן** — to bow. 11. **פּאַטשן** — to clap. 12. **צעשויבערט** — disheveled. 13. **פֿאַרחלשט** (פֿאַרכאַלעשט) — in a dead faint. **דאָ:** — motionless. 14. **וואַרקען** — to coo. 15. **געבעט** — prayer. 16. **מודה** (מוידע) **זײַן זיך** — to admit, to confess. 17. **זינדיקן** — to sin. 18. **מוחל** (מויכל) **זײַן** — to forgive. 19. **נאַרישקייט** — foolishness. 20. **נישטיק** — insignificant. 21. **באַשעפֿעניש** — creature. 22. **אויספּײַנען זיך** — to boast. 23. **באַהאַלטן זיך** — to hide. 24. **גע־לויבט איז גאָט** — Praise the Lord. 25. **געפֿאַר** — danger. 26. **אומגליק** — misfortune.

| | | | |
|---|---|---|---|
| כּדאַי | פֿאַרחלשט | מודה זײַן | מוחל זײַן |

## פֿראַגעס:

1. מיט וואָס איז דער קיניג שלמה געווען באַרימט? 2. וואָס פֿאַר אַ שמועס האָט ער איין מאָל אונטערגעהערט? 3. וואָס האָט געזאָגט די זי פֿון די צוויי טײַבעלעך? 4. וואָס האָט געזאָגט דער ער? 5. פֿאַר־וואָס האָט שלמה המלך געלאַכט? 6. ווי האָט דער קיניג געוואָלט אָנלערנען דעם שרעקעדיקן באַרימער? 7. ווי האָט זיך דאָס קלוגע טײַבעלע פֿאַרענטפֿערט? 8. ווער האָט געראַטעוועט דעם קליינעם באַרימער? 9. וואָס האָט די מלכּה געזאָגט? 10. וואָס איז די קאָמישסטע שטעל פֿון דער מעשׂה?

# טווער לעבן

## ווינטן

ווינטן זײַנען אָנגעקומען
ערגעץ פֿון דער וועלט
און געבראַכט אונדז אַ מתּנה —
ווינטערדיקע קעלט.

אין די אָרעמינקע הײַזער
קינדער זײַנען בלאַס,
און עס הוליען דאָרט די ווינטן
מערער ווי אין גאַס.

הוליען ווינטן אויף די דעכער,
רײַסן זיך פֿאָרויס.
דורך די שפּאַלטן און די לעכער
רײַסן זיך אין הויז.

אין די אָרעמינקע הײַזער
בושעוועט די נויט,
און די קליינע קינדער וויינען:
— מאַמע, מאַמע, ברויט!

אין די אָרעמינקע הײַזער
הונגער ליגט צעשפּרייט,
און די ווינטן מיטן דלות
שפּילן אויף דער פֿלייט.

(רבֿקה גאַלין)

# דער אָרעמאַן און דער דלות

אַמאָל האָט זיך אַ ייִד אַן אָרעמאַן געקליבן פֿון אַ דירה. האָט ער צונויפֿגענומען אויף אַ וועגעלע אַלע זײַנע זאַכן מיט די זעקס קינדערלעך וואָס ער האָט פֿאַרמאָגט, און איז שוין גרייט געווען אין וועג אַרײַן. פּלוצעם דערמאָנט ער זיך — ער האָט עפּעס פֿאַרגעסן.

גייט ער אַרײַן אין שטוב, נעמט וואָס ער דאַרף, און קומט צוריק אַרויס צום וועגעלע. ער גיט אַ קוק אויפֿן וועגעלע — ערשט עס זיצן דאָרט ניט קיין זעקס קינדער, נאָר זיבן. און דער זיבעטער — אַזאַ אָפּגעריסענער, אַזאַ אָפּגעשליסענער!...

פֿרעגט דער אָרעמאַן בײַם ייִנגעלע: — ווער ביסטו, ייִנגעלע? וואָס דאַרפֿסטו דאָ?

ענטפֿערט דאָס ייִנגעלע:

— כ׳בין דלות... כ׳וויל מיט דיר מיטפֿאָרן...

זאָגט דער ייִד, אַז קיין קינדער פֿעלן אים ניט, אַז ער האָט זײַנע אויך ניט וואָס צו געבן עסן.

אָבער דאָס ייִנגעלע טרעט ניט אָפּ. הייבט זיך דער ייִד אָן צו בייזערן:

— פֿאַרוואָס גייסטו בעסער ניט צום גבֿיר? וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף מיר? איך בין דאָך אַן אָרעמאַן אַ ייִד!

זאָגט דאָס ייִנגעלע:

— איך וואָלט גערן געגאַנגען צום גבֿיר, האָב איך אָבער קיין שיך ניט... אַ באָרוועסער האָב איך מורא צו אים אַרײַנצוגיין. ער וועט מיך אַרויסטרײַבן.

פֿאַרפֿאַלן! — טראַכט זיך דער ייִד. — מען מוז עפּעס טאָן, כּדי פּטור צו ווערן פֿון דלות.

און ניט געטראַכט לאַנג, פֿאַרקויפֿט ער אַ בגד און קויפֿט שיך פֿאַרן דלות. — זאָל עפּעס קאָסטן, אַבי פּטור ווערן!

און ער ברענגט דעם ייִנגל די שיך און זאָגט צו אים:

— נאַ, טו אָן און גיי צום גבֿיר!

מעסט דלות אָן די שיך —, ס׳גייט ניט! צו ענג...

ווערט דער ייִד אויסער זיך:

— וואָס טוט מען?

נעמט ער דאָס לעצטע קישעלע און קויפֿט פֿאַרן דלות אַ נײַע פּאָר שיך. און כּדי צו זײַן זיכער, נעמט ער שוין אָפּריִער אַראָפּ פֿון דלות אַ מאָס.

ער ברענגט די שיך, דלות מעסט אָן — ווידער ענג!

דער ייִד האָט שיִער ניט געחלשט. אָבער ער מוז דאָך פּאָרט פּטור ווערן פֿון דלות!

אַ קאָלדרע איז געווען די איינציקע זאַך וואָס דער ייִד האָט נאָך געהאַט. נעמט ער די קאָלדרע, גייט אַוועק אויפֿן מאַרק און בײַט זי אויס אויף אַ פּאָר גרויסע, גרויסע שטיוול. אָבער שטיוול — שטיוואַלעס!

אַז זיי וועלן שוין ניט אַרויף, ווייס איך שוין ניט! — זאָגט ער צום ייִנגל — טו זיי אָן און טראָג זיך אָפּ פֿון דאַנען! — מעסט דער דלות אָן די שטיוול — אַן אומגליק, אַ צרה! — ווידער קליין!

און וויפֿל דער אָרעמאַן האָט זיך ניט געמיט צו באַפֿרײַען זיך פֿון דלות, האָט ער גאָרנישט געקאָנט מאַכן. וואָס ווײַטער, איז דער דלות אַלץ געוואַקסן און קיין שיך האָבן אויף אים ניט געפּאַסט.

און דער אָרעמאַן איז שוין אַזוי געבליבן מיטן דלות אויפֿן גאַנצן לעבן.

דער אָרעמאַן איז שוין לאַנג געשטאָרבן, אָבער דער דלות לעבט נאָך, וואוינט בײַ זײַנע קינדער און קינדס־קינדער.

און ווען מע פֿרעגט אים, פֿאַרוואָס גייט ער ניט צו די גבֿירים, ענטפֿערט ער, אַז ער שעמט זיך, ווײַל ער גייט באָרוועס.

(פֿאָלקס־מעשׂה)

1. **דלות** (דאַלעס) — poverty. 2. **דירה** (דירע) — dwelling. 3. **פּאַר־מאָגן** — האָבן. 4. **גרייט זײַן** — to be ready. 5. **אָפּגעריסענער, אָפּגעשליסענער** — אין צעריסענע קליידער. 6. **אָפּטרעטן** — אוועקגיין. 7. **גבֿיר** (גוויר), **גבֿירים** (גווירים) — rich man. 8. **אָנזעצן זיך** — ניט אָפּלאָזן, not to leave alone. 9. **גערן** — gladly. 10. **באָרוועסער** — barefoot. 11. **אַרויסטרײַבן** — to chase out. 12. **פֿאַרפֿאַלן** — it's of no use. 13. **כּדי** (קעדיי) — in order to. 14. **פּטור** (פּאָטער) **ווערן** — to get rid of. 15. **בגד** (בעגעד) — garment. 16. **אַבי** — so that. 17. **מעסטן** — to try on. 18. **ענג** — tight. 19. **זײַן אויסער זיך** — to be beside oneself. 20. **קישעלע** — pillow. 21. **מאָס** — measure. 22. **שיער** — almost. 23. **חלשן** — to faint. 24. **קאָלדרע** — blanket. 25. **אויסבײַטן** — to exchange. 26. **שטיוול** — boot. 27. **אָפּטראָגן זיך** — אוועקגיין. 28. **צרה** (צאָרע) אומגליק, misfortune. 29. **מיִען זיך** — to try. 30. **פּאַסן** — to fit.

# אַיאַמאַ

## א.



עשען איז דאָס אין ברוקלין.

עס איז געווען נאַכט. אין אַ וואַרעמען ליכטיקן צימער זײַנען געזעסן די קינדער און זיך געשפּילט.

פּלוצעם האָט עמעצער אַ קלאַפּ געגעבן מיט דער טיר, און אַלע האָבן דערהערט, ווי עני, אַ מיידעלע פֿון אַ יאָר זיבן, שרײַט מיט גרויס שׂמחה: „מאַמע, זע וואָס איך האָב געבראַכט; זע, מאַמע, טײַערע"!

אַלע קינדער האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון זייערע ערטער, און אין שטוב איז אַרײַנגעלאָפֿן עני מיט פֿאַרפּלאַמטע בעקלעך. אין די הענט האָט זי געהאַלטן אַ קליין שוואַרץ הינטעלע, מיט גלאַטע האָר, ווי סאַמעט, און מיט אַ פּאָר שיינע, קלוגע אויגן.

די מאַמע האָט אָבער געמאַכט אַ בייזן פּנים און געהייסן באַלד דאָס הינטעלע אַוועקטראָגן צוריק. עס איז דאָ גענוג צו ראַמען און צו אַרבעטן אָן אַ הינטל אין שטוב.

עני האָט אָנגעהויבן בעטן, העלען האָט זיך צעוויינט, ווילי האָט צוגעזאָגט אַליין אַכטונג צו געבן אויפֿן נײַעם פֿרײַנד, און די גוטע מאַמע האָט ניט געקאָנט אָפּזאָגן — דאָס הינטל איז געבליבן אין שטוב.

***

שפּעטער ווי אַלע מאָל זײַנען אין דער נאַכט די קינדער גע־גאַנגען שלאָפֿן. מען האָט דעם גאַסט געוואַשן, געקעמט, געגעבן מילך, געגעבן צוקער, געשפּילט זיך מיט אים, געטראָגן אים אויף די הענט, געקושט, געקוואָלן פֿון זײַנע חכמות און געקריגט זיך איבער אים.

נאָך דעם האָט מען אים אָנגעהויבן צוקלײַבן אַ נאָמען. העלען האָט פֿאָרגעלייגט: „פּרינץ". דער גאַסט האָט זיך ניט גערירט פֿון אָרט. עני האָט אַ געשריי געטאָן: „אַיאַמאַ!" דאָ האָט זיך

דער שטיפּער אַ כאַפּ געטאָן פֿון אָרט און אָנגעהויבן מאַכן קונצן. העלען האָט זיך געהאַלטן בײַ די זײַטן לאַכנדיק. ווילי האָט גע־טופּעט מיט די פּיס פֿאַר פֿרייד, עני האָט געפּאַטשט: „בראַוואָ!" און אַלע האָבן געשריִען: „אָיאַמאַ! אָיאַמאַ! אָיאַמאַ!"

דער זייגער שלאָגט נײַן. אָיאַמאַ שלאָפֿט ווי אַ פּרינץ אויף אַ זײַדענער קאָלדרע. און די קינדער זאָגן שטיל: „אַ גוטע נאַכט, אָיאַמאַ, אַ גוטע נאַכט!"

## ב.

עס זײַנען אַוועק דרײַ וואָכן.

אָיאַמאַ לעבט אין נחת און אין פֿריידן. עס איז אים וואַרעם און גוט. ער עסט פֿון דעם בעסטן און טרינקט פֿון דעם שענסטן. ער איז געוואָרן פֿעט און קײַלעכדיק. ער האָט נישט קיין זאָרג און איז אַ גוטער ברודער מיט אַלע קינדער, ער איז זייער ליבלינג.

נאָר די מאַמע איז מיט אָיאַמאַן נישט צופֿרידן. ער פּלאָנטערט זיך איר אונטער די פּיס, כאַפּט זיך אָן מיט די ציין און שלעפּט זיך נאָך, ווען עס ליגט גאָרנישט אין זינען מיט אים צו שטיפֿן. ער שלעפּט דעם טישטעך אַראָפּ פֿון טיש און ברעכט גלעזער און שאָלן.

איין מאָל, בײַנאַכט, זאָגט די מאַמע צום עלטסטן זון: „דעיווי, נעם די קאַר און פֿאַרפֿיר אָיאַמאַן אַזוי ווײַט, אַז ער זאָל ניט קענען קומען צוריק."

עני בעט, ווילי טענהט, העלען וויינט — עס העלפֿט נישט קיין זאַך: דעיווי טוט אָן זײַן אייבעררעק, וויקלט אײַן אָיאַמאַן אין אַ שוואַרץ טיכל און גייט... אָיאַמאַ פֿילט קיין זאַך נישט. פֿריילעך און אָן זאָרג, שפּילט ער זיך מיט זײַן אַלטן באַקאַנטן, מיט דעיווין.

די קינדער זעען, אַז די מאַמע האַלט זיך בײַ איר וואָרט, און אַז די שעה פֿון צעשיידן זיך איז געקומען, זיצן זיי שטיל און טרויעריק און באַטראַכטן זייער געליבטן אָיאַמאַן צום לעצטן מאָל. ווען דעיווי אָבער גייט אַרויס, און די טיר גיט אַ קלאַפּ נאָך אים, צעוויינט זיך עני אויפֿן קול, ווילי מאַכט אַ בייזן פּנים, און העלען דריקט צו זיך איר ליאַלקע, און פֿון איר אויג פֿאַלט אַראָפּ אַ גרויסע, קלאָרע טרער.

ג.

„איסטערן פּאַרקוועי‟ האָט געהייסן די גאַס, אויף וועלכער דעיווי האָט אַרויסגעוואָרפן אַיאַמאַן און איז אַנטלאָפן. עס איז אַ ברייטע גאַס מיט גרויסע ביימער פון ביידע זײַטן און אין מיטן שטייט אויף אַ הויכן פונדאַמענט אַ מאָנומענט פון גענעראַל סלאָקום — אַ באַגולדטער גענעראַל אויף אַ באַגולדט פערד.

עס איז געווען אַ פינצטערע, קאַלטע נאַכט. אַ שטאַרקער ווינט האָט געבלאָזן, און שווערע, שוואַרצע וואָלקנס האָבן באַדעקט די הימלען. אַיאַמאַ איז געבליבן אַליין... אַ דערשראָקענער, אַ דערפראָרענער איז ער געלאָפן אין אַלע זײַטן. ער האָט אָנגעשמעקט דעיוויס טריט, און האָט זיך געלאָזט לויפן. ווען ער האָט אָבער געזען אַז ער קאָן אים ניט דעריאָגן, האָט ער אָנגעהויבן וויינען ווי אַ קליין קינד. נאָך דעם האָט ער גענומען זוכן נײַע פרײַנד, און ווער עס פלעגט פאַרבײַגיין, פלעגט ער אים נאָכלויפן, וויינען און בעטן. אָבער ער האָט עטלעכע מאָל געקראָגן אַ בריק מיטן פוס.

לאַנג האָט אַיאַמאַ אומגעוואַנדערט אין דער פינצטער. צום סוף, אַ פאַרפרוירענער, אַ הונגעריקער, אַ דערשראָקענער איז ער צוגעקראָכן צו די טרעפ, אויף וועלכע עס איז געשטאַנען דער באַגולדטער גענעראַל מיטן פערד, האָט אַנידערגעלייגט דאָס קעפל אויפן האַרטן שטיין און האָט צוגעמאַכט די אויגן. זײַן יונג קערפּערל האָט יעדע ווײַלע אַ ציטער געטאָן און זײַנע אויגן זײַנען געווען פול מיט טרערן.

***

שפּעט בײַנאַכט איז אַ שיכּורער טרעמפּ געגאַנגען מיט איסטערן פּאַרקוועי צו פּראָספּעקט־פּאַרק, וואו ער האָט געהאָפט צו געפינען פאַר זיך אַ ליידיקע באַנק צום שלאָפן. זײַנע קליידער



זײַנען געווען אַלט און צעריסן, זײַנע שטיוול אויסגעטראָטן, און ער האָט געציטערט פֿאַר קעלט.

לעבן גענעראַלס מאָנומענט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, האָט זיך אָנגעבויגן און באַמערקט דעם עלנטן אײַמאַ. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו אים, האָט אים צוגעדריקט צו זיך, און איז געבליבן זיצן אויף די טרעפּ פֿון דעם מאָנומענט.

די ביימער האָבן געררוישט. דער שטאַרקער ווינט האָט דורכ־געריסן די וואָלקנס, און די לבֿנה האָט באַלויכטן די ביידע היימלאָזע, אַרויסגעוואָרפֿענע, וואָס זײַנען געשלאָפֿן אונטער דעם באַגולדטן מאָנומענט מיט אַ שווערן, אומרואיקן שלאָף.

(יעקבֿ גאָרדין)

## וואָס באַטײַט ?

1. **שׂמחה** (סימכע) — פֿרייד. 2. **סאַמעט** — velvet. 3. **קונצן** — tricks. 4. **נחת** (נאַכעס) — pleasure. 5. **אַ בריק** — kick. 6. **צום סוף** — finally. 7. **שיכּורער** (שיקערער) — drunken.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| שׂמחה | חכמות | נחת | טענהט | שעה | סוף |

## פֿראַגעס :

**א.** 1. פֿאַרוואָס איז די מאַמע פֿון אַנהייב אָן ניט געווען צופֿרידן מיטן הינטל ? 2. פֿאַרוואָס האָט זי נאָכגעגעבן די קינדער ? 3. ווי האָט זיך אײַמאַ פֿון דעסטוועגן געפֿילט ?

**ב.** 1. פֿאַרוואָס האָט די מאַמע געהייסן פֿאַרפֿירן דאָס הינטל אַזוי ווײַט, אַז עס זאָל ניט קענען צוריקקומען ? 2. וואָס איז פֿאָרגעקומען אין שטוב ווען די קינדער האָבן זיך דערוואוסט אַז די שעה פֿון צעשיידונג איז נאָענט ? 3. וואָס איז מיטן הינטל יענע נאַכט געשען ?

**ג.** 1. לייענט פֿאַר די באַשרײַבונג פֿון דער נאַכט ווען מען האָט אײַמאַן אַרויסגעוואָרפֿן. 2. לייענט די באַשרײַבונג ווי אײַמאַ בלײַבט אַליין. 3. לייענט דאָס אָרט, וואו ס'ווערט באַשריבן דער אומרואיקער שלאָף פֿון אַן עלנטן הינטל. 4. וועלכע ערטער רופֿן בײַ אונדז אַרויס דעם גרעסטן פֿאַרדרוס ? 5. ווי קען מען אַנדערש אָנרופֿן די מעשׂה ?

**ד.** טיילט אײַן די דערציילונג אין קליינע טיילן און געפֿינט פֿאַר יעדן טייל אַ פּאַסיקן נאָמען.



# דער ערשטער טאָג

## 1.

— לילי! לילישקע! שטיי אויף, מײַן קינד...

די פּופּצניעריקע לילישקע האָט צעמישט און צעשראָקן, מיט האַלב צוגעמאַכטע און פֿאַרקלעפּטע אויגן פֿון שלאָף, זיך אַרומגעקוקט אַרום זיך.

— נו, מײַן קינד, דו שלאָפֿסט נאָך? דער זייגער איז דאָך שוין זיבן. דו האָסט פֿאַרגעסן?

נאָר לילי האָט שוין ניט געהערט. זי איז ווידער געשלאָפֿן.

— אַך, אַ געזונט אין איר, ס׳איז איר נעבעך שווער דאָס ערשטע מאָל אַזוי פֿרי אויפֿצושטיין. נו, זאָל זי נאָך שלאָפֿן אַ ביסל — האָט לילים מאַמע צו זיך אַליין גערעדט. זי האָט געוואָרפֿן אַ מוטערלעך באַזאָרגטן בליק אויף לילין און אָנגעהויבן צוגרייטן פֿרישטיק.

*****

לילים טאַטע גייט שוין אַרום אַ לאַנגע צײַט אָן אַרבעט. יעדן פֿאַרטאָג לויפֿט ער זוכן אַרבעט. פֿאַרנאַכט קומט ער אַהיים אַ טרויעריקער, מיט אַ פֿינצטער שוואַרצן פּנים. — „שלעכט, מע דאַרף מיך ניט... איך בין אויסגעשפּילט...״ — ברומט ער שטיל אין זיך מיט אַ געוויין. דער מאַמעס פּנים ווערט פֿון טאָג צו טאָג אײַנגעפֿאַלענער און בלייכער.

לילי איז די עלטסטע פֿון די קינדער און זי קען שוין מער ניט איבערטראָגן די אָרעמקייט אין שטוב, דעם טאַטנס שטענדיקן אומעט, דער מאַמעס זאָרגן.

לילי איז אַ געוויקסיקע, אַ שיינע, מיט פֿולע רונדע און רויטע באַקן ווי פֿריש-צעבליטע עפּל און מיט גרויסע, שוואַרצע און קלוגע אויגן.

**.2**

איין מאָל איז לילי, גלײַך ווי זי איז געקומען פֿון סקול, אַוועק פֿון הויז און מער האָט זי זיך ניט געוויזן אין שטוב אַ גאַנצן טאָג. ערשט פֿאַרנאַכט צו, ווען עס איז שוין געווען שטאַרק פֿינצטער, איז זי אַרײַנגעפֿאַלן אין הויז אַ צעפּלאַמטע, אַ פֿריילעך-צעטראָגענע און הויך אויפֿן קול אויסגערופֿן:

— פאַ, מאַ, איך האָב שוין אַ „דזשאַב", און אַרבעט-פּאַפּירן האָב איך שוין אויך. אָט איז עס! נאַט, זעט!...

— ווי?... וואָס?... — האָבן ליליס טאַטע-מאַמע פֿאַרוואונדערט און צעשראָקן אויסגערופֿן.

— אָ, דעדי, אָ, מאַ! — האָט לילי אָנגעהויבן אַרומלויפֿן פֿון איינעם צום צווייטן, פֿון טאַטן צו דער מאַמען און פֿון דער מאַמען צום טאַטן, זיי אַרומגענומען, זיי געגלעט, זיי געקושט און צו זיי גערעדט:

— וואָס איז? אַ סך מיידלעך ווי איך אַרבעטן, אויב פּאַפּאַ קען ניט קריגן קיין אַרבעט, פֿאַרוואָס זאָל איך ניט אַרבעטן? איך בין שוין מער ניט קיין קליין קינד...

לילי׳ס טאַטע האָט שוין מער ניט געקאָנט עסן. ער האָט אָפּ-גערוקט פֿון זיך דאָס עסן און שווײַגנדיק אַרויסגעקוקט דורכן פֿענצטער אין דרויסן.

לילי איז יענעם אָוונט געגאַנגען פֿרי שלאָפֿן, פֿרִיער ווי אַלע מאָל, און פֿאַרן שלאָפֿן גיין האָט זי אָנגעזאָגט דער מאַמען, אַז זי זאָל זי מאָרגן אויפֿוועקן פֿרי.

**.3**

עס האָט לילי׳ס מאַמען געריסן דאָס האַרץ זי צו וועקן אַזוי פֿרי און זי האָט געלאָזן זי שלאָפֿן נאָך אַ ווײַלע. נאָר אַז זי האָט געזען אַז דער זייגער איז שוין זיבן, האָט זי זי ווידער גענומען וועקן.

— לילי, ליליטשקע! שטיי שוין אויף, מײַן קינד, דו קאָנסט נאָך חלילה די שטעל פֿאַרלירן, — האָט זי זי געוועקט.

לילי האָט מיט אַ קינדיש קולכל עפּעס אַרויסגעמורמלט, האָט פֿויל אָפּגעגענעצט, געצויגן אירע גלידער, אויסגעריבן די אויגן און זיך גענומען אָנטאָן.

זי האָט אויף גיך זיך אָנגעטאָן, אין געאײַל זיך אַרומגעוואַשן, און אין דער זעלבער אײַלעניש אָפּגעכאַפּט דעם אָנבײַסן, גע־שלונגען די ביסנס, די גאַנצע צײַט געהאַט טענות צו דער מאַמען פֿאַרוואָס זי האָט זי פֿריִער ניט אויפֿגעוועקט.

— אוי, אַ געזונט אין דיר, וואָס רעדסטו, טאָכטער, איך האָב דיך ניט איין מאָל געוועקט, — האָט די מאַמע, ווי זי וואָלט זיך געפֿילט שולדיק, זיך פֿאַרענטפֿערט. — נו, נו, האָב קיין יִסורים ניט, ס'איז נאָך ניט שפּעט, — האָט זי צו לעצט אָנגעהויבן טרייסטן און אין אײַלעניש צוגעגרייט עפּעס עסן מיטצוגעבן לילין אין שאָפּ.

לילי האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס פּעקל עסן, האָט געזאָגט „אַ גוטן טאָג״, זיך צעקושט מיט דער מאַמען און איז באַלד געווען אויף יענער זײַט טיר.

— זאָל זײַן מיט גליק! — האָט די מאַמע צוגעוואונטשן און מיט מוטערלעכע, פֿאַרזאָרגטע בליקן איר נאָכגעקוקט. טרערן גרויסע, זודיקע טרערן זײַנען געהאָנגען אויף אירע ברעמען.

(ז. שער)





# אין אַן אָרעם שטיבעלע

אין אַן אָרעם שטיבעלע
אָוונט־צײַט בײַם קוימען,
שפּינט אַ ליבע מוטער דאָרט
פֿאַרן קינד אירס טרוימען.

זינגט זי אים אַ לידעלע,
פּאַטשט עס מיט די הענטעלעך,
זינגט דאָס גאַנצע שטיבעלע,
זינגען מיט די ווענטעלעך.

פּאַטשע־פּאַטשע־קיכעלעך,
אוצרל מײַן שיינער,
טאַטע ט׳קויפֿן שיכעלעך,
זונעלע מײַן קליינער.

טאַטע ט׳קויפֿן שיכעלעך,
מאַמע ט׳שטריקן זעקעלעך,
טאַטע ט׳קויפֿן פֿערדעלעך,
מאַמע ט׳אָנטאָן גלעקעלעך.

(י. קאַרמאַן)






# די מגילה

אַמאָל איז געווען
אַ קיניג אַ נאַר,
און המן זײַן דינער —
אַ ביטערער נאַר.

האָט המן דער בייזער
געגעבן אַ זאָג:
נעמט הרגעט די ייִדן —
און אַלע אין איין טאָג.

האָט אסתּר די מלכּה —
אַ ייִדישע פֿרוי,
געוויינט פֿאַרן קיניג
אַזוי און אַזוי:

אָ, העלף מיר, מײַן קיניג,
מײַן פֿאָלק איז אין נויט,
דער המן וויל ברענגען
אויף ייִדן דעם טויט.

און באַלד האָט דער קיניג
צעבייזערט זיך שטאַרק:
נעמט הענגט אים דעם המן
אין מיטן פֿון מאַרק!

און אסתּרס פֿעטער —
מרדכי דער ייִד,
האָט געזונגען פֿאַר ייִדן
אַ פורימדיק ליד.

געהערט האָבן ייִדן,
און האָבן געלאַכט,
און זיסע המן־טאַשן
אויף פורים געמאַכט.

(י. גויכבערג)




ויהי בימי...

# די מעשׂה פֿון פּורים

## א.



מאָל איז געווען אַ מעשׂה. די מעשׂה הייבט זיך אָן מיט אַ נאַרישן מלך און עס לאָזט זיך אויס זייער פֿריילעך.

דער מלך האָט געהאַט אַ מלכּה. איז ער איין מאָל אויף איר אין כּעס געוואָרן, האָט ער געהייסן זי דערהרגענען. און אַז מען האָט זי דערהרגעט, איז דער מלך אָפּגעגאַנגען פֿון כּעס. און אַז ער איז אָפּגעגאַנגען פֿון כּעס, האָט ער חרטה געקראָגן, וואָס ער האָט זי דערהרגעט.

— „גרויסער נאַר!‟ — האָט דער מלך אויף זיך אַליין געזאָגט — „וואָס האָב איך דאָס געטאָן? און ווי אַזוי קען דאָס זײַן אַ מלך אָן אַ מלכּה?‟

האָבן זײַנע דינערס פֿאַר אים אויסגעזוכט אַן אַנדער מלכּה, און איר נאָמען איז געווען אסתּר, און זי איז געווען נאָך שענער פֿאַר דער ערשטער מלכּה. און דער מלך האָט זייער ליב געקראָגן די נײַע מלכּה, און וואָס זי האָט געבעטן, האָט ער איר געגעבן, און דער מלך האָט ניט געוואוסט, אַז אסתּר איז אַ ייִדישע מיידל.

און אין דעם קיניגס הויף איז געווען אסתּרס אַ פֿעטער, האָט מען אים גערופֿן מרדכי הצדיק, ווײַל ער איז געווען אַ גוטער מענטש. הערט איין מאָל מרדכי הצדיק, ווי צוויי דינערס רעדן אָפּ צווישן זיך צו פֿאַרסמען דעם מלך. איז מרדכי אַוועק און האָט דאָס דערציילט אסתּרן, און אסתּר האָט דאָס דערציילט דעם מלך, און מען האָט די צוויי דינערס אויפֿגעהאַנגען. די גאַנצע געשיכטע איז פֿאַרשריבן געוואָרן אין דעם קיניגס בוך.

## ב.

אין דעם קיניגס הויף איז אָנגעקומען אַ שלעכטער מענטש, און זײַן נאָמען איז געווען המן. און ווײַל ער איז געווען שלעכט, האָבן אים אַלע גערופֿן המן הרשע. האָט דער נאַרישער קיניג

ליב געקראָגן המן הרשע און ער האָט געהייסן אַלע זאָלן זיך בוקן פֿאַר אים. האָבן זיך אַלע געבוקט פֿאַר אים, נאָר איין מרדכי הצדיק האָט זיך פֿאַר אים ניט געוואָלט בוקן. איז המן הרשע אין כּעס געוואָרן אויף מרדכין, און ווען ער האָט דערהערט, אַז מרדכי איז אַ ייִד, האָט ער געוואָלט דערהרגענען מרדכין מיט אַלע ייִדן אין איינעם.

איז המן אַוועק צום נאַרישן מלך און זאָגט צו אים:

— אַדוני מלך, זאָלסטו לעבן און זײַן פֿריילעך! פֿאַרקויף מיר אַלע ייִדן פֿון דײַן לאַנד און איך וועל זיי אַלעמען אויסהרגענען.

זאָגט צו אים דער נאַרישער מלך:

— נעם זיי.

איז המן אַוועק פֿריילעך פֿון דעם מלך.

אַז מרדכי הצדיק און אַלע ייִדן האָבן דערהערט פֿון דער מעשׂה, האָבן זיי זיך אַלע ביטער צעוויינט און צעשריִען, און מרדכי איז אַוועק צו אסתּר המלכּה זאָגן איר, אַזוי ווי זי איז אַליין אַ ייִדיש קינד, זאָל זי זען בעטן דעם נאַרישן מלך, ער זאָל די ייִדן ניט אויסהרגענען.

## ג.

און דער נאַרישער מלך האָט זיך געלייגט שלאָפֿן יענע נאַכט. קומט אַרונטער פֿון הימל דער מלאך פֿון שלאָף און לאָזט אים ניט אײַנשלאָפֿן. בעט זיך דער מלך בײַם מלאך:

— לאָז מיך אײַנשלאָפֿן! איך בין אַזוי מיד! דער קאָפּ טוט מיר וויי.

זאָגט דער מלאך צום מלך:

— דער נאַרישער קאָפּ טוט דיר וויי פֿון די נאַרישקייטן וואָס דו טוסט אָפּ. איך וועל דיך ניט לאָזן שלאָפֿן, ביז דו וועסט ניט איבערלייענען דײַן בוך, וואו אַלצדינג איז פֿאַרשריבן.

שטייט אויף דער מלך אין מיטן דער נאַכט און שיקט נאָך זײַן שרײַבער, ער זאָל אים איבערלייענען דאָס בוך, וואו אַלצדינג איז פֿאַרשריבן. נעמט דער שרײַבער לייענען דאָס בוך. קומט ער צו אַ מעשׂה, ווי מרדכי הצדיק האָט געראַטעוועט דעם קיניגס לעבן,

ווען צוויי דינערס זײַנע האָבן אים געוואָלט פֿאַרסמען. פֿרעגט דער מלך בײַם שרײַבער:

— האָט מען מרדכין עפּעס געטאָן דערפֿאַר, וואָס ער האָט מײַן לעבן געראַטעוועט? איז אין בוך פֿאַרשריבן?

ענטפֿערט דער שרײַבער:

— ניין, מען האָט אים גאָרנישט געטאָן.

רופֿט אויס דער קיניג:

— ווער איז איצט אין הויף? שיקט מיר אים אַרויף!

און גראָד איז המן געקומען בעטן דעם מלך, ער זאָל אים לאָזן אויפֿהענגען מרדכין אויף דער תּליה, וואָס ער האָט פֿאַר אים געמאַכט.

ענטפֿערט מען דעם מלך:

— המן איז דאָ!

זאָגט דער מלך:

— זאָל ער אַרײַן.

קומט אַרײַן המן הרשע, פֿרעגט בײַ אים דער מלך:

— זאָג מיר, וואָס זאָל מען טאָן דעם מענטשן, וואָס דער מלך האָט אים ליב?

טראַכט המן בײַ זיך אין האַרצן: „וועמען האָט דער מלך ליב, אויב ניט מיך?" רופֿט ער זיך אָן צום מלך:

— אַדוני מלך! אָט דאָס דאַרף מען טאָן צום מענטשן, וואָס דער מלך האָט אים ליב און ער וויל אים אָנטאָן כּבֿוד: זאָל מען יענעם מענטשן אָנטאָן אין קיניגלעכע קליידער, אַרויפֿזעצן אויפֿן קיניגס פֿערד און אָנטאָן אים אויפֿן קאָפּ דעם קיניגס קרוין און דער גרעסטער מיניסטער זאָל אים פֿירן איבער אַלע גאַסן און שרײַען: „אַזוי ווערט געטאָן צום מענטשן, וואָס דער קיניג האָט אים ליב!"

— דו האָסט גוט געזאָגט, המן. טאָ נעם טאַקע און טו דאָס אַלץ צו מרדכין.

אַז המן האָט דאָס דערהערט, איז אים פֿינצטער געוואָרן אין די אויגן: געהערט אַ מעשׂה? ער קומט בעטן דעם מלך, ער זאָל אים לאָזן אויפֿהענגען מרדכין, הייסט אים גאָר דער מלך אָנטאָן מרדכין אַזאַ כּבֿוד! אָבער אַז דער מלך הייסט, מוז מען פֿאָלגן. איז המן אַוועק און אָנגעטאָן מרדכין אין די קיניגלעכע קליידער

און אַרויפֿגעזעצט אים אויפֿן קיניגלעכן פֿערד און אָנגעטאָן אים די קיניגלעכע קרוין אויפֿן קאָפּ, און המן האָט אַזוי אַרומגעפֿירט מרדכין איבער אַלע גאַסן און געשריִען אויפֿן קול: „אַזוי ווערט געטאָן צום מענטשן, וואָס דער קיניג האָט אים ליב!"

און קליינע קינדער האָבן דאָס געזען, האָבן זיי זיך געפֿרייט און געטאַנצט און געשפּרונגען און געזונגען:

מרדכי הצדיק פֿאָרט אויפֿן פֿערד,
המן הרשע גייט אום אויף דער ערד!

## ד.

און אסתּר המלכּה איז דערווײַל געקומען צום מלך און האָט אים געבעטן, ער זאָל ניט לאָזן המן דעם רשע אויסהרגענען אַלע ייִדן, ווײַל זי אַליין איז אויך אַ ייִדישע, און אויב מע וועט אויס־הרגענען אַלע ייִדן וועט מען זי אויך דאַרפֿן הרגענען.

האָט דער מלך דערזען, וואָס פֿאַר אַ נאַרישקייט ער האָט געטאָן, איז ער אין כּעס געוואָרן אויף המנען און ער האָט געהייסן אויפֿ־הענגען המנען אויף דער זעלבער תּליה, וואָס המן האָט געמאַכט פֿאַר מרדכין, און מרדכי און אַלע ייִדן זײַנען געבליבן לעבן, און עס איז געווען פֿריילעך, לעבעדיק. מען האָט געמאַכט אַ יום־טובֿ פּורים, וואָס מען איז פּטור געוואָרן פֿון אַזאַ שלעכטן מענטשן ווי המן הרשע, און מען איז אַרויס אין די גאַסן מיט טענץ און מיט געזאַנג:

פֿאַרשאָלטן זאָל ווערן המן,
וואָס איז געווען דער ערגסטער!
געבענטשט זאָל ווערן מרדכי,
וואָס איז געווען דער בעסטער!
געבענטשט זאָל זײַן די מלכּה,
וואָס האָט געהייסן אסתּר!

און קינדער האָבן אויך געטאַנצט און געזונגען:

המן הרשע ליגט אין דרערד,
מרדכי הצדיק פֿאָרט אויפֿן פֿערד!
הײַנט איז פּורים, מאָרגן איז אויס!
גיט מיר אַ גראָשן און טרײַבט מיך אַרויס!

און די קינדער האָבן געשלאָגן המנען מיט המן־קלאַפּערס, מיט קאַלאַקאָטקעס און מיט גראַגערס. און אַזוי איז אַלע יאָר, ווען עס קומט פּורים, דערמאָנט מען זיך אָן דער מעשׂה מיטן נאַרישן מלך, און עס ווערט אַזוי פֿריילעך, און מען עסט המן־טאַשן, און מע ליידיקט אויס אַלע פֿלאַשן, ווײַל פּורים איז אַ מצווה צו נאַשן. פּורים דאַרף מען אַליין טרינקען און עסן און אויך אָן די אָרעמע ניט פֿאַרגעסן.

(לעאָן עלבע)

## וואָס באַטײַט?

1. **מלך** (מיילעך) — קיניג. 2. **מלכּה** (מאַלקע) — queen. 3. **אין כּעס** (קאַס) געוואָרן — געוואָרן בייז. 4. **דערהרגענען** (דערהאַרגענען) — טייטן. 5. **אָפּגעגאַנגען פֿון כּעס** — דער כּעס איז אים אַוועק. 6. **חרטה** (כאַראָטע) געקראָגן—האָט אים פֿאַרדראָסן, he was sorry. 7. **דינערס** — servants. 8. **פֿעטער** — אָנקל. 9. **מרדכי הצדיק** (מאָרדכע האַצאַדיק) — מרדכי דער גוטער. 10. **פֿאַרסמען** (פֿאַרסאַמען) — to poison. 11. **הויף** — court. 12. **המן הרשע** (האָמאָן האַראָשע) — המן דער שלעכטער. 13. **בוקן זיך** — to bow. 14. **אַדוני מלך** (אַדױני מעלעך) — my lord, the king. 15. **מלאך** (מאַלעך) — angel. 16. **געראַטעוועט** — saved. 17. **תּליה** (טליִע) — gallows. 18. **אָנטאָן כּבֿוד** (קאָוועד) — to honor. 19. **געבענטשט** — blessed. 20. **גראָשן** — penny. 21. **קאַלאַקאָטקעס** — גראַגערס, rattles. 22. **מצווה** (מיצווע) — good deed.






## א.

חיים האָט געלעבט מיט זײַן ווײַב און קינדער אין אַ דאָרף ניט ווײַט פון תל-אָביבֿ. יעדן טאָג האָט ער געפירט זאַמד פאַר די נײַע הײַזער וואָס מען האָט געבויט אין שטאָט. ער אַליין האָט געריטן אויף זײַן אייזל און אויף אַ שטריק האָט ער נאָכגעפירט זײַן קעמל. אויפן קעמלס רוקן האָבן פון ביידע זײַטן געהאַנגען צוויי קאַסטנס מיט זאַמד.

פורים אין דער פרי האָט חיים אָפּגעמאַכט מיט זײַן ווײַב און קינדער אַרײַנצופאָרן קיין ירושלים און דאָרט צו פאַרברענגען דעם יום-טובֿ צווישן אייגענע און פרײַנד.

חיים האָט אָנגעזאָטלט זײַן אייזל, פאַרשפרייט דעם קעמלס הויקער מיט אַ טעפעך, און אָנגעהאַנגען גלעקלעך אויף זײַן האַלדז און געזאָגט:

— מיר וועלן אַרײַנפאָרן קיין ירושלים מיט פרייד און געזאַנג. מיר וועלן שוין דאָרטן הערן לייענען די מגילה.

חיימס ווײַב האָט דערווײַל אויסגעמעלקט די ציג און איז אַרײַן אין הויז צוגרייטן עסן אויפן וועג. די קינדער האָבן זיך געשפּילט אין הויף. דערהערט אַז מע גרייט זיך אין וועג אַרײַן, האָבן זיי פאַרפּוצט די ציג מיט אַ פורימדיק מיצל אויפן קאָפּ. דעם הונט האָבן זיי אָנגעהאַנגען אַ פײַקל אויף דער זײַט און דער קאַץ האָבן זיי אויסגעבונדן אַ שניפּס אויפן האַלדז.

דערווײַל האָט זיך דער קעמל צערעדט מיטן אייזל:

— ווי געפעלט דיר אונדזער באַלעבאָס? אַ גאַנץ יאָר שפּאַנען מיר טאָג-אײַן, טאָג-אויס קיין תל-אָביבֿ, און הײַנט, פורים, ווען אין תל-אָביבֿ איז אַזאַ גרויסער קאַרניוואַל, פאַרגלוסט זיך דעם באַלע-באָס גאָר צו פאָרן קיין ירושלים!

— ביסט גערעכט, ווי איך בין אַן אייזל — רופט זיך אָפּ דער אייזל. — וואָס וועלן מיר טאָן אין ירושלים? קום, לאָמיר אַליין אַוועקגיין קיין תל-אָביבֿ!

געזאָגט און געטאָן. און דער קעמל און דער אייזל לאָזן זיך אין וועג אַרײַן. קומט צו שפּרינגען די ציג מיטן פּורימדיקן מיצל אויפֿן קאָפּ:

— וואוהין גייט איר?

— צום קאַרניוואַל אין תּל־אָבֿיבֿ!

— דאַרפֿט איר אַ פּורימדיקן לץ מיט אַ מיצל?

— אַוודאי דאַרפֿן מיר! קום!

גייען זיי זאַלבעדריט. קומט צו לויפֿן דער הונט מיטן פּײַקל אויף דער זײַט:

— חבֿרה, וואוהין?

— צום קאַרניוואַל אין תּל־אָבֿיבֿ!

— און אַ פּײַקלער דאַרפֿט איר?

— אַוודאי דאַרפֿן מיר אַ פּײַקלער! קום!

גייען זיי זאַלבעפֿערט. לויפֿט זיי נאָך די קאַץ מיטן שניפּס אויפֿן האַלדז און מיטן פֿײַפֿל אין מויל:

— וואוהין גייט איר?

— צום קאַרניוואַל אין תּל־אָבֿיבֿ!

— און אַ פֿײַפֿער דאַרפֿט איר?

— אַוודאי דאַרפֿן מיר! קום!

גייען זיי אַלע פֿינף, ביז זיי זײַנען אָנגעקומען קיין תּל־אָבֿיבֿ, פּונקט ווען דאָרט האָט זיך דערהערט אַ בלאָז פֿון שופֿר, און דער פּאַראַד האָט זיך אָנגעהויבן . . .

## וואָס באַטײַט?

1. רײַטן (געריטן) — to ride. 2. אייזל — donkey. 3. שטריק — rope. 4. רוקן — back. 5. קאַסטן — box. 6. אָפּמאַכן — דאָ: אָפּרעדן. 7. פֿאַרברענגען — to spend. 8. אָנזאָטלען — to saddle. 9. הויקער — hump, hunch. 10. טעפּעך — rug. 11. גלעקל — bell. 12. אויסמעלקן — to milk. 13. ציג — goat. 14. צוגרייטן — to prepare. 15. גרייטן זיך אין וועג אַרײַן — to get ready for a trip. 16. פֿאַרפּוצן — to dress up. 17. מיצל — cap. 18. פּײַקל — drum. 19. אויסבינדן (אויסגעבונדן) — to knot (to make). 20. שניפּס — tie, necktie. 21. געפֿעלן — to like. 22. שפּאַנען — to hitch, to walk. 23. פֿאַרגלוסטן זיך — to get a desire. 24. גערעכט — right. 25. לץ (לעץ) — joker, jester, mocker. 26. אַוודאי (אַוודע) — געוויס, surely. 27. זאַלבעדריט — דרײַ צוזאַמען. 28. חבֿרה (כעווורע) — gang. אויך: fellows. 29. זאַלבעפֿערט — פֿיר צוזאַמען. 30. שופֿר (שויפֿער) — horn.

## ב.

גייט פֿאַרויס דער אָרקעסטער פֿון די פֿײַער־לעשערס. נאָך דעם אָרקעסטער פֿאָרט אין אַן אויטאָמאָביל דער מעיאָר פֿון תּל־אָבֿיבֿ. הינטער אים פֿירט מען אַ גרויסע שיף פֿון תּל־אָבֿיבֿער האַפֿן. נאָך דער שיף — אַ לויתן מיט אַ לאַנגן עק און נאָכן לויתן גייען די פּורים־שפּילערס און אַ גרויסע צאָל פֿאַרמאַסקירטע מענער, פֿרויען און קינדער, אַלע אין מאַסקעס.

די קאַץ איז באַלד אַרויפֿגעשפּרונגען אויפֿן קעמלס הויקער. דער הונט האָט זיך אָװעקגעזעצט רײַטנדיק אויפֿן אייזל, און די ציג מיטן מיצל שפּרינגט צווישן זיי. אַלע פֿינף האָבן זיך אַרײַנגעקוועטשט צווישן דעם גרויסן עולם און גייען אין פּאַראַד.

דער קעמל וויגט זיך, דער אייזל רעוועט אויף אַ קול, דער הונט פּויקט, די ציג מעקעט און די קאַץ פּײַפֿט. מענטשן שטייען אויף די דעכער און אויף די גאַניקעס, קוקן אויף די מאַסקעס, פּאַטשן מיט די הענט און שרײַען:

— הוראַ, הוראַ!

און איינער שרײַט צום צווייטן:

— זע נאָר די מאַסקעס! האָסטו שוין געזען אַזעלכע?

— שוין איין מאָל מאַסקעס!

נאָר אָט איז דער פּאַראַד צוגעקומען צום עק גאַס. די פֿאַרמאַסקירטע האָבן זיך אָנגעהויבן צו צעגיין יעדערער צו זיך אַהיים. די מענטשן זײַנען אַראָפּ פֿון די דעכער און אַרײַן אין די הײַזער צו פּראַווען די פּורים־סעודה.

דער אייזל, דער קעמל, דער הונט, די ציג און די קאַץ זײַנען געבליבן שטיין אין גאַס און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. דערווײַל האָט דער הונגער זיך געלאָזט פֿילן — און קיין עסן איז נישטאָ.

שטייט דער אָנגעזאָטלטער אייזל און דער קעמל מיטן טעפּעך אויפֿן הויקער, דער הונט מיטן פּײַקל אויף דער זײַט, די קאַץ מיטן שניפּס אויפֿן האַלדז און מיטן פּײַפֿל אין מויל, און די ציג מיטן פּורימדיקן מיצל אויפֿן קאָפּ, און קוקן זיך אַרום אויף אַלע זײַטן.

דערזעט זיי אַ פּאָליציי־מאַן:

— גענוג, גענוג! אַלע מאַסקעס זײַנען זיך שוין צעגאַנגען! אויף וועמען וואַרט איר?

אָבער זיי ענטפֿערן ניט. קוקט זיך דער פּאָליציי־מאַן אײַן און דערזעט, אַז דאָס זײַנען גאָרניט קיין מאַסקעס. דער אייזל איז אַן אמתער אייזל, דער קעמל — אַ קעמל, די ציג — אַ ציג, דער הונט — אַ הונט און די קאַץ — אַ קאַץ.

האָט ער זיי אַלע פֿינף אַוועקגעפֿירט אין פּאָליציי־הויז. און דאָרט האָבן שוין געוואַרט אויף זיי חיים מיט זײַן ווײַב און קינדער. איז געוואָרן אַ שׂמחה. חיים מיט זײַן ווײַב און קינדער האָבן געפּאַטשט פֿאַר פֿרייד מיט די הענט. דער קעמל האָט זיך געוויגט אַהין און אַהער, דער אייזל האָט גערעוועט אויפֿן קול, די ציג האָט געמעקעט, די קאַץ האָט געשפּילט אויפֿן פֿײַפֿל און דער הונט האָט צוגעפּויקט אויפֿן פּײַקל.

חיים מיט זײַן ווײַב און קינדער זײַנען געווען גליקלעך, וואָס זיי האָבן אָפּגעזוכט די פֿאַרלוירענע חבֿרה, און חבֿרה איז געווען גליקלעך, וואָס זי איז געווען אויפֿן פּורים־קאַרניוואַל אין תּל־אָבֿיבֿ.

(י. מ. גודלמאַן — פֿון העברעאיש)

## וואָס באַטײַט ?

1. **האַפֿן** — harbor. 2. **לויתן** (לעוויאָסן) — לעגענדאַרער זייער גרויסער פֿיש, Leviathan. 3. **אַרײַנקוועטשן זיך** — to squeeze in. 4. **עולם** (אוילאָם) — crowd. 5. **וויגן זיך** — to swing, to rock oneself. 6. **רעווען** — to bellow. 7. **גאַניק** — porch. 8. **פּאַטשן מיט די הענט** — to applaud. 9. **פּראַווען** — דאָ: to partake of. 10 **סעודה** (סודע) — feast. 12. **אמתער** — דאָ: real. 13. **שׂמחה** (סימכע) — פֿרייד, joy.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| חיים<br>תל־אָבֿיבֿ<br>יום־טובֿ | ירושלים<br>מגילה<br>ליץ | אַוודאי<br>חבֿרה<br>שופֿר | לויתן<br>עולם<br>סעודה | אמתער<br>שׂמחה |






## אין טעג פֿון פֿרילינג

זײַנען פֿייגעלעך פֿריילעך געקומען, —
און מע זינגט און מע הילכט און מע שאַלט.
האָבן בײמעלעך גרינען גענומען, —
און אַ שׂמחה, אַ פֿרייד איז אין וואַלד.

האָבן וואַסערן בריט זיך צעלאָזן, —
און מען אײַלט און מען לויפֿט ערגעצוואו...
קוקן שעמעוודיק יונגינקע גראָזן
און די בלימעלעך — בלוי ווינקען צו...

פֿליִען, פֿלאַטערן זײַדענע טויבן
איבער פֿעלד, איבער שײַער און הויז,
און דורך לויטערער בלויקייט פֿון אויבן
שיקט די זון אירע שמייכלען אַרויס.

(נחום יוד)

### וואָס באַטײַט?

1. הילכט — קלינגט. 2. שאַלן — to sound. 3. שׂמחה (סימכע) פֿרייד. 4. ווינקען צו — רופֿן צו. 5. פֿלאַטערן — to wave. 6. טויב — dove, pigeon. 7. שײַער — barn.



# די מעשׂה פֿון פּסח



ס איז געווען אַ הונגער איבער דער וועלט, אָבער אין לאַנד מצרים איז געווען ברויט. זײַנען ייִדן געקומען אין לאַנד מצרים; זיי זײַנען געקומען אויף אַ ווײַלע, אָבער זיי זײַנען דאָרטן שוין געבליבן אַ לאַנגע צײַט.

דער קיניג פֿון מצרים האָט פֿון די ייִדן געמאַכט קנעכט. ייִדן האָבן געמוזט אַ גאַנצן טאָג שווער אַרבעטן, מאַכן ציגל און בויען שטעט און בויען פּיראַמידעס — פֿאַר פּרעהן, דעם קיניג פֿון מצרים.

די ייִדישע קנעכט האָבן געוואוסט, אַז זיי זײַנען אַמאָל געווען פֿרײַע מענטשן. זיי האָבן געבענקט ווידער צו ווערן פֿרײַ. אָבער פּרעה איז געווען זייער שטאַרק און זיי האָבן ניט געוואוסט ווי זיי זאָלן זיך באַפֿרײַען פֿון קנעכטשאַפֿט.

פּרעה האָט ניט געוואָלט אַז די קנעכט זאָלן ווערן פֿרײַ. ער האָט מורא געהאַט, אפֿשר וועט צווישן די קנעכט געבאָרן ווערן איינער וואָס וועט זיי אַרויספֿירן פֿון קנעכטשאַפֿט. האָט דער בייזער פּרעה אַרויסגעגעבן אַ געזעץ, זייער אַ שלעכט געזעץ:

„אַלע ייִנגלעך וואָס ווערן געבאָרן בײַ ייִדן — זאָל מען אַרײַנוואַרפֿן אין טײַך!“

בײַ אַ ייִדישער מוטער וואָס האָט געהייסן יוכבֿד איז געבאָרן געוואָרן אַ ייִנגל. און דער ייִנגל איז געווען זייער שיין. האָט די מוטער אים באַהאַלטן דרײַ חדשים צײַט. אָבער מער האָט זי אים שוין ניט געקענט באַהאַלטן.

האָט די מוטער געמאַכט אַ קעסטעלע פֿון האָלץ, האָט עס אַרומגעקלעפּט אַז וואַסער זאָל ניט קענען אַרײַן אין אים. און זי האָט דאָס קינד אַרײַנגעלייגט אין קעסטעלע.

און דאָס קעסטעלע מיטן קינד האָט די מוטער אַוועקגעשטעלט בײַם ברעג טײַך. זײַן עלטערע שוועסטער האָט זיך געשטעלט פֿון דער ווײַטן צו וויסן וואָס וועט געשען מיט דעם קינד.

פּרעהס טאָכטער איז אַראָפּ צום טײַך זיך באָדן. צוזאַמען מיט איר זײַנען געווען אירע מיידלעך. דערזעט פּרעהס טאָכטער —

עפעס אַ קעסטעלע בײַם ברעג טײַך! שיקט זי אײנע פֿון אירע מײדלעך:

„ברענג מיר אַט דאָס קעסטעלע אַהער!"

האָט די מײדל געבראַכט. עפֿנט פרעהס טאָכטער דאָס קעסטעלע און שרײַט אויס:

„אַ קינד!"

און דאָס קינד שמײכלט צו איר און שטרעקט זײַנע הענטלעך אויס צו איר.

האָט פרעהס טאָכטער זיך דערבאַרעמט אויפֿן קינד.

„סאַראַ שײן קינד!" — האָט אײנע פֿון אירע מײדלעך געזאָגט.

„דאָס מוז זײַן פֿון די קינדער פֿון די ייִדן", — האָט פרעהס טאָכטער געזאָגט.

„אָבער װער װעט זײגן דאָס קינד?" — האָט אײנע פֿון אירע מײדלעך געפֿרעגט.

איז צוגעגאַנגען צו זײ דעם ייִנגלס שװעסטער, די קלוגע מרים, און געזאָגט צו פרעהס טאָכטער:

„זאָל איך גײן און רופֿן אַ ייִדישע פֿרױ, אַז זי זאָל זײגן פֿאַר דיר דאָס קינד?"

„גײ!" — האָט פרעהס טאָכטער איר געענטפֿערט.

איז די מײדל געלאָפֿן און האָט גערופֿן די מוטער פֿון דעם קינד. און פרעהס טאָכטער האָט איר געזאָגט:

„נעם אַט דאָס קינד און זײג עס. און איך װעל דיר באַצאָלן. און אַז דאָס קינד װעט מער ניט דאַרפֿן זײגן, ברענג עס צו מיר!"

„גוט!" — האָט געענטפֿערט די מוטער פֿון קינד.

***

און אַז דאָס קינד איז גרעסער געװאָרן, האָט די מוטער פֿון קינד געבראַכט איר ייִנגל צו פרעהס טאָכטער. און פרעהס טאָכטער האָט ליב געהאַט דעם ייִנגל. און ער איז געװען בײַ איר אַזוי װי אַן אײגן קינד. און זי האָט אים אַ נאָמען געגעבן משה (דאָס װאָרט משה הײסט „אַרױסגעצױגן"), װײַל זי האָט געזאָגט:

„איך האָב אים פֿון װאַסער אַרױסגעצױגן!"

משה איז געװאַקסן אין פרעהס הױז און געװאָרן אַ קלוגער און אַ שטאַרקער מאַן. איז ער אַרױסגעגאַנגען זען װאָס עס טוט זיך

אויף דער וועלט. האָט ער געזען ווי שווער עס אַרבעטן די ייִדישע קנעכט און ווי ביטער עס לעבט זיך זיי. און ער האָט שוין אויך געוואוסט אַז ער אַליין איז אַ ייִד.

איין מאָל זעט ער ווי אַן אויפֿזעער שלאָגט אַ ייִדישן קנעכט. האָט משה זיך אָנגענומען פֿאַרן ייִדישן קנעכט און האָט אים געוואָלט ראַטעווען. אין געשלעג מיטן בייזן אויפֿזעער האָט משה אים דערהרגעט און זײַן טויטן קערפּער באַהאַלטן אין זאַמד.

אַ צווייט מאָל זעט ער ווי אַ שטאַרקער ייִד שלאָגט אַ שוואַכערן ייִדן, האָט ער געזאָגט צו דעם אומגערעכטן:

„פֿאַרוואָס שלאָגסטו דײַן חבֿר?"

האָט יענער געזאָגט: „ווער ביסטו עס? ווער האָט דיך געמאַכט פֿאַר אַ ריכטער איבער אונדז? ווילסטו מיך אויך דער־הרגענען ווי דו האָסט דערהרגעט אַ מיצרישן אויפֿזעער?"

האָט משה געזען אַז מע ווייס וועגן דער זאַך. און אויך פּרעה האָט זיך דערוואוסט. איז משה אַנטלאָפֿן פֿון לאַנד מצרים. און ער איז געקומען אין אַ פֿרעמד לאַנד.

דאָרטן האָט ער חתונה געהאַט און איז געוואָרן אַ פּאַסטעך פֿון שאָף ביי דעם פֿאָטער פֿון זײַן ווײַב.

***

איין מאָל פֿירט משה זײַנע שאָף, זעט ער פֿון ווײַטן — עס ברענט אַ דאָרן. קומט ער צו נעענטער און זעט — דער דאָרן ברענט און ווערט ניט פֿאַרברענט!

שטייט משה און וואונדערט זיך, פֿאַרוואָס דער דאָרן ברענט און ווערט ניט פֿאַרברענט. און פּלוצעם הערט ער אַ שטים:

„משה! משה!"

הערט ער ווײַטער די שטים: — „גאָט האָט געהערט דאָס געשריי פֿון די ייִדישע קנעכט אין מצרים, וואָס זיי שרײַען פֿון זייערע ווייטאָגן. גאָט וועט זיי ראַטעווען. דו ווער דער פֿירער פֿון די קנעכט! פֿיר זיי אַרויס פֿון מצרים! דו גיי צו פּרעהן און זאָג, ער זאָל אַרויסלאָזן די ייִדישע קנעכט!"

האָט משה געפֿילט אַז ער מוז עס אַזוי טאָן. און ער איז אַוועק צוריק אין לאַנד מצרים. צוזאַמען מיט זײַן עלטערן ברודער אַהרן איז ער געקומען צו פּרעהן:

„לאָז אַרויס די ייִדן!"
אָבער פּרעה האָט ניט געוואָלט זיך צוהערן צו משהס רייד. האָט משה געוויזן וואונדער און זײַן שטעקן איז געוואָרן אַ שלאַנג און פֿון אַ שלאַנג — ווידער געוואָרן אַ שטעקן. אָבער פּרעה האָט אַלץ ניט געוואָלט זיך צוהערן צו משהס רייד.
און פּרעה האָט נאָך שווערער געמאַכט דאָס לעבן פֿון די ייִדישע קנעכט. צו מאַכן ציגל דאַרף מען שטרוי. פֿריִער האָט מען די קנעכט געגעבן שטרוי. איצט האָט מען זיי געזאָגט: „גייט און זוכט אַליין שטרוי! אָבער די צאָל ציגל וואָס איר מוזט מאַכן זאָל בלײַבן ווי געווען!"
און פּרעה האָט געזאָגט:
„ייִדן זײַנען פֿויל. זאָלן זיי אַרבעטן שווערער, וועלן זיי פֿאַרגעסן צו טראַכטן וועגן פֿרײַהייט!"

***

האָט גאָט געשטראָפֿט מצרים. פֿון אַלע וואַסערן און אַלע טײַכן איז געוואָרן בלוט. אַלע פֿיש זײַנען אויסגעשטאָרבן. אָבער פּרעה האָט אַלץ ניט געוואָלט באַפֿרײַען די ייִדן.
האָט גאָט געשטראָפֿט מצרים מיט פֿרעש. פֿרעש האָבן גענומען קריכן אין אַלע הײַזער, אין די בעטן, אין די אויוונס, אין די עסנס. האָט פּרעה געזאָגט, אַז ער וועט באַפֿרײַען די ייִדן. אָבער ווי נאָר די פֿרעש זײַנען אויסגעשטאָרבן, האָט פּרעה ווידער זיך ניט צוגעהערט צו משהס רייד.
נאָך דעם זײַנען געקומען אויף דעם לאַנד מצרים: גיפֿטיקע פֿליגן און שלעכטע קראַנקייטן, אַ האָגל און אַ הײשעריק און נאָך אַנדערע שטראָפֿן. פּרעה האָט אַלע מאָל צוגעזאָגט צו באַפֿרײַען די ייִדן. אָבער ווי נאָר עס איז בעסער געוואָרן, האָט ער ווידער זיך ניט צוגעהערט צו משהס רייד.
איז געוואָרן אַ גרויס פֿינצטערניש איבער דעם לאַנד מצרים. איינער האָט דעם צווייטן ניט געקענט זען. מען האָט ניט געקענט זיך אויפֿהייבן פֿון אָרט. נאָר בײַ ייִדן איז געווען ליכטיק. און ווען פּרעה האָט נאָך אַלץ ניט געוואָלט באַפֿרײַען די ייִדן, איז געקומען אַ טויט אויף אַלע ערשט-געבאָרענע אין לאַנד מצרים.
אין יעדער פֿאַמיליע איז געשטאָרבן דער עלטסטער זון! אויך

פרעהס עלטסטער זון, וואָס האָט געזאָלט זיצן אויף זײַן טראָן, איז געשטאָרבן. אין אַלע הײַזער פֿון די מיצרישע אונטערדריקערס האָט מען געקלאָגט און געוויינט.

אָבער אין די ייִדישע פֿאַמיליעס איז קיינער ניט געשטאָרבן. דער טויט האָט אַריבערגעשפּרײַזט איבער די ייִדישע הײַזער. דערפֿאַר טאַקע האָט שפּעטער דער יום־טובֿ געקראָגן דעם נאָמען פּסח. ווײַל פּסח הייסט — אַריבערגעשפּרײַזט, אַריבערגעהיפּט.

און פּרעה איז אויפֿגעשטאַנען אין מיטן נאַכט. און ער האָט גערופֿן משהן און געזאָגט:

„שטייט אויף און גייט אַלע אַרויס פֿון מצרים! גייט וואָס גיכער אַרויס!"

און אַלע מיצרישע אונטערדריקערס האָבן געזאָגט צו די ייִדישע קנעכט:

„גייט וואָס גיכער אַרויס פֿון מצרים, אַניט וועלן מיר אַלע אויסשטאַרבן!"

***

און די ייִדישע קנעכט זײַנען אַרויס פֿון דעם לאַנד פֿון קנעכטשאַפֿט.

זיי האָבן געמוזט אויף גיך אַרויסגיין, האָבן זיי ניט געקענט צוגרייטן שפּײַז. זייער טייג האָט ניט באַוויזן זויער צו ווערן. האָבן זיי פֿון דעם ניט געזײַערטן טייג געבאַקן מצות, דאָס הייסט ניט געזײַערטע ברויט. דערפֿאַר טאַקע עסן ייִדן דעם יום־טובֿ פּסח — מצות, אַזוי ווי זייערע עלטערן וואָס זײַנען אַרויס פֿון קנעכטשאַפֿט צו פֿרײַהייט.

און משה האָט געפֿירט די באַפֿרײַטע קנעכט. און זיי זײַנען געגאַנגען די גאַנצע נאַכט. דאָס איז געווען די נאַכט פֿון באַפֿרײַאונג. און אין אָט דער נאַכט פּראַוועט מען איצט יאָר־אײַן יאָר־אויס דעם סדר.

און משה האָט געוואָלט וואָס ווײַטער אַוועקפֿירן די ייִדן פֿון דעם לאַנד פֿון זייער קנעכטשאַפֿט. און זיי זײַנען געגאַנגען און געגאַנגען און געקומען ביזן ברעג פֿון ים סוף.

אָבער ווען עס זײַנען אַוועק אַ פּאָר טעג, האָט פּרעהן פֿאַרדראָסן, פֿאַרוואָס ער האָט אַרויסגעלאָזן די ייִדישע קנעכט. זיי

האָבן דאָך אַזוי פֿיל געאַרבעט פֿאַר אים! האָט פּרעה גענומען זײַנע בעסטע פֿערד און זײַנע בעסטע רײַטערס און ער האָט נאָכגעיאָגט די ייִדן.

די ייִדן זײַנען געגאַנגען צו פֿוס, מיט פֿרויען און מיט קליינע קינדער; האָבן פּרעהס רײַטערס זיי אָנגעיאָגט. און זיי האָבן אָנגעיאָגט די ייִדן בײַם ברעג פֿון ים סוף.

און ווי פּרעה איז געקומען נעענטער מיט זײַנע רײַטערס, האָבן די ייִדן זיי געזען און האָבן זיך געשראָקן און האָבן געזאָגט צו משהן:

„וואָס האָסטו אונדז אַרויסגעפֿירט פֿון מצרים מיר זאָלן שטאַרבן אָט דאָ?"

האָט משה געזאָגט צו די באַפֿרײַטע קנעכט:

„שרעקט זיך ניט! הײַנט זעט איר צום לעצטן מאָל אײַערע מיצרישע אונטערדריקערס!"

און די ייִדן זײַנען געווען בײַם ברעג ים סוף און פּרעה מיט זײַנע רײַטערס קומט אַלץ נעענטער און נעענטער.

האָט משה אויפֿגעהויבן זײַן שטעקן און געשפּאָלטן דעם ים. און די ייִדן זײַנען אַרײַן אין ים ווי אויף דער טריקעניש. און די וואַסערן זײַנען געווען אַזוי ווי אַ מויער פֿון דער רעכטער זײַט און אַזוי ווי אַ מויער פֿון דער לינקער זײַט.

און פּרעה און די מיצרישע אונטערדריקערס האָבן נאָכגעיאַגט און אַלע זייערע רײַטערס זײַנען אַרײַן אין ים. אָבער די וואַסערן האָבן זיך אומגעקערט און האָבן צוגעדעקט פּרעהן און זײַנע רײַטערס. קיין איינציקער איז פֿון זיי ניט געבליבן!

האָבן ייִדן זיך זייער געפֿרייט. איצט האָבן זיי שוין געוואוסט אַז זיי זײַנען באַפֿרײַט, באַפֿרײַט אויף שטענדיק, אויף אייביק. און מרים, משהס שוועסטער, האָט גענומען אַ פּויק און אָנגעהויבן צו טאַנצן און זינגען און אַלע פֿרויען נאָך איר:

„זינגט צו גאָט,  
אונדזער הילף איז גאָט,  
דאָס פֿערד און זײַן רײַטער  
האָט ער געוואָרפֿן אין ים!"

⁂

און די באַפרײַטע ייִדן האָבן נאָך דעם געוואַנדערט אין מדבר און משה איז געווען זייער פֿירער. און משה האָט אָנגעזאָגט די ייִדן:
„היט אָפּ דעם יום־טובֿ פּסח!"

און זיי היטן אָפּ דעם יום־טובֿ פּסח. און דאָס איז דער יום־טובֿ פֿון באַפרײַאונג, דער יום־טובֿ פֿון ווערן אויס קנעכט. דאָס איז דער יום־טובֿ פֿון פֿרילינג, דער יום־טובֿ פֿון אַ סך פֿרייד.

ווען מע פראַוועט דעם סדר, פֿרעגט דאָס קינד פֿאַרוואָס איז דער יום־טובֿ. דערציילט מען אים, ווי ייִדן זײַנען געוואָרן פֿרײַ פֿון קנעכטשאַפֿט אין לאַנד מצרים, און ווי מיר גלייבן אַז ייִדן און אַלע מענטשן וועלן ווערן פֿרײַ פֿון אַלע קנעכטשאַפֿטן.

און מען עסט מצות פּסח — און איר ווייסט שוין פֿאַרוואָס. און מען עסט בײַם סדר ביטערע געוויקסן — ווײַל די מיצרישע אונטער־דריקערס האָבן ביטער געמאַכט דאָס לעבן פֿון די ייִדן. און מע טרינקט ווײַן — ווײַל עס איז אַ גרויסער און פֿריילעכער יום־טובֿ.

(יודל מארק)

## וואָס באַטײַט?

1. **מצרים** (מיצראַים) — Egypt. 2. **קנעכט** — slaves. 3. **ציגל** — bricks. 4. **פּרעה** (פּאַרע) — אַזוי האָט מען גערופֿן די קיניגן פֿון מצרים. 5. **געבענקט** — longed. 6. **קנעכטשאַפֿט** — slavery. 7. **מורא** (מוירע) — שרעק. 8. **געזעץ** — law. 9. **טײַך** — river. 10. **אַרומגעקלעפּט** — pasted. 11. **שטרעקט** — stretches. 12. **דערבאַרעמט** — רחמנות געהאַט, had pity. 13. **זייגן** — to nurse. 14. **אויפֿזעער** — overseer. 15. **ראַ־טעווען** — to save. 16. **געשלעג** — fight. 17. **דערהרגעט** — געטייט, killed. 18. **קערפּער** — body. 19. **זאַמד** — sand. 20. **ריכטער** — judge. 21. **דאָרן** — thorn. 22. **שטעקן** — stick. 23. **שלאַנג** — snake. 24. **שטרוי** — straw. 25. **פֿרעש** — frogs. 26. **גיפֿט** — poison. 27. **האָגל** — hail. 28. **היישעריק** — locust. 29. **ערשט־געבאָרענע** — first born. 30. **אונטערדריקערס** — oppressors. 31. **איבערשפּרײַזן** — איבערגיין. 32. **שפּײַז** — עסנס, food. 33. **טייג** — dough. 34. **גע־זײַערטע טייג** — leavened dough. 35. **פּראַווען** — to celebrate. 36. **ים סוף** — Red Sea. 37. **רײַטערס** — horsemen. 38. **געשפּאָלטן** — split. 39. **מויער** — wall. 40. **פּויק** — drum. 41. **מדבר** (מידבאַר) — desert. 42. **געוויקסן** — vegetables.

# מ ש ה

(פֿראַגמענט)

איר אַרבעט פֿון פֿרי,
איר אַרבעט ביז שפּעט
בײַ ציגל און ליים;
איר גראָבט און איר קנעט,
און מויערט פֿאַר פּרעהן
פּאַלאַצן און שטעט.

איך פֿיל אײַער קנעכטשאַפֿט,
איך פֿיל און איך וויס;
איך זע אויפֿן שטערן
די טראָפּנס פֿון שוויס.
זיי רינען, די טראָפּנס,
אַרײַן אין דעם ניל,

ער ברויזט דאַן און קאָכט
און קען ניט זײַן שטיל.

און דאָרט אין דער ווײַטנס
געפֿינט זיך אַ לאַנד.
ווי זײַד איז דער הימל,
ווי פּערל די זאַמד,
דאָרט רוישן די ווינטן
ווי לויטער מוזיק.
דאָס זינגען די פֿייגל
פֿון אייביקן גליק,
און איר שטייט געבונדן
אין קייטן, אין שטריק.

(אַבֿרהם רייזען)



# די גילדענע נוס

וואָס? איר האָט נישט געהערט פֿון דער גילדענער נוס? שיינע קינדער זײַט איר, אַז איר האָט נישט געהערט. ווען איך בין געווען אַ קינד האָב איך שוין שיער־שיער נישט געהאַט די גילדענע נוס, נאָר מײַן שוועסטערל מירעלע האָט זיך אַרײַנגעמישט און זי, די גילדענע נוס, איז פֿאַרשוואונדן פֿון מיר.

וואָס די גילדענע נוס איז, ווילט איר וויסן? איין נוס אַזאַ איז דאָ אויף דער גאַנצער וועלט. זי איז פֿון לויטער גינגאָלד און קײַקלט זיך ממש אונטער אײַערע פֿיס, נאָר איר דאַרפֿט זי זען, איר קענט שטיין לעבן איר און זי נישט זען. אַזאַ נוס איז עס.

אַז סע איז געקומען פּסח האָבן מיר, קינדער, געהאַלטן אין איין זוכן די גילדענע נוס. עס קען אַ מאָל זײַן אַ פּשוטע נוס זאָל גאָר זײַן די גילדענע נוס. אַז דו ביסט אַ גוט קינד, פֿאָלגסט טאַטע־מאַמע, העלפֿסט די אָרעמע מענטשן, קומט דיר אַ גילדענע נוס גלײַך אין דער האַנט אַרײַן. ווי נאָר דו טראַכסט עפּעס שלעכטס, אַנטלויפֿט זי פֿון דיר און דו קענסט זי שוין קיין מאָל נישט געפֿינען.

יענעם פֿאַר־פּסח בין איך געווען אַ גוט ייִנגעלע. איך האָב שטילערהייט געטראָגן מצות צו עטלעכע אָרעמע־לײַט און שיינדעלען, וואָס איז געווען זייער אַן אָרעם מיידעלע, האָב איך געגעבן אַ קליידעלע אויף פּסח. איך האָב דאָס קליידעלע אויס־געבעטן בײַ דער מאַמען און איר אָנגעזאָגט אַז זי זאָל קיינעם נישט דערציילן, וואָרעם קיינער טאָר נישט וויסן אַז מע טוט גוטע זאַכן.

דאָס קליידעלע האָב איך אונטערגעוואָרפֿן שיינדעלען, זי זאָל נישט וויסן, אַז איך האָב עס איר געגעבן. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס קליידעלע איז געווען מײַן שוועסטער מירעלעס, נאָר זי האָט געהאַט גענוג קליידעלעך, וועט עס איר נישט פֿעלן.

אַז ס׳איז געקומען חול המועד פּסח, האָב איך געשפּילט אין ניס מיט די קינדער. אין זיך אַליין האָב איך געזונגען דאָס לידעלע, וואָס אַ קינד דאַרף זינגען, ווען ער וויל די גילדענע נוס זאָל צו אים קומען:

גילדענע נוס,
ברענג מיר אַ גרוס,
ברענג אַ שטריק
פֿול מיט גליק,
נוס ווי אַן איי,
גיב זיך אַ דריי,
גיב זיך אַ ווענד
מיר אין די הענט...

געגאַנגען איז מיר יענעם טאָג דורך טיר און דורך טויער. איך האָב געוואונען און געוואונען. די קעשענעס האָב איך אָנגעלייגט פֿול מיט ניס און איך האָב געדאַרפֿט געבן מײַן שוועסטער מירעלען אַז זי זאָל האַלטן פֿאַר מיר די ניס.

צווישן די ניס איז געווען איינע, וואָס אויסגעזען האָט זי ווי אַלע ניס, נאָר זי איז געווען גרעסער און אַז די זון איז געפֿאַלן אויף איר, האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין איר אַזאַ גלאַנץ, ווי גאָלד. דאָס האַרץ האָט מיר געקלאַפּט, ווײַל איך האָב געוואוסט, אַז דאָס איז די גילדענע נוס.

וואָלט איך שוין אַוועקגעגאַנגען מיט דער דאָזיקער נוס אין אַ ווינקל און דאָרטן וואָלט זי געוואָרן די גילדענע נוס, נאָר מע טאָר נישט איבערלאָזן אין מיטן דעם שפּילן, אַנישט פֿאַרשווינדט די נוס פֿון דיר. שפּיל איך ווײַטער און דער פּנים ברענט מיר. מירעלע, מײַן שוועסטער, איז אויך צעפֿלאַמט און טאַנצט אַזש אונטער.

דערווײַל קומט שיינדעלע — דאָס מיידעלע וואָס איך האָב אונטערגעוואָרפֿן מירעלעס קליידעלע. אַ גילדן קעפּעלע האָט שיינדעלע געהאַט, און בלויע אייגעלעך וואָס האָבן געלויכטן ווי קאָרנבלימעלעך, אַז די זון שײַנט אויף זיי. נו, טראַכט איך, איצט וועל איך שוין געוויס קריגן די גילדענע נוס, וואָרעם שיינדעלע איז געקומען אויף מײַן מזל.

אין מיטן דערינען הער איך אַ געשריי:

— שיינדעלע, דו טראָגסט מײַן קליידעלע...

דאָס האָט מײַן שוועסטער מירעלע געשריִען. עס איז מיר פֿינצטער געוואָרן אין די אויגן און שיינדעלע האָט זיך צעוויינט, אַזוי פֿאַרשעמט האָט זי זיך.

איך האָב אָנגעהויבן צו פֿאַרשפּילן און די נוס וואָס איז זיכער געווען די גילדענע האָב איך אויך פֿאַרשפּילט. דאָס האַרץ האָט מיר אַזוי וויי געטאָן. נאָר מער האָט מיר וויי געטאָן דאָס האַרץ אויף שיינדעלען, וואָס זי איז געווען אַזוי פֿאַרשעמט...

(א. אויערבאַך)

| פּסח | מצות | חול המועד פּסח |
|---|---|---|

# אליהו הנביאס כוס

## א.



מאָל האָט געלעבט אַ רייַכער גוטהאַרציקער מאַן מיטן נאָמען עזריאל. זייַן פרוי חנה איז אויך געווען אַזאַ גוטהאַרציקע ווי ער. זייער שטוב איז שטענדיק געווען אָפן פאַר אָרעמע־לייַט.

האָט געטראָפן, אַז עזריאל האָט פאַרלאָרן זייַן געלט און איז געוואָרן זייער אָרעם.

— וואָס וועלן מיר געבן די אָרעמע־לייַט, וועלכע קומען צו אונדז? — האָט עזריאל געטראַכט.

— וואו וועלן פסח עסן די אָרעמע־לייַט? — האָט זיך חנה געערגערט.

„איך וועל אַוועקפאָרן צו מייַנע גוטע פרייַנד און בעטן בייַ זיי הילף“ — האָט עזריאל געזאָגט.

צוויי חדשים פאַר פסח איז עזריאל אַוועקגעפאָרן.

אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט חנה דערהאַלטן פון איר מאַן אַ בריוו, אין וועלכן ס'איז געווען געשריבן: „כ'בין דורכגעפאָרן אַ סך שטעט, כ'האָב זיך געזען מיט מייַנע פרייַנד און פאַרלאַנגט פון זיי הילף. אָבער אַלע האָבן זיך אָפּגעזאָגט מיר צו העלפן. פאַרקויף דעם גאָלדענעם בעכער, אליהו הנביאס כוס, וואָס איז אונדז פאַרבליבן, און קויף אייַן אַלע נייטיקע זאַכן לכבוד יום־טוב!“

— ניין! — האָט געזאָגט די אומגליקלעכע פרוי און טרערן האָבן זיך באַוויזן אין אירע אויגן. — איך האָב בטחון אין גאָט, און אליהו הנביאס כוס וועל איך ניט פאַרקויפן!

## ב.

איין טאָג, איז צו חנהן אין שטוב אַרייַנגעקומען אַן אַלטעטשקער. זייַן ווייַסע באָרד האָט געשייַנט ווי שניי אַנטקעגן דער זון און זייַן אויסזען איז געווען זייער שיין.

— אפשר וועל איך קענען פסח בייַ דיר עסן? — האָט דער אַלטעטשקער געפרעגט.

— ניין, — האָט די פרוי אומעטיק געזאָגט. — איך האָב נאָך



אַפילו ניט קיין מצות אויף יום־טובֿ. — האָט דער אַלטעטשקער אַרויסגענומען פֿון זײַן קעשענע אַ גאָלדן רענדל, האָט אים דער־לאַנגט חנהן און געזאָגט: „דאָס וועט דיר קלעקן אויף אַלץ וואָס דו דאַרפֿסט אויף יום־טובֿ.״

איז חנה אַוועקגעגאַנגען אין קראָם און האָט געקויפֿט מצות און ווײַן. אַרויסגייענדיק פֿון קראָם האָט זי אַ טאַפּ געטאָן אין קעשענע — און צו איר גרויס פֿאַרוואונדערונג האָט זי געפֿונען דאָס רענדל. איז זי אַוועק און האָט געקויפֿט אַלע אַנדערע זאַכן אויף יום־טובֿ און דאָס רענדל האָט זי שפּעטער געפֿונען בײַ זיך אין קעשענע.

ערבֿ פּסח האָט עזריאל זיך צוריקגעקערט פֿון זײַן רײַזע. איז ער אַרײַן אין שטוב, האָט ער דערזען ווי די טישן זײַנען פֿול מיט אַל־דאָס־גוטס און צווישן די כּוסות פֿינקלט אליהו הנבֿיאס כּוס. חנה האָט אים דערציילט וועגן דעם גאָלדענעם רענדל.

## ג.

פֿאַרנאַכט איז עזריאל געגאַנגען אין שול. נאָכן דאַוונען האָט ער פֿאַרבעטן צו זיך אין שטוב אַ פּאָר אָרעמע־לײַט אויף פּסח און מען האָט געפּראַוועט אַ פֿריילעכן סדר. נאָכן בענטשן האָט מען אָנגעגאָסן דעם פֿערטן כּוס און חנה איז געגאַנגען עפֿענען די טיר פֿאַר אליהו הנבֿיא. פּלוצעם האָט זיך פֿאַר איר באַוויזן דער זעלבער אַלטעטשקער, וואָס האָט איר געגעבן דאָס גאָלדענע רענדל.

אַ זיסער שלאָף האָט אַרומגענומען אַלעמען, וואָס זײַנען בײַם

טיש געזעסן. דער אַלטעטשקער איז צוגעגאַנגען צום טיש, האָט אויסגעטרונקען דעם כּוס און איז פֿאַרשוואונדן. חנה האָט אויפֿגעוועקט איר מאַן און אַלע געסט פֿון שלאָף און האָט זיי דערציילט, וואָס עס האָט געטראָפֿן. האָבן אַלע פֿאַרשטאַנען, אַז אליהו הנבֿיא האָט זיך באַוויזן צו חנהן.

בײַנאַכט האָט עזריאל געזען אין חלום אליהו הנבֿיאן און האָט אים געפֿרעגט: „פֿאַרוואָס איז נאָר מײַן פֿרוי באַשערט געווען דאָס גליק דיך צו זען?"

האָט אים אליהו געענטפֿערט: „ווײַל ווען דו האָסט זיך געפֿונען אין אַ נויט, האָסטו געוואָלט פֿאַרקויפֿן מײַן כּוס; אָבער דײַן פֿרוי האָט געהאַט בטחון אין גאָט און דעריבער איז איר באַשערט געווען מיך צו זען, און צוליב דײַן פֿײַנער פֿרוי וועט זיך אומקערן דער מזל צו דיר אין שטוב."

(פֿאָלקס־מעשׂה)

### וואָס באַטײַט?

1. **כּוס** (קאָס) — בעכער. 2. **לכּבֿוד** (לעקאָוועד) — in honor of. 3. **בטחון** (ביטאָכן) — האָפֿענונג, hope. 4. **רענדל** — coin. 5. **ערבֿ** (ערעוו) — פֿאַר. 6. **אַל־דאָס־גוטס** — דאָס בעסטע וואָס קען זײַן. 7. **פֿינקלט** — שײַנט. 8. **פֿאַרבעטן** — אײַנלאַדן, to invite. 9. **געפּראַוועט** — celebrated. 10. **בענטשן** — to say grace after meals. 11. **פֿאַרשוואונדן** — disappeared. 12. **אין אַ נויט** — in need.

## אַלע פֿיר

אַלע פֿיר פֿון דער הגדה
לעבן נאָך ביז הײַנט:
דער, וואָס ווייס ניט וואָס צו פֿרעגן
מיט אַלע זײַנע פֿרײַנד:

מיט דעם חכם, מיט דעם רשע,
מיט דעם נאַר, דעם גרויסן.
קאָנסט זיי אַלע, אַלע טרעפֿן
אין שול, אין הויז, אין דרויסן.

ווער ס'איז שלעכט, און ווער ס'איז נאַריש,
ווער ס'איז קלוג און שיין.
איינער פֿון די פֿיר, פֿאַרגעס ניט,
ביסטו אויך אַליין.

(מ. אַליצקי)

# דאָס ציגעלע

דאָס ציגעלע פֿון דער הגדה
איז טרויעריק, נאָר שיין.
כ'וואָלט גערן אַזאַ ציגעלע
געקויפֿט פֿאַר מיר אַליין.

דאָס ציגעלע אין יענער צײַט
געווען איז נעבעך שוואַך.
עס האָט געלעקט די וואַנט פֿון הויז,
געצופּט דאָס שטרוי פֿון דאַך.

נאָר אונדזער דאַך איז ניט פֿון שטרוי,
און הויך איז אונדזער הויז —
ליגט ציגעלע אין דער הגדה
און קומט ניט מער אַרויס.

(מ. אַליצקי)

# שבת-שירה-פֿייגעלעך

קנעכט זײַנען געווען אונדזערע עלטערן בײַ פּרעהן אין מצרים. פֿון פֿרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבן זיי שווער געאַרבעט. אויך בײַנאַכט האָבן זיי קיין רו ניט געהאַט. נאָך איידער דער מאָרגנשטערן איז אויפֿגעגאַנגען, איז שוין דער אויפֿזעער מיט דער רוט געקומען: „שטייט אויף, קנעכט, צו דער אַרבעט!"

דאָס פֿאָלק פֿאַרלאָזט די געצעלטן, גייט אַוועק אין פֿעלד אַרײַן צו דער אַרבעט. די מוטערס שטייען אויף, גרייטן צו שפּײַז פֿאַר זייערע מאַנען, און לאָזן איבער די קינדער אַליין אין די געצעלטן. די עלנטע קינדער זאַמלען זיך צונויף אויפֿן פֿעלד און שפּילן זיך. זיי זעען, ווי גאַנצע מחנות פֿייגל פֿליִען אַרום מיט אַ הילכיקן געזאַנג אונטערן בלויען הימל. אָפֿט מאָל לאָזן זיך די פֿייגל אַראָפּ אויף דער ערד, און די קינדער וואַרפֿן זיי צו שטיקלעך ברויט. די פֿייגעלעך דערציילן זיי וועגן דעם שיינעם לאַנד וואָס געפֿינט זיך אויף יענער זײַט באַרג; פֿון די טײַכן וואָס פֿליסן דאָרט; פֿון די בלומען וואָס בליִען אַזוי שיין. און זיי זינגען פֿריילעכע לידער פֿון פֿרײַהייט.

שטיל הערן זיך די קינדער צו און פֿרעגן: „זאָגט אונדז, ליבע פֿייגעלעך, זײַט איר פֿרײַ, אָדער איר לעבט אין קנעכטשאַפֿט?"

און די פֿייגעלעך ענטפֿערן מיט פֿרייד: „פֿרײַ זײַנען מיר,

ליבע קינדער! וואוהין מיר ווילן, פֿליִען מיר. ניטאָ קיין בעסערע זאַך פֿון פֿרײַהייט! האָט ליב, קינדער, די פֿרײַהייט, און אַז איר וועט גרעסער ווערן, זאָלט איר זען זיך צו באַפֿרײַען פֿון אײַער קנעכטשאַפֿט." אַזוי האָבן די פֿייגל געזונגען.

***

אַמאָל אין אַ שיינעם פֿרילינג-פֿרימאָרגן זײַנען די פֿייגעלעך געקומען צו פֿליִען צו זייערע גוטע פֿרײַנד און האָבן דערזען, ווי די ייִדן שטייען אָנגעטאָן, גרייט אין וועג אַרײַן. זיי שטייען מיט די שטעקנס אין די הענט און אײַלן זיך צו פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד, וואו זיי זײַנען קנעכט געווען; און די פנימער זייערע זײַנען געווענדט צו דעם שיינעם לאַנד, וואָס אויף יענער זײַט באַרג.

די קינדער האָבן דערזען די פֿייגל און אויסגערופֿן מיט גרויס פֿרייד:

— פֿרײַ זײַנען מיר, ליבע פֿייגעלעך! מיר פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד פֿון קנעכטשאַפֿט!

און די פֿייגל האָבן געענטפֿערט מיט פֿריילעכן געזאַנג, ווי זיי וואָלטן געגריסט די קינדער אויף דעם וועג פֿון פֿרײַהייט און גליק.

און אַ מנהג איז דערפֿאַר בײַ ייִדן פֿאַרבליבן: אַלע שבת-שירה וואַרפֿט מען פֿאַר די הונגעריקע פֿייגעלעך שטיקלעך ברויט און קערנער.

(מדרש)

## וואָס באַטײַט?

1. **שבת-שירה** (שאַבעס-שירע) — דער שבת פֿון געזאַנג; אַזוי רופֿט מען דעם שבת וואָס מען לייענט פֿון חומש דאָס געזאַנג וועגן דעם ווי די ייִדן האָבן זיך באַפֿרײַט פֿון מצרים. 2. **מאָרגנשטערן** — morning star. 3. **מחנות** (מאַכנעס) פֿייגל — flocks of birds. 4. **געווענדט צו** — turned to. 5. **מנהג** (מינעג) — custom.

## פֿראַגעס:

1. וועגן וועלכער צײַט ווערט דערציילט אין דער געשיכטע? 2. פֿאַרוואָס פֿלעגן די ייִדישע קינדער פֿרעגן די פֿייגעלעך צי זיי לעבן פֿרײַ אָדער אין קנעכטשאַפֿט? 3. וואָס האָבן די פֿייגעלעך געענטפֿערט? 4. וואָס האָבן זיי געלערנט די ייִדישע קינדער? 5. וואָס האָט פּאַסירט איין מאָל אין אַ שיינעם פֿרילינג-פֿרימאָרגן? 6. אין וועלכע שורות ווערט באַשריבן דער טאָג פֿון יציאת מצרים? 7. וואָס האָבן די ייִדישע קינדער אָנגעזאָגט זייערע פֿרײַנד, די פֿייגעלעך? 8. ווי האָבן די פֿייגל געענטפֿערט? 9. וואָסער מנהג איז געבליבן בײַ ייִדן פֿאַר שבת-שירה?




## דאָס געבעט

זַס הערט זיך דער דונער פֿון ווײַטן,
זַס בלענדט אין די אויגן דער בליץ;
ג, גאָט! האָב רחמנות, די אָרעמע
ון בייזן געוויטער באַשיץ.

וואָס אַרבעטן איצט אויף די פֿעלדער,
עפֿינען זיך ווײַט פֿון דער היים
ון האָבן קיין אָרט, זיך צו שיצן,
יין שײַער, קיין דעכל, קיין בוים.

ון אַלע, וואָס זײַנען פֿאַרוואָגלט,
וואָס האָבן קיין ווינקל דאָ ניט,
י אַלע פֿון בייזן געוויטער
אשירעם, באַשיץ און באַהיט!

(אַבֿרהם רייזען)

### וואָס באַטײַט?

1. **געבעט** — prayer. 2. **דונער** — thunder. 3. **בלענדט אין די אויגן** — מאַכט בלינד. 4. **בליץ** — lightning. 5. **האָב רחמנות** (ראַכמאָ־נעס) — have pity. 6. **געוויטער** — thunder-storm. 7. **שײַער** — barn. 8. **פֿאַרוואָגלט** — ווײַט פֿון דער היים. 9. **באַשירעם, באַשיץ** — protect.

### פֿראַגעס:

1. פֿאַרוואָס הייסט דאָס ליד „דאָס געבעט“? 2. פֿאַר וועמען בעט דער דיכטער? 3. וועמען איז ערגער: די וואָס אַרבעטן אין פֿעלד, די וואָס זײַנען ווײַט פֿון דער היים, צי די וואָס זײַנען פֿאַרטריבן פֿון דער היים? 4. ווער איז הײַנט-צו-טאָג פֿאַרוואָגלט פֿון דער היים? 5. וועמען נאָך איז הײַנט שלעכט אויף דער וועלט, וואָס דער דיכטער וואָלט זיי געקענט אַרײַננעמען אין זײַן געבעט?

# צוויי זײַנען געבליבן



בײַ מיר אויפֿן שרײַבטיש ליגט שוין אַ שעה צײַט אַ צײַטונג מיט אַ בילד. איך קוק אויפֿן בילד לאַנג. עס ווערט מיר קאַלט. דאָס האַרץ קלעמט צונויף. עס ווערגט אין האַלדז, איך קאָן ניט אָפּרײַסן מײַנע אויגן פֿון בילד.

וואָס איז אויפֿן בילד?

אַ פֿעלד. פֿריִער זײַנען דאָ אויפֿן פֿעלד געווים געווען הײַזער און מענטשן. עס זײַנען געווען שעפּסן, פֿייגל. איצט שטייט דאָ אָן אַ זײַט אַן אָפּגעבראָכענער בוים. אַ הויז איז אָפּגעברענט נאָר אויף דער העלפֿט. שטיל. וויסט.

דערבײַ שטייען צוויי — אַ קינד און אַ הונט, טאָדי און זשוק. דער הונט טוליעט זיך צום קינד. טאָדי איז אַלט אַ יאָר צען. זיי שטייען ביידע און קוקן און שווײַגן.

איך קוק אויפֿן בילד. אונטערן בילד איז געשריבן מיט קליינע ווערטער:

— „צוויי זײַנען געבליבן״.

וועלכע צוויי?

דער ייִנגל און דער הונט.

דאָס הויז איז פֿאַרברענט. דער בוים איז צעבראָכן. וואו זײַנען די מענטשן פֿון הויז? — זיי זײַנען ניטאָ. וואו זײַנען זיי? — אָדער טויט, אָדער אַנטלאָפֿן.

וואו שטייט דער אָפּגעבראָכענער בוים, דאָס האַלב פֿאַרברענטע הויז, דאָס קינד און דער הונט? — אויף אַ פֿעלד אין פּוילן, נישט ווײַט פֿון אַ טײַך.

מיט אַ שעה פֿריִער איז דאָ אויף דעם פֿעלד געווען די מלחמה, דאָ איז געווען היטלער. איבער דעם פֿעלד זײַנען געפֿלויגן עראָ־פּלאַנען. די פֿליִערס האָבן געוואָרפֿן באָמבעס.

און די באָמבעס?

זיי האָבן צעפּליקט די שטאַל, דערהרגעט צוויי פֿערד, איין קו, אַ שעפּס, צוויי ציגן. פֿינף הינער זײַנען טויט. זיי ליגן דאָרט אונטער די קלעצער און ברעטער. די זון קוקט אויף זיי דורך די



שפּאַלטן פון דער חורבה. די באָמבעס האָבן אויך צעבראָכן און פאַרשאָטן דעם ברונעם.

און די מענטשן?

די מענטשן זײַנען איצט שוין נישטאָ. צוויי זײַנען אַנטלאָפן אין וואַלד, ווען זיי האָבן דערזען, אַז דאָס נאָענטע דאָרף ברענט און אין דער לופטן רוישן די עראָפּלאַנען. און דער טאַטע? די מאַמע? די צוויי ברידער? די שוועסטער? מע ווייס ניט וואו זיי זײַנען. קאָן זײַן, אַז זיי ליגן אונטער דעם אײַנגעפאַלענעם הויז. מען הערט אָבער גאָרנישט פון זיי.

און דאָס קינד וואָס איז געבליבן הייסט טאָדי. טאָדי האָט שוואַרצע אויגן. שטייט ער און קוקט און וואונדערט זיך:

— וואָס איז דאָ געווען?

— וואו זײַנען זיי אַלע?

ווי אַזוי טאָדי איז געראַטעוועט געוואָרן און געבליבן אַליין — ווייס קיינער ניט. ער האָט געהערט דאָס רוישן, געזען דאָס פײַער, געהערט דאָס בריאַזגען, געזען ווי די מאַמע האָט אַ פאַטש געטאָן

מיט די הענט און — מער געדענקט ער גאָרניט. טאַדי ווייס אויך ניט, ווי לאַנג ער איז געלעגן צווישן די קלעצער פֿון הויז. ער געדענקט אַפֿילו ניט, ווי אַזוי ער האָט זיך אויפֿגעהויבן. איצט שטייט ער דאָ, שטייט און וואונדערט זיך. ער זוכט מיט די אויגן.

עס איז אַזוי מאָדנע צו זײַן איינער אַליין אין פֿעלד. ער וואָלט איצט עפּעס געגעסן, אָבער — די מאַמע איז ניטאָ. און אַז די מאַמע איז ניטאָ, איז ניטאָ וואָס צו עסן.

וואָס וועט ער איצט טאָן אַליין? — ער וואָלט געטאָן איינס: — געוויינט.

אָבער ער איז שוין אַ גרויסער יינגל, ער איז שוין אַלט צען יאָר, און עס איז אין מיטן מלחמה, איז נישט שיין פֿאַר טאָדין צו וויינען.

ניין, ער איז ניט אין גאַנצן אַליין. צו אים איז צוגעקומען אַ פֿרײַנד — זשוק. דער הונט זשוק. ער האָט זיך אויך געראַטעוועט. היטלער האָט אים ניט דערהרגעט. זשוק האָט דערשמעקט, אַז טאָדי איז דאָ און שטייט בײַם אָפּגעבראָכענעם בוים, איז ער צו אים צוגעקומען און זיך אַוועקגעשטעלט.

זשוק וואונדערט זיך אויך, ער פֿאַרשטייט אויך ניט, וואָס דאָ האָט זיך אָפּגעטאָן, זײַן הינטישער קאָפּ קאָן דאָס ניט באַנעמען. ער, אַז ער טוט אַ ביל, אַ ביס, פֿאַרדריסט דאָס אים נאָך דעם זייער שטאַרק:

— „זשוק, וואָס בײַסטו זיך? . . .“

און דאָ האָט מען די פֿערד אַוועקגעלייגט טויט, די ציג צעפּליקט, דאָס הויז פֿאַרברענט, דער אַלטער פויער ליגט טויט בײַם וואַסער. זײַן ווײַב ליגט אַ שטומע אין שטאַל. ער, זשוק, ווייס דאָס אַלץ. ער איז שוין אומעטום געוועזן. ווען טאָדי איז נאָך געלעגן צווישן די קלעצער פֿון הויז, איז ער שוין, זשוק, אומעטום אויסגעוועזן. וואונדערט ער זיך זייער. שטייט ער גלײַך מיט טאָדין, טוליעט זיך צו צו אים, ווי ער וואָלט בײַ אים פֿרעגן:

— „טאָדי, דו ביסט דאָך אַ קלוגער, זאָג מיר, וואָס איז דאָ פֿאַרלאָפֿן? . . .“

טאָדי ווייס דאָך, זאָל ער, זשוק, אויך וויסן:

— עס איז מלחמה. דאָ איז געוועזן היטלער. ער איז דער

מערדער. זייַנע זעלנערס הייסן „די נאַציס". זיי קומען און מאָרדן און ברענען און פֿאַרניכטן.

פֿאַרשטייסטו, זשוק?

זשוק טוליעט זיך צו נעענטער צו טאָדין. ער וועט אים אַליין ניט לאָזן. זאָל אים טאָדי אויך ניט לאָזן אַליין. און אויב מע דאַרף עפּעס טאָן, וועט ער, זשוק, טאָן.

פֿאַרשטייסטו, טאָדי?

**
*

בייַ מיר אויפֿן טיש ליגט אַ צייַטונג מיט אַ בילד. איך קוק שוין אַ לאַנגע צייַט אויפֿן בילד, און דאָס בילד רעדט צו מיר:

— צוויי זייַנען זיי געבליבן. טאָדי און זשוק.

(יעקבֿ פּאַט)

## וואָס באַטייַט?

1. **קלעמט** — דריקט. 2. **ווערגט** — chokes. 3. **אָפּרייַסן** — אוועק־נעמען. 4. **וויסט** — ליידיק. 5. **טייַך** — river. 6. **מלחמה** (מילכאָמע) — קריג. 7. **פּליִערס** — pilots. 8. **צעפּליקט** — צעריסן. 9. **דער־הרגעט** — killed. 10. **ציגן** — goats. 11. **קלעצער** — logs. 12. **ברעטער** — planks, boards. 13. **שפּאַלטן** — cracks. 14. **חורבֿה** (כורווע) — ruin. 15. **ברונעם** — well. 16. **געראַטעוועט געוואָרן** — was saved. 17. **מאָדנע** — strange. 18. **באַנעמען** — פֿאַרשטיין. 19. **פֿאַרלאָפֿן** — געטראָפֿן. 20. **פֿאַרניכטן** — צעשטערן.

| | | | |
|---|---|---|---|
| שעה | מלחמה | דערהרגעט | חורבֿה |

## פֿראַגעס:

1. וואָס זעט מען אויפֿן בילד אין דער צייַטונג? 2. פֿאַרוואָס זאָגט דער שרייבער: „עס ווערט מיר קאַלט, דאָס האַרץ קלעמט צונויף", ווען ער קוקט אויפֿן בילד? 3. וואָס איז געשען מיט די מענטשן אין דאָרף, מיט טאַטע־מאַמע, מיט אַלץ אַרום? 4. ווי האָט דאָס דאָרף פֿריִער אויסגעזען? 5. פֿאַרוואָס שטייט זשוק און וואונדערט זיך? 6. וואָס וויל אים דאָס קינד ענטפֿערן? 7. וואו קומט די מעשׂה פֿאָר? ווען? 8. פֿאַרוואָס הייסט די דערציילונג: „צוויי זייַנען זיי געבליבן"? 9. ווי נאָך קען מען די מעשׂה אָנרופֿן? 10. וואָס קענען מיר טאָן צו העלפֿן אַזעלכע קינדער ווי טאָדי? 11. אין וועלכע אַנדערע לענדער לייַדן איצט קינדער זייער שטאַרק?

# כ׳נעם מיר מיט אַ שטיינדל...

כ׳נעם מיר מיט אַ שטיינדל
פֿון דער געטאָ־וואַנט.
כ׳בוי אַ הויז מיר זוניק
אין דעם ווײַטן לאַנד.

ס׳זאָל אַ טראָפּן טרויער
פֿון ישׂראלס לייד
זײַן אין ווײַסן מויער,
אין מײַן גרויסער פֿרייד.

כ׳מויער אײַן דאָס שטיינדל
פֿון דער געטאָ־וואַנט
אין מײַן הויז דעם ווײַסן
אין דעם ווײַטן לאַנד.

ס׳זאָל אַ זכר בלײַבן
פֿון די געטאָ־טעג
אין מײַן היים דער נײַער
אויפֿן ווײַטן ברעג.

(אלחנן אינדעלמאַן, וואַרשע, 1946)

# אַ ייִדיש קינד מיט אַ צעטעלע

## א.

אין אַ ייִדיש הויז אין אַמעריקע האָט מען — ווי נאָר די מלחמה האָט זיך געענדיקט — געוואַרט צו באַקומען אַ גרוס פֿון פֿרײַנד פֿון יענער זײַט ים. אַזוי האָט מען געוואַרט אין אַ סך ייִדישע הײַזער.

מען האָט געהערט, אַז די נאַציס האָבן מיליאָנען ייִדן, אַלטע לײַט און קינדער, פֿרויען און מענער, אומגעבראַכט. אָבער דאָך האָט מען געהאָפֿט — אפֿשר איז דאָך עמעצער געבליבן לעבן, אפֿשר וועט זיך דאָך עמעצער אָפּרופֿן, טאָמער האָט זיך פֿאָרט עמעצער געראַטעוועט?...

⁂

אין איינעם פֿון די לעצטע האַרבסט־טעג איז אָנגעקומען אַ בריוו פֿון דאָרטן. אַז דער בריוו איז פֿון דאָרטן, האָט מען געקענט דערקענען אַפֿילו פֿון דער ווײַטנס — פֿון זײַן אויסזען, פֿון זײַן שטעמפּל, פֿון דער מאַרקע. מען האָט זיך געכאַפּט אים לייענען, אָבער מען האָט ניט געקענט, ווײַל ער איז געווען געשריבן אויף אַ שפּראַך, וואָס קיינער אין שטוב האָט זי ניט געקענט. איינער האָט געקוקט, אַ צווייטער האָט געקוקט. טאַטע, מאַמע, קינדער און — קיינער האָט ניט געוואוסט, וואָס איז געשריבן אין דעם בריוו, עס איז געווען אַ בריוו אין אַן אומבאַקאַנטער שפּראַך.

ענגליש? — ניין; ייִדיש? — ניין; פּויליש? — ניין; רוסיש? — ניין; דײַטש? — ניין; פֿראַנצייזיש? — אויך ניט. ביז דער טאַטע האָט אויסגעפֿונען איין גאַנצע שורה, וואָס ער קען איבער־לייענען. ווײַל זי איז געשריבן אויף ייִדיש. ער האָט זיך דערפֿרייט, ווען ער האָט דערזען די היימישע ייִדישע ווערטער צווישן די שורות פֿרעמדע, אומבאַקאַנטע ווערטער.

„אַלץ וואָס אין דעם בריוו איז געשריבן איז אמת" — דאָס זײַנען געווען די ייִדישע ווערטער צום סוף פֿון אומפֿאַרשטענדלעכן בריוול. מוז מען דאָך שוין געוויס וויסן, וואָס איז אין דעם בריוול געשריבן!

מען האָט געזוכט און געפֿונען. מען האָט אויסגעפֿונען, אַז דאָס בריוול איז געשריבן אויף ליטוויש און מען האָט געפֿונען אַ מענטשן, וואָס קען לייענען ליטוויש. מען האָט דעמאָלט איבער־געלייענט דעם בריוו און מען איז פֿון אים געוואָר געוואָרן אַ זייער וויכטיקע געשיכטע.

לאָמיר טאַקע אײַך איבערגעבן די געשיכטע.

## וואָס באַטײַט?

1. **צעטעלע** — note. 2. **מלחמה** (מילכאָמע) — war. 3. **גרוס** — greetings. דאָ: — news. 4. **אומברענגען** (אומגעבראַכט) — to kill, to destroy. 5. **טאָמער** — אפֿשר — maybe. 6. **פּאָרט** — דאָך, — after all. 7. **ראַטעווען** — to save, rescue. 8. **האַרבסט** — autumn. 9. **דערקענען** — to recognize. 10. **שטעמפּל** — seal. 11. **מאַרקע** — stamp. 12. **כאַפּן זיך** — to hurry. 13. **אומבאַקאַנט** — unknown. 14. **שורה** (שורע), **שורות** (שורעס) — line, lines. 15. **היימישע** — נאָענטע, באַקאַנטע, familiar. 16. **סוף** (סאָף) — ענד. 17. **אומפֿאַרשטענדלעך** — וואָס מען האָט ניט געקענט פֿאַרשטיין. 18. **ליטוויש** — Lithuanian. 19. **געוואָר ווערן** — אַרויסגעפֿינען. 20. **געשיכטע** — story.

| | | | |
|---|---|---|---|
| מלחמה<br>ים | אַ סך<br>אַפּשר | שורה<br>שורות | אמת<br>סוף |

## ב.

דאָס בריוול איז געווען געשריבן אויף ליטוויש, ווײַל עס האָט אים געשריבן אַ פּויערטע פֿון אַ דאָרף אין ליטע, און קיין אַנדער שפּראַך קען זי ניט. ליטוויש איז איר איינציקע שפּראַך.

האָט זי אַזוי דערציילט אין איר בריוול:

זי איז געווען אין פֿעלד אין איינעם אַ שפּעט־זומערדיקן פֿאַרנאַכט, ווען אַ לאַנגער צוג מיט וואַגאָנען ייִדן איז דורכגעפֿאָרן. אין דאָרף האָבן שוין אַלע פּויערים און פּויערטעס געוואוסט, אַז די דײַטשן פֿירן ייִדן אין פֿאַרשלאָסענע וואַגאָנען זיי צו פֿאַרברענען. דאָס איז אויך געווען אַזאַ צוג מיט וואַגאָנען ייִדן. פּלוצעם האָט זי דערזען, אַז עפּעס איז אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן פֿון וואַגאָן און געבליבן ליגן אויף דער ערד.

דער צוג מיט די וואַגאָנען ייִדן איז אַוועקגעלאָפֿן ווײַטער. מען האָט אים שוין ניט געזען. אויפֿן פֿעלד איז שטיל געווען. אַרום און אַרום האָט מען קיין דײַטש ניט געזען. דעמאָלט איז צו־געגאַנגען די פּויערטע אַ קוק צו טאָן אויפֿן פּלאַץ וואו עס איז עפּעס אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן פֿון וואַגאָן.

עס איז געלעגן אַ קינד. אַ קליין קינד אײַנגעוויקלט אין אַ טוך. דאָס קינד האָט געלעבט. זײַנע אויגן זײַנען געווען גרויס און אָפֿן. דאָס קינד האָט ניט געשריִען, ניט געוויינט, נאָר געלעגן און שטילערהייט, קוים־קוים אַזוי ווי געקרעכצט.

„מסתּמא האָט זיך דאָס קינד צעשלאָגן פֿאַלנדיק" — האָט די פּויערטע געטראַכט, ווען זי האָט געהערט ווי דאָס קינד קרעכצט.

עס איז אַ רחמנות אויף אַ קינד, וואָס ליגט אַליין אין פֿעלד, אַרויסגעוואָרפֿן פֿון וואַגאָן מיט ייִדן. די פּויערטע האָט זיך אַראָפּ־געבויגן צו דער ערד, כּדי עס בעסער אָנצוקוקן. יאָ, עס איז אַ ייִדיש קינד. דאָס איז זיכער. די אויגן זײַנען ייִדישע.

קוקט אַרום די פּויערטע דאָס אַרויסגעוואָרפֿענע ייִדישע קינד און דערזעט, אַז אויפֿן קינדס העלדזל הענגט אויף אַ שטריקל אַ צעטעלע וואָס איז געווען געשריבן אין ליטוויש, און זי האָט איבערגעלייענט:

„גוטע מענטשן, האָט רחמנות אויפֿן קינד. דאָס בעט אײַך זײַן מאַמע. אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן, שרײַבט וועגן קינד צו מײַן שוועסטער אין אַמעריקע. אַזוי און אַזוי איז איר אַדרעס. מײַן שוועסטער שׂרה וועט אײַך פֿאַר אַלץ באַלוינען."

איצט איז שוין געווען קלאָר פֿאַר דער פּויערטע, ווער עס האָט דאָס קינד אַרויסגעוואָרפֿן פֿון ייִדן־וואַגאָן. דאָס האָט געטאָן זײַן אייגענע מאַמע. זי האָט אים אײַנגעוויקלט אין אַ גרויסער טוך.

די טוך האָט זי גוט אַרומגעדרייט מיט אַ שטריקל, כּדי דאָס קינד זאָל זיך ניט צעקלאַפּן צו שטאַרק, ווען עס וועט פֿאַלן אויף דער ערד.

זייַן מאַמע האָט דאָס געטאָן, ווייַל זי האָט געוואָלט ראַטעווען איר קינד. די מאַמע האָט געוואוסט, אַזוי ווי עס האָבן געוואוסט אַלע ייִדן אין וואַגאָן, אַז מען פֿירט זיי צום טויט, אַז מען וועט זיי אומברענגען — מען פֿירט זיי אין גרויסן אויוון אַרייַן. די מאַמע האָט רחמנות געהאַט אויף איר קינד. די מאַמע האָט געוואָלט ראַטעווען דאָס קליינע עופּעלע. זי האָט עס דעריבער געוויקלט אין דער גרויסער טוך, זי האָט עס דעריבער אַרויסגעוואָרפֿן פֿון וואַגאָן אין פֿעלד אַרייַן און געבעטן בייַ „גוטע מענטשן", זיי זאָלן רחמנות האָבן אויפֿן קינד.

— אפֿשר, אפֿשר וועט זיך דאָך געפֿינען אויפֿן פֿעלד אַ מענטש, וואָס וועט רחמנות האָבן אויפֿן קינד?

אָבער רחמנות אַליין איז ווייניק, האָט געוויס געטראַכט די מאַמע. ווייַל די מענטשן זייַנען אַזוי האַרט און אַזוי שלעכט. האָט זי דעריבער צוגעזאָגט אַ באַלוינונג:

— אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן, שרייַבט צו מייַן שוועסטער אין אַמעריקע, אַזוי און אַזוי איז דער אַדרעס.

אַמעריקע איז אַ גאָלדן לאַנד, אַמעריקע איז אַ גרויסע זאַך, די אַמעריקאַנער שוועסטער קען טאַקע גוט באַלוינען... — אַזוי האָט געטראַכט די פּויערטע אין פֿעלד, און זי האָט אויפֿגעהויבן דאָס קינד.

דאָס צעטעלע האָט זי גוט באַהאַלטן. עס וועט געוויס צו ניץ קומען. דאָס קינד האָט זי גענומען אין דאָרף אַרייַן, צו זיך אַהיים.

## וואָס באַטייַט?

1. פּויער — peasant.
2. דאָרף — village.
3. צוג — train.
4. וואַגאָן — car.
5. פֿאַרשלאָסן — locked.
6. אייַנוויקלען — to wrap.
7. טוך — cloth.
8. קרעכצן — to groan.
9. מסתּמא (מיסטאָמע) — suppose.
10. רחמנות (ראַכמאָנעס) — pity.
11. אַראָפּבייגן זיך — to bend down.
12. כּדי (קעדיי) — in order to.
13. העלדזל — neck.
14. שטריקל — string.
15. באַלוינען — to reward.
16. עופּעלע (אויפּעלע) — infant.
17. באַלוינונג — reward.
18. טאַקע — really.
19. באַהאַלטן — to hide.
20. צו ניץ קומען — to be of use.

## ג.

איצט, אַז די מלחמה האָט זיך געענדיקט, און דאָס קינד לעבט און גייט שוין אַרום אויף די אייגענע פּיסלעך, האָט די פויערטע אַרויסגעשלעפּט דאָס פֿאַרבאַהאַלטענע צעטעלע מיט דעם אַמעריקאַנער אַדרעס און געשריבן צו דער אַמעריקאַנער שוועסטער, אַז איר שוועסטערס ייִנגעלע איז בײַ איר, אַז זי האָט עס אויסגעהיט פֿון די דײַטשן, אַז איר שוועסטער האָט אָנגעזאָגט אין צעטעלע, אַז נאָך דער מלחמה זאָל מען שרײַבן קיין אַמעריקע.

און אָט שרײַבט זי.

זי שרײַבט אויף איר ליטווישער שפּראַך, אַז זי וועט דאָס קינד אַוועקגעבן, אָבער ניט פֿאַר באַצאָלט, ניט פֿאַר מתּנות, נאָר פֿאַר עפּעס אַנדערש.

זי וויל, אַז מען זאָל אויך זי צוזאַמען מיט אירע קינדער אַראָפּנעמען קיין אַמעריקע.

— „וועלן מיר אַלע קומען צו אײַך צוזאַמען...“



יואל לעוויט — פּליטים ייִנגלעך אין ניו־יאָרק

***

אַזוי איז געקומען אַ בריוול מיט אַ גוטן אָנזאָג אין אַ ייִדיש הויז אין אַמעריקע. גוט וואָס דאָס ייִדישע קינד איז געבליבן לעבן, וואָס עס לעבט כאָטש איינער פֿון דער משפּחה, וואָס איז אין גאַנצן אומגעבראַכט געוואָרן.

דער מאַמעס האַרץ האָט געוויס געציטערט, ווען זי האָט גע־וויקלט איר קינד אין דער טוך. זי האָט געוויס געפּלאַטערט, ווען זי האָט דאָס קלוגע צעטעלע געשריבן. געוויס האָט איר האַרץ געגליווערט, ווען זי האָט איר קינד אַרויסגעוואָרפֿן אויף אַלע מאָל פֿון לויפֿנדיקן וואַגאָן, אָבער אירע ליפּן האָבן געוויס שטיל געזאָגט דאָס הייליקסטע מאַמע־געבעט:

— „זאָל מײַן קינד בלײַבן לעבן.“

די מאַמע איז ניטאָ, אָבער איר געבעט איז ניט געווען אומזיסט. איר קינד לעבט, און איר שוועסטער אין אַמעריקע וואַרט אויף דער שעה, ווען זי וועט קענען איר שוועסטערס קינד אַרײַננעמען אין אירע אָרעמס. (יעקבֿ פּאַט)

1. **אַרויסשלעפּן** — אַרויסנעמען. 2. **פֿאַרבאַהאַלטענע** — hidden. 3. **אויסהיטן** — to guard. 4. **מתּנה** (מאַטאָנע), **מתּנות** (מאַטאָנעס) — present, presents. 5. **אָנזאָג** — message. 6. **כאָטש** — דאָ: at least. 7. **משפּחה** (מישפּאָכע) — family. 8. **ציטערן** — to tremble. 9. **פּלאַטערן** — to shiver. 10. **גליווערן** — בלײַבן שטיין, to stiffen. 11. **הייליק** — holy. 12. **געבעט** — prayer. 13. **שעה** (שאָ) — hour.

## פֿראַגעס:

1. אין וועלכע יאָרן איז פֿאָרגעקומען די געשיכטע מיטן ייִדישן קינד? 2. פֿאַרוואָס האָט מען דעמאָלט אין ייִדישע היימען פֿון אַמעריקע אַזוי אומגעדולדיק געוואַרט אויף אַ גרוס פֿון יענער זײַט ים? 3. פֿאַר־וואָס איז אַזוי שווער געווען צו לייענען דאָס בריוול? 4. וואָס האָט דאָס בריוול דערציילט? 5. האָט די ייִדישע מאַמע גוט געטאָן וואָס זי האָט אַרויסגעוואָרפֿן דאָס קינד פֿון וואַגאָן? אויף וואָס האָט די מאַמע געהאָפֿט? 6. ווי האָט די פּויערטע געהאָדעוועט דאָס קינד? 7. וואָס האָט זי געטאָן, ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט? 8. וואָס איז גע־שטאַנען אינעם בריוו וואָס זי האָט געשריבן צו דער ייִדישער משפּחה אין אַמעריקע? 9. וואָס איז דער טרויעריקסטער מאָמענט אין דער געשיכטע? וואָס איז דער פֿריילעכסטער? 10. ווייסט איר אַנדערע געשיכטעס פֿון ייִדישע קינדער אין די געטאָס?

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| מתּנה | מתּנות | משפּחה | שעה | מסתּמא |

# משיח

אוי, קינדערלעך ליבע,
ס'וועט זײַן אַזוי שיין,
משיח וועט קומען
אין גיכן צו גיין.

מיט איין האַנט צום אַקער,
און איין האַנט צום שווערד,
די אויגן צום הימל,
די פּיס אויף דער ערד.

די אויגן אַזוי ווי
צוויי זונען בײַ אים,
אַ הויכער, אַ ווײַסער
און זילבער די שטים.

— און ווער האָט אײַך, קינדער,
די בשורה געבראַכט ?
— משיח געטרײַער,
מיר האָבן געוואַכט

וואָס האָט איר מיר, קינדער,
צום אויפנעם געגרייט ?
— משיח געטרײַער,
מיר האָבן געזייט.

און שומרים געהאַלטן
אויף איטלעכן וועג —
משיח, משיח,
וועט קומען די טעג.

(יהואש)

# די ווייַנענדיקע שול

אין אַ קליין ייִדיש שטעטל, באַהאַלטן צווישן וועלדער, איז אַמאָל געשטאַנען אַן אַלטע הילצערנע שול. זי איז געווען אַזוי אַלט אַז קיינער האָט שוין דאָרטן ניט געדאַוונט. אײַנזאַם איז זי גע־שטאַנען און פאַרשלאָסן. גראָז האָט געוואַקסן אויף אירע שטיינערנע טרעפּ און שוואַלבן האָבן געבויט זייערע נעסטן אונטער איר אײַנגעבויגענעם דאַך.

אין דער גאַנצער געגנט אַרום האָט מען זי גערופן די ווייַנענדיקע שול. מען האָט דערציילט, אַז נאָך האַלבער נאַכט, ווען אַלע פרומע ייִדן שטייען אויף צו טרויערן אויפן חורבן פון בית־המקדש, הערט מען הינטער דער פאַרשלאָסענער טיר ווי שווערע טראָפנס וואָלטן אינעווייניק געפאַלן, פונקט ווי עמעצער וואָלט שטיל געוויינט.

די אַלטע זיידעס פלעגן דערציילן אַז מיט הונדערטער יאָרן

צוריק האָט אין דעם שטעטל געלעבט אַ רבֿ, וואָס זײַן פֿרומקייט איז געווען באַרימט אין גאַנצן לאַנד. דער רבֿ האָט געלעבט זייער אָרעם אין אַ קליין הײַזל ניט ווײַט פֿון שול און כּסדר געלערנט תּורה. אַפֿילו שפּעט בײַנאַכט, ווען דאָס גאַנצע שטעטל איז שוין געשלאָפֿן, איז ער איינער אַליין געזעסן אין דער גרויסער טונקעלער שול בײַ אַ קליין ליכטל און געלערנט.

איין מאָל, נאָך האַלבער נאַכט, זיצנדיק איינער אַליין אין שול, האָט ער פּלוצעם דערהערט אַ שטים פֿון אָרון־קודש:

— „דײַן פֿרומקייט און גערעכטיקייט ווערט אָפּגעשאַצט אין הימל. איצט קענסטו ווינטשן וואָס דו ווילסט, אָבער דו דאַרפֿסט גלײַך אַרויסזאָגן וואָס דו ווינטשסט. עס איז די רגע ווען דײַן וואונטש וועט ווערן אָנגענומען. אײַל זיך. די צײַט איז קורץ.“

און דער רבֿ האָט געטראַכט:

— וואָס זאָל איך זיך ווינטשן?

רײַכקייט פֿירט צו זינד.

מאַכט פֿירט צו גוואַלד.

כּבֿוד מאַכט צו פֿאַראַכטן אַ צווייטן.

חכמה? די תּורה איז די גרעסטע חכמה און איך לערן זי טאָג ווי נאַכט.

— „ניין,“ — האָט ער שטיל געזאָגט, — „איך האָב גאָרנישט וואָס זיך צו ווינטשן.“

האָט ער דערהערט אַ געוויין פֿון אָרון־קודש און די שטים האָט אים געזאָגט:

— „אומגליקלעכער, דו האָסט געטראַכט בלויז וועגן זיך און נישט וועגן אַלע מענטשן וואָס לײַדן. דו האָסט דאָך געקענט ווינטשן, משיח זאָל קומען אויסלייזן די וועלט.“

אויף מאָרגן, ווען דער שמשׂ האָט געעפֿנט די שול, האָט ער געפֿונען דעם רבֿ אַ פֿאַרחלשטן, ליגנדיק אויף דער ערד לעבן אָרון־קודש.

די ייִדן האָבן אים געבראַכט אין זײַן קליין הײַזל, האָבן אים אָפּגעמינטערט. האָט דער רבֿ געהייסן אויפֿרופֿן די עלטסטע און פּרימסטע פֿון שטעטל, דערציילט זיי וואָס מיט אים איז געשען אין שול און איז געשטאָרבן.

און בײַנאַכט, ווען דער שמשׂ איז צוגעגאַנגען צו דער טיר פֿון

שול, האָט ער דערהערט, ווי אַ שטילע שטים וואָלט געוויינט פֿון איר.

פֿון דעמאָלט אָן האָט מען אַלע האַלבע נאַכט געהערט הינטערן טיר, ווי שווערע טראָפּנס וואָלטן געפֿאַלן פֿון באַלקן אַראָפּ. דאָס האָט די שול געוויינט אויף דער פֿאַרלוירענער רגע.

(דוד איינהאָרן)

## וואָס באַטײַט?

1. שול — דאָ: — synagogue. 2. וואַלד, וועלדער — woods.
3. דאַוונען — to pray. 4. איינזאַם — deserted. 5. פֿאַרשלאָסן — locked.
6. שוואַלב — swallow. 7. אײַנגעבויגענער דאַך — crumbling roof.
8. האַלבע נאַכט — midnight. 9. פֿרומע — pious. 10. טרויערן — to mourn.
11. חורבן — destruction. 12. טראָפּן — drop. 13. פּונקט — as if.
14. רבֿ (ראָוו) — rabbi. 15. פֿרומקייט — piety. 16. באַרימט —
famous. 17. כּסדר (קעסיידער) — continuously. 18. טונקל — dark.
19. אָרון־קודש (אָרן קוידעש) — holy ark. 20. גערעכטיקייט — דאָ:
sense of justice. 21. אָפּשאַצן — to appreciate. 22. רגע (רעגע) —
moment. 23. רײַכקייט — riches. 24. זינד — דאָ: — greed.
25. מאַכט — power. 26. גוואַלד — cruelty. 27. כּבֿוד (קאָוועד)
— honor. 28. פֿאַראַכטן — to despise. 29. חכמה (כאָכמע) —
wisdom. 30. אומגליקלעכער — unfortunate. 31. בלויז — only.
32. לײַדן — to suffer. 33. אויסלייזן — to bring salvation. 34. שמש
(שאַמעס) — sexton. 35. פֿאַרחלשט — in a dead faint. 36. אָפּמינטערן
— to revive. 37. באַלקן — ceiling.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| חורבן | רבֿ | שמש | אָרון־קודש | תורה |
| בית־המקדש | כּסדר | פֿאַרחלשט | חכמה | משיח |

# אין אַ טאָג פֿון רעגן

אין אַ טאָג פֿון רעגן,
ווען עס וויינט די וועלט,
זינג פֿון זון אויף וועגן,
זינג פֿון גרינעם פֿעלד!

אין אַ טאָג אַ גרויען,
ווען דאָס האַרץ איז מיד,
זינג פֿון רוים אַ בלויען
און פֿון בוים וואָס בליט.

אין אַ טאָג אַ שלעכטן,
ווען דער פֿײַנד ווערט ווילד,
זינג פֿון דעם גערעכטן
און פֿון דעם וואָס פֿילט...

(אַבֿרהם רייזען)

# ל״ג בעומר

פֿרײַ פֿון לערנען, פֿרײַ פֿון חדר,
אָנגעטאָן אין יום־טובֿ־קליידער,
נעמט זשע, קינדער, פֿײַל און בויגן
און אין וואַלד אַרײַן געפֿלויגן.

הײַנט איז אונדזער טאָג — ל״ג בעומר,
לויפֿט זשע, קינדער, צו די ביימער,
צו די גראָזן, צו די בלומען —
ס׳איז ל״ג בעומר הײַנט געקומען.

# ל״ג בעומר

דאָס האָט געטראָפֿן אין די צײַטן, ווען דאָס ייִדישע לאַנד איז ניט געווען פֿרײַ און איבער ארץ־ישׂראל האָבן געהערשט די רוימער.

בײַ די ייִדן איז דעמאָלט געווען אַ גרויסער געלערנטער. ער האָט אַ סך מענטשן געלערנט תּורה. זײַנע תּלמידים האָבן אים זייער ליב געהאַט.

האָט עמעצער אויסגעטראַכט אויף דעם געלערנטן אַז ער האָט גערעדט שלעכטס קעגן רוים. דער רוימישער מלך האָט דעריבער געהייסן טייטן דעם געלערנטן. איז ער אַנטלאָפֿן און צוזאַמען מיט זײַן זון זיך באַהאַלטן אין אַ הייל.

זײַנען בײַם אַרײַנגאַנג פֿון הייל אויסגעוואַקסן אַ סך טייטל־ביימער און פֿײַגן־ביימער און פֿון אונטער דער ערד האָט זיך געעפֿנט אַ קוואַל וואַסער.

דער געלערנטער מיט זײַן זון האָבן געגעסן די פֿרוכט פֿון די ביימער און געטרונקען דאָס וואַסער פֿון קוואַל. זיי זײַנען געזעסן אין דער הייל דרײַ און דרײַסיק יאָר. קיינער האָט נישט געוואוסט וואו זיי געפֿינען זיך. ווײַל די ביימער האָבן פֿאַרשטעלט דעם

אַרײַנגאַנג אין הייל און פֿון דעם קוואַל איז געוואָרן אַ טײַך. די ברעגעס פֿון דעם טײַך זײַנען באַוואַקסן געוואָרן מיט הויכן גראָז און ביימעלעך און קיינער האָט ניט געוואוסט דעם וועג צו דער הייל.

נאָר די תּלמידים, גרויס און קליין, האָבן געוואוסט וואו זייער רבי געפֿינט זיך. איין טאָג אין יאָר, ל״ג בעומר, פֿלעגן זיי שטילערהייט קומען זען דעם רבין. זיי פֿלעגן נעמען מיט זיך פֿײַל־און־בויגנס און שפּײַז אויפֿן וועג.

אַז עס פֿלעגט זיי טרעפֿן אַ רוימישער סאָלדאַט און פֿרעגן: — וואוהין גייט איר? — פֿלעגן זיי ענטפֿערן: — מיר גייען שיסן חיות אין וואַלד. זיי פֿלעגן הערן פֿון רבין תּורה און זיך פֿרייען מיט אים אַ גאַנצן טאָג. דערנאָך פֿלעגן זיי גיין צוריק אַהיים.

דעריבער פֿײַערן ייִדישע שול־קינדער דעם יום־טובֿ ל״ג בעומר ביזן הײַנטיקן טאָג.

***

דער נאָמען פֿון דעם גרויסן געלערנטן איז געווען: רבי שמעון בן יוחאַי.

(אגדה)

1. הייל — cave. 2. טייטל־ביימער — date-palms. 3. פֿײַגן־ביימער — fig-trees. 4. קוואַל — spring. 5. טײַך — river. 6. ברעגעס — banks, shores. 7. רבי (רעבע) — לערער. 8. פֿײַל־און־בויגנס — bow and arrows. 9. שפּײַז — food. 10. וואַלד — wood, forest. 11. פֿײַערן — to celebrate.

| | | | |
|---|---|---|---|
| ארץ־ישׂראל<br>תּורה | תּלמיד<br>תּלמידים | רבי<br>חיה | חיות<br>יום־טובֿ |






# רחל און עקיבֿא

### 1. אַ מעשׂה מיט אַן אָרעמען פּאַסטעך

אַמאָל האָט אין ירושלים געלעבט זייער אַ רײַכער מאַן. ער האָט פֿאַרמאָגט אַ סך וועלדער, פֿעלדער, רינדער און שאָף. ער האָט געהאַט נאָר איין קינד, אַ טאָכטער, רחל. איז רחלען געפֿעלן געוואָרן איינער פֿון איר פֿאָטערס פּאַסטעכער, עקיבֿא דער זון פֿון יוסף. אַז דער פֿאָטער האָט דאָס דערהערט, האָט ער געזאָגט צו דער טאָכטער:

— זאָלסט וויסן, אַז אויב דו האָסט חתונה מיט עקיבֿאָן, טרײַב איך דיך אַרויס פֿון מײַן הויז און דו וועסט קיין מאָל מיך ניט טאָרן זען.

ווען רחל האָט געהערט די רייד פֿון איר פֿאָטער, האָט זי פֿאַר־לאָזן דעם רײַכן פּאַלאַץ פֿון אירע עלטערן און חתונה געהאַט מיט עקיבֿאָן, דעם אָרעמען פּאַסטעך.

***

עקיבֿא איז געווען זייער אָרעם. האָבן זיי געוואוינט אין אַ האַלב אײַנגעפֿאַלן הײַזל, וואָס איז געווען ענג און פֿינצטער. קיין מעבל איז אין שטוב ניט געווען; נישט קיין טיש, נישט קיין שטול, נישט קיין בעט. נאָר אַ ביסל שטרוי איז געווען פֿאַרשפּרייט אויפֿן דיל, און אויפֿן שטרוי זײַנען זיי געשלאָפֿן.

רחל איז אָבער שטענדיק געווען פֿריילעך און פֿלעגט זאָגן צו איר מאַן:

— בעסער עסן טרוקן ברויט מיט דיר אין איינעם, איידער לעבן אין רײַכקייט אין דעם הויז פֿון מײַן פֿאָטער.

איין מאָל בײַנאַכט, ווען זיי זײַנען געזעסן אין שטיבל, האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ ווינט און האָט פֿאַרשאָטן עקיבֿאס פּנים מיט

שטרוי. רחל האָט בײַ אים אַרויסגענומען די שטרוי פֿון זײַנע האָר און אים געפֿרעגט:

— זאָג מיר, מײַן מאַן, וואָס ביסטו אַזוי טרויעריק?

ענטפֿערט עקיבֿא:

— ווי זאָל איך ניט זײַן טרויעריק, אַז מײַן טײַערע ווײַב לײַדט הונגער און האָט ניט וואָס אָנצוטאָן. ווען איך וואָלט געווען רײַך, וואָלט איך דיר אויסגעבויט אַ שיינעם פּאַלאַץ און דיר אָנגעטאָן אַ גאָלדענע קרוין אויפֿן קאָפּ.

ווי זיי רעדן אַזוי, דערהערן זיי עמעצער קלאַפּט אין טיר.

פֿרעגן זיי: — ווער איז דאָרט?

קומט אַרײַן אַ שכן און בעט:

— מײַן ווײַב איז קראַנק און זי האָט אַפֿילו ניט קיין ביסל שטרוי אויף וואָס צו ליגן. האָט רחמנות אויף איר און גיט מיר אַ ביסל שטרוי.

רחל האָט באַלד געגעבן דעם שכן אַ טייל פֿונעם שטרוי, אויף וועלכן זיי זײַנען געשלאָפֿן און זי האָט געזאָגט צו עקיבֿאן:

— זעסט, מײַן מאַן, עס זײַנען דאָ נאָך אָרעמערע פֿאַר אונדז. מיר האָבן כאָטש שטרוי און קענען נאָך געבן יענעם.

זאָגט עקיבֿא:

— געבענטשט זאָלסטו זײַן, מײַן ווײַב, וואָס דו ביסט אַליין צופֿרידן און פֿאַרטרײַבסט נאָך מײַן אומעט.

ענטפֿערט רחל:

— ווי זאָל איך ניט זײַן צופֿרידן? איך האָב אַזאַ ערלעכן און גוטן מאַן און ווי איך האָב מיר געוואונטשן. איך וואָלט אָבער געווען נאָך גליקלעכער, ווען דו גייסט צו די חכמים זיך לערנען תּורה. קיין גליקלעכערע ווײַב פֿון מיר וואָלט דעמאָלט אויף דער וועלט ניט געווען.

— דײַנע ווערטער — האָט עקיבֿא געענטפֿערט — זײַנען בײַ מיר הייליק. איך וועל טאָן וואָס דו פֿאַרלאַנגסט.

*
**

אויפֿן צווייטן טאָג האָט עקיבֿא זיך געלאָזט גיין צו די חכמים לערנען תּורה. רחל איז מיט אים מיטגעגאַנגען אַ שטיק וועג. ווען זיי האָבן זיך געזעגנט, האָט זי אים געזאָגט:

— ביז איצט ביסטו געווען אַ פּאַסטעך פֿון שאָף. עס וועט קומען אַ צײַט, וועסטו ווערן אַ פּאַסטעך פֿונעם ייִדישן פֿאָלק און מען וועט זיך בענטשן מיט דײַן נאָמען.

## וואָס באַטײַט ?

1. פֿאַרמאָגן — האָבן. 2. רינדער — cattle. 3. געפֿעלן ווערן — ליב קריגן, to like. 4. פּאַסטעך — shepherd. 5. חתונה (כאַסענע) האָבן — to marry. 6. אַרויסטרײַבן — to drive out. 7. טאָרן — to be allowed. 8. פּאַלאַץ — palace. 9. אײַנגעפֿאַלן — sunken. 10. ענג — narrow. 11. מעבל — furniture. 12. שטוב — house. 13. טרויעריק — sad. 14. לײַדן הונגער — הונגערן, to starve. 15. אָנצוטאָן — to wear. 16. שכן (שאָכן) — neighbor. 17. אַפֿילו (אַפֿילע) — even. 18. רחמנות (ראַכמאָנעס) — pity. 19. געבענטשט זײַן — to be blessed. 20. אומעט — sadness. 21. ערלעך — honest. 22. חכמים (כאַכאָמים) — דאָ: learned men. 23. הייליק — holy, sacred. 24. זעגענען זיך — to bid farewell, part with.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| רחל | יוסף | פנים | אַפֿילו | חכמים |
| עקיבֿא | חתונה | שכן | רחמנות | תּורה |

### 2. עקיבֿא אין דער פֿרעמד

אויפֿן וועג איז עקיבֿאן געוואָרן אומעטיק. ער האָט געטראַכט:

— איך בין שוין ניט יונג. איז דען ניט צו שפּעט פֿאַר מיר אָנצוהייבן לערנען ?

ווי ער גייט אַזוי — זעט ער אַ ברונעם, און אויפֿן ברונעם — אַ גלאַטער אָפּגעשליפֿענער שטיין.

פֿרעגט ער די פּאַסטעכער:

— זאָגט מיר, ברידער, ווער האָט דאָס אַזוי אָפּגעשליפֿן דעם האַרטן שטיין ?

ענטפֿערן די פּאַסטעכער:

— דאָס וואַסער איז טראָפּנווײַז געפֿאַלן אויפֿן שטיין און האָט אים אָפּגעשליפֿן.

דערהערט די ווערטער, האָט עקיבֿא זיך דערפֿרייט, און געטראַכט בײַ זיך:

— אַפֿילו אַ שטיין קען אָפּגעשליפֿן ווערן, קען דאָך אַ מענטש דורך מי און אַרבעט אַוודאי זיך בײַטן.

איז עקיבֿא געגאַנגען אַזוי לאַנג ביז ער איז אָנגעקומען אין אַ שטאָט. דאָרטן איז ער אַוועק לערנען בײַ אַ מלמד וואָס לערנט מיט קינדער אַלף־בית. עקיבֿא האָט זיך ניט געשעמט און געלערנט גלײַך מיט די קליינע קינדער. אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט ער שוין געקענט גוט לייענען. איז ער אַריבער אין בית־מדרש, וואו ער האָט געלערנט בײַ די גרעסטע ייִדישע חכמים פֿון יענער צײַט.

***

געלעבט האָט עקיבֿא פֿון האַקן האָלץ. ער פֿלעגט אויפֿשטיין גאַנץ פֿרי, אַוועקגיין אין וואַלד אָנהאַקן האָלץ און פֿלעגט דאָס האָלץ ברענגען אין שטאָט אַרײַן צו פֿאַרקויפֿן.

עקיבֿא האָט געלעבט אין אָרעמקייט, נאָר ער האָט ניט אויפֿגעהערט לערנען תּורה גאַנצע טעג און נעכט. רחל האָט דערהערט אַז איר מאַן לעבט אין גרויס נויט. האָט זי אָפּגעשאָרן אירע שיינע לאַנגע האָר, זיי פֿאַרקויפֿט און דאָס געלט האָט זי אָפּגעשיקט איר מאַן. עקיבֿא האָט אַלץ ווײַטער געלערנט. ס'איז געקומען אַ צײַט ווען ער האָט שוין געקענט בעסער פֿון אַלע זײַנע חבֿרים. פֿלעגט מען קומען צו אים מיט פֿראַגעס און ער האָט אַלץ דערקלערט מיט גרויס חכמה און וויסן, ווי איינער פֿון די גרעסטע געלערנטע. האָבן דאָס דערזען די לערערס פֿון בית־מדרש. זיי האָבן אים געלויבט און אָנגעהויבן רופֿן רבי עקיבֿא.

## וואָס באַטײַט?

1. אומעטיק — sad. 2. ברונעם — well. 3. אָפּגעשליפֿן — polished. 4. טראָפּנווײַז — in drops. 5. אַפֿילו (אַפֿילע) — even. 6. מי — labor, toil. 7. אַוודאי (אַוודע) — surely, certainly. 8. בײַטן זיך — to change, to transform. 9. מלמד (מעלאַמעד) — teacher. 10. בית־מדרש (בעס־מעדרעש) — synagogue. 11. האַקן — to chop. 12. האָלץ — wood. 13. וואַלד — forest. 14. נויט — need, want. 15. חבֿר (כאַווער), חבֿרים (כאַווײרים) — friend, comrade. 16. חכמה (כאָכמע) — wisdom. 17. וויסן — knowledge. 18. לויבן — to praise. 19. רבי (רעבע).

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אַפֿילו<br>אַוודאי | מלמד<br>אַלף־בית | בית־מדרש<br>חבֿר | חבֿרים<br>חכמה | רבי |

אַזוי זײַנען אַוועק צוועלף יאָר. האָט רבי עקיבֿא געטראַכט:

— שוין צײַט זיך אומצוקערן אַהיים. רחל איז שוין גענוג געזעסן אַליין.

רבי עקיבֿא האָט זיך געלאָזט גיין צוריק קיין ירושלים. ווען ער איז צוגעקומען צו דעם אָרעם שטיבל, וואו רחל האָט געוואוינט, האָט ער געהערט עמעצער רעדט אינעווייניק:

— זעסטו, אַזוי איז אַלע מאָל, ווען מען פֿאָלגט ניט אַ טאַטן. שוין צוועלף יאָר, אַז דײַן מאַן איז אַוועק. ווער ווייס צי ער וועט גאָר קומען צוריק. וואָלטסטו אָבער געפֿאָלגט דײַן טאַטן, וואָלטסטו געווען גליקלעך.

און רחל האָט געענטפֿערט:

— ווען מײַן מאַן וואָלט מיר געפֿאָלגט, וואָלט ער דאָרט געזעסן נאָך צוועלף יאָר און געלערנט תּורה.

רבי עקיבֿא איז געשטאַנען אַ ווײַלע, געקוקט אויף דעם שטיבל און אַ זאָג געטאָן צו זיך:

— אויב דאָס וויל מײַן ווײַב, גיי איך צוריק לערנען.

און ער איז אַוועק צוריק אין וועג אַרײַן...

***

רבי עקיבֿא האָט ווײַטער געלערנט אין זײַן בית־מדרש. זײַן נאָמען איז באַוואוסט געוואָרן אין אַלע לענדער וואו ייִדן האָבן געלעבט. פֿון אומעטום זײַנען צו אים געקומען תּלמידים זיך לערנען. די צאָל תּלמידים איז מיט דער צײַט אויסגעוואַקסן ביז פֿיר און צוואַנציק טויזנט.

אַז עס זײַנען אַוועק די צוועלף יאָר, האָט רבי עקיבֿא זיך געלאָזט גיין צוריק קיין ירושלים. מיט אים זײַנען געגאַנגען טויזנטער תּלמידים זײַנע.

אַלע גרויסע לײַט פֿון ירושלים זײַנען אַרויסגעגאַנגען באַגעגענען רבי עקיבֿאן. צווישן זיי איז אויך געווען רחלס פֿאָטער. ער האָט אָבער ניט געוואוסט, אַז דער גרויסער רבי עקיבֿא איז זײַן איידעם.

אויך רחל האָט דערהערט, אַז רבי עקיבֿא מיט זײַנע תּלמידים קומט אַהיים. איז זי אים אַרויס אַנטקעגן. אַז זי האָט אים דערזען, איז זי אים געפֿאַלן אויפֿן האַלדז און געוויינט פֿאַר פֿרייד.

שטייען די תּלמידים און זעען: אַן אָרעמע פֿרוי, אין אַלטע

צעריסענע קליידער, האַלדזט זייער גרויסן רבין. האָבן זיי זי געוואָלט אַוועקטרײַבן.

— לאָזט זי, קינדער, — האָט אויסגעשריִען רבי עקיבֿא, — איר זאָלט וויסן, אַז איר האָבן מיר צו פֿאַרדאַנקען אי מײַן תּורה, אי אײַערע. ווען ניט אָט די פֿרוי, וואָלט איך ניט געווען אײַער לערער און איר וואָלט ניט געווען מײַנע תּלמידים.

די תּלמידים האָבן גענומען זינגען אונטערן פֿרײַען הימל און רבי עקיבֿא האָט שטיל גערעדט צו רחלען:

— איצט וועט דיר פֿאַר אַלץ באַצאָלט ווערן, מײַן טײַערע רחל, מײַן טײַערע רחל.

רחלס פֿאָטער האָט געבעטן רבי עקיבֿאן, ער זאָל זיך באַזעצן אין זײַן שיינעם פּאַלאַץ. רבי עקיבֿא איז אָבער געבליבן וואוינען מיט זײַן ווײַב רחלען אין דעם אָרעמען שטיבל.

און רחל איז געווען די גליקלעכסטע פֿרוי אין גאַנץ ארץ־ישׂראל.

(אגדה)

1. **אינעווייניק** — inside. 2. **פֿאָלגן** — to obey, to listen. 3. **באַוואוסט ווערן** — to become known. 4. **תּלמיד** (טאַלמיד), **תּלמידים** (טאַלמידים) — pupil, student. 5. **באַגעגענען** — to meet. 6. **איידעם** — son-in-law. 7. **האַלדזן** — to embrace. 8. **אַוועקטרײַבן** — to chase away. 9. **באַזעצן זיך** — דאָ: to move into.

| | | | |
|---|---|---|---|
| ירושלים | תּלמיד | תּלמידים | ארץ־ישׂראל |

## פֿראַגעס:

1. פֿאַרוואָס האָט רחלס פֿאָטער ניט געוואָלט, אַז זײַן טאָכטער זאָל חתונה האָבן מיט עקיבֿאן? 2. ווי האָט רחל געוויזן אַז זי האָט עקיבֿאן אויף אַן אמת ליב? 3. ווי האָט אויסגעזען דאָס שטיבל וואו רחל און עקיבֿא האָבן געלעבט? (לייען פֿאַר די שטעל פֿון בוך). 4. איז עקיבֿא געווען גליקלעך נאָך דער חתונה? אין וועלכע ווערטער דריקט עקיבֿא אויס זײַן ליבשאַפֿט צו רחלען? 5. ווי איז עקיבֿא געוואָרן אַ גרויסער געלערנטער? 6. ווי האָט עקיבֿא זיך דערנערט אין די יאָרן, ווען ער האָט זיך געלערנט תּורה? 7. ווי האָט אים רחל געהאָלפֿן אין דער שווערער צײַט? 8. וואָס האָט פּאַסירט אין דעם טאָג, ווען רבי עקיבֿא האָט זיך אומגעקערט אַהיים? 9. ווי אַזוי האָט ער אָפּגעצאָלט זײַן ליבער און טײַערער רחל? 10. וואָס איז דער טרויעריקסטער מאָמענט אין דער דערציילונג? דער פֿריילעכסטער? דער שפּאַנענדיקסטער? (suspense).

# די שוואַלב און די שפּין

## א.

מיט טויזנטער יאָרן צוריק האָט אין דער שטאָט ירושלים אַ שוואַלב זיך באַזעצט אויף אַ בוים. יעדן טאָג פֿלעגט די שוואַלב זינגען שיינע לידער. דאָס געזאַנג פֿון דער שוואַלב האָט דערפֿרייט די הערצער פֿון די קליינע ייִדישע קינדער און זיי פֿלעגן איר ברענגען פֿולע הויפֿנס קערנער צו עסן.

די שוואַלב האָט געגעסן צו זאַט, געדאַנקט די קינדער פֿאַר זייערע מתנות און זיי שטאַרק ליב באַקומען. איר ליבע צו די ייִדישע קינדער האָט די שוואַלב איבערגעגעבן אירע קינדער און קינדס־קינדער אין די ווײַטערדיקע דורות.

מיט יאָרן שפּעטער, ווען דער קיניג שלמה האָט געבויט דעם בית־המקדש אין ירושלים, האָט די שוואַלב געוואָלט מיטהעלפֿן אין דער הייליקער אַרבעט. האָט זי פֿון פֿאַרטאָג ביז שפּעט אין אָוונט געטראָגן אין איר שנאָבל וואַסער, ליים און שטיקער ערד צו דעם אָרט, וואו דער בית־המקדש האָט זיך געבויט.

— דו אַרבעטסט אומזיסט ! — פֿלעגן אַנדערע פֿייגעלעך לאַכן, — וואָס פֿאַר אַ ווערט האָבן דײַנע עטלעכע שנעבעלעך וואַסער און די ליים וואָס דו טראָגסט ?

— עס מאַכט ניט אויס. טאָן אַ ביסל גוטס איז נאָך אַלץ בעסער ווי גאָרנישט טאָן, — פֿלעגט די שוואַלב ענטפֿערן, און זי האָט ווײַטער אָן אויפֿהער געטאָן איר אַרבעט.

ווען דער בית־המקדש איז פֿאַרטיק געוואָרן, האָט די שוואַלב זיך אויפֿגעבויט אַ וואַרעמע נעסט אונטערן דאַך. דאָרט איז זי געזעסן און האָט אויסגעבריט יונגע שוועלבעלעך, וואָס האָבן אויך ליב געהאַט קינדער. ווען די לוִיִים האָבן געזונגען זייערע לויב־לידער צו גאָט, האָט די שוואַלב מיטגעזונגען און ווען דער כּהן האָט געבענטשט דאָס פֿאָלק, האָט זי געענטפֿערט „אָמן" ! קינדער פֿלעגן זי שפּײַזן מיט קערנער און זי האָט פֿאַר זיי געזונגען.

### וואָס באַטײַט ?

1. שוואַלב — swallow. 2. שפּין — spider. 3. הויפֿן — handful.
4. קערנער— grains. 5. עסן צו זאַט — to eat one's fill. 6. דור (דאָר),

דורות (דוירעם) — generations. 7. הייליק — holy. 8. שנאָבל — beak.
9. ליים — clay. 10. אומזיסט — דאָ : — in vain. 11. ווערט — worth.
12. אויפהער — interruption. 13. אויסבריִען — to hatch. 14. לויב
— praise. 15. בענטשן — to bless. 16. שפּײַזן — to feed.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ירושלים | מתּנות | דורות | בית־המקדש | כּהן |
| מתּנה | דור | שלמה | לוויִם | אָמן |

## ב.

אַ שפּין האָט געזען די שיינע אַרבעט פֿון דער שוואַלב און איר חן בײַ די קינדער. האָט איר די שפּין מקנא געווען און געטראַכט:

— איך וועל וועבן מײַן שפּינוועבס און אַרײַננאַרן פֿליגן. קינדער וועלן מיינען אַז איך וועב אַ פּרוכת פֿאַרן הייליקן אָרון, אָדער אַ קלייד פֿאַרן כּהן־גדול, וועלן זיי מיך אויך ליב קריגן און מיר ברענגען מתּנות.

האָט די שפּין זיך פֿאַרקליבן גאָר הויך אין אַ ווינקל פֿון דעם אינעווייניקסטן צימער, געטאָן דאָרט איר אַרבעט און געוואַרט אויף מתּנות. דאָרט אָבער איז קיינער נישט אַרײַנגעקומען, אויסער דעם כּהן־גדול איין מאָל אין יאָר. איז די שפּין הונגעריק געוואָרן. האָט זי זיך אַריבערגעטראָגן אין הויף פֿון בית־המקדש. דאָרט האָט זי געוועבט אירע פֿעדעם און געפֿאַנגען פֿליגן.

— אוי, אַ נעץ, אַ פֿאַסטקע פֿאַר פֿליגן — האָבן קינדער געשריִען.

אַ ייִנגל האָט געכאַפּט אַ שטעקן, אַרויפֿגעקראָכן אויף אַ לייטער און צעריסן דאָס שפּינוועבס. פֿון דעמאָלט אָן האָט די שפּין פֿײַנד געקריגן קינדער און געשוואָרן צו נעמען פֿון זיי נקמה. די שׂנאה האָט זי איבערגעגעבן אירע קינדער און קינדס־קינדער אין די שפּעטערדיקע דורות.

### וואָס באַטײַט?

1. חן (כיין) — grace, favor. געפֿינען חן — to please. 2. מקנא (מעקאַנע) זײַן — to envy. 3. וועבן — to weave. 4. שפּינוועבס — spider web. 5. אַרײַננאַרן — to lure into. 6. פּרוכת (פּאָרויכעס) — curtain of the holy ark. 7. הייליקער אָרון (אָרן) — holy ark. 8. פֿאַר־קלײַבן זיך — to get into a place. 9. ווינקל — corner. 10. אויסער — besides. 11. אַריבערטראָגן — to carry over. 12. הויף — courtyard.

13. פֿאַרעם, פֿעדעם 14. פֿאַנגען — to catch. 15. פּאַסטקע — trap. 16. אַרויפֿקריכן (אַרויפֿגעקראָכן) — to creep up. 17. לייטער — ladder. 18. נקמה (נעקאָמע) — revenge. 19. שׂנאה (סינע) — hatred.

| | | |
|---|---|---|
| חן | פּרוכת | כּהן־גדול |
| מקנא זײַן | אָרון | נקמה |

## ג.

עס זײַנען אַוועק הונדערטער יאָרן. נבֿוכדנאצר, דער קיניג פֿון בבֿל, איז אַרויס אין אַ מלחמה קעגן ייִדן. ייִדן האָבן די מלחמה פֿאַרלאָרן. נבֿוכדנאצר איז אַרײַן אין ירושלים, האָט אונטערגעלייגט אַ פֿײַער אונטערן בית־המקדש. גרויסע פֿלאַמען האָבן אים אַרומגענומען. זײַנען די שוואַלבן געקומען גיך צו פֿליִען פֿון זייערע נעסטן און האָבן געטראָגן פֿולע שנעבעלעך מיט וואַסער אויסצולעשן דאָס פֿײַער. אַזוי האָבן זיי אָפּגעראַטעוועט די מערבֿ־וואַנט פֿון בית־המקדש. זי שטייט נאָך ביז הײַנט.

די שפּינען ווידער האָבן גוט געדענקט די שׂנאה און געטראָגן פֿײַער אין זייערע מײַלער צו פֿאַרגרעסערן די שׂריפֿה.

דעריבער האָבן קינדער פֿײַנד די שפּין און באַוואַרפֿן זי מיט שטיינער אָדער טרעטן זי מיט די פֿיס.

די ליבע פֿון די קינדער צו דער שוואַלב איז אָבער פֿאַרבליבן אויף אייביק.

עס ווערט דערציילט, אַז אַלע יאָר תּשעה־באָבֿ זאַמלען זיך שוואַלבן צונויף אַרום דער מערבֿ־וואַנט, און וואַרטן מען זאָל קומען צוריק אויפֿבויען דעם בית־המקדש, כּדי זיי זאָלן קענען מיטהעלפֿן אין דער הייליקער אַרבעט.

(אגדה)

### וואָס באַטײַט ?

1. נבֿוכדנאצר (נעוואוכאַדנעצער). 2. מלחמה (מילכאָמע) — war. 3. אַרומנעמען — to envelop. 4. אויסלעשן — to put out. 5. מערבֿ (מײַרעוו) — west. 6. שׂריפֿה (סרייפֿע) — פֿײַער. 7. אייביק — eternal. 8. תּשעה באָבֿ (טישע־באָוו). אָבֿ (אָוו) — נאָמען פֿון עלפֿטן ייִדישן

חודש; פֿאַלט אוים אין יולי־אויגוסט. תּשעה באָבֿ — נײַנטער טאָג אין חודש אָבֿ; אין דעם טאָג איז ביידע מאָל פֿאַרברענט געוואָרן דער בית־המקדש. 9. כּדי (קעדיי) — in order to.

| | | | |
|---|---|---|---|
| נבֿוכדנאצר בבֿל | מלחמה מערבֿ | שׂריפֿה תּשעה באָבֿ | כּדי |

**פֿראַגעס:**

1. פֿאַרוואָס האָבן די ייִדישע קינדער געבראַכט הויפֿנס קערנער פֿאַר דער שוואַלב? 2. ווי האָט די שוואַלב געהאָלפֿן בויען דעם בית־המקדש? 3. וואָס איז געשען ווען דער בית־המקדש איז שוין אויסגעבויט געוואָרן? 4. וואָס האָט געטראַכט די שפּין ווען זי האָט געזען די ליבע פֿון די קינדער צו די שוואַלבן? 5. ווי האָבן די קינדער צעשטערט די בייזע פּלענער פֿון דער שפּין? 6. וואָס איז געשען מיטן בית־המקדש ווען נבֿוכדנאצר איז אַרײַן אין ירושלים? 7. ווי האָבן די שוואַלבן געהאָלפֿן אָפּראַטעווען דעם בית־המקדש? 8. ווי האָבן די שפּינען געוויזן זייער שׂנאה? 9. וואָס קומט פֿאָר, לויט דער לעגענדע, יעדער יאָר תּשעה באָבֿ?

# דער לייב און זײַן פֿרײַנד

ירושלים איז געפֿאַלן. דער בית־המקדש איז פֿאַרברענט. טויזנטער, טויזנטער פֿון די העלדן וואָס האָבן פֿאַרטיידיקט דאָס ייִדישע לאַנד זײַנען דערהרגעט געוואָרן אָדער געפֿאַנגען געוואָרן פֿון די רוימער. אָבער אַנדערע זײַנען אַנטלאָפֿן. צווישן די אַנטלאָפֿענע איז אויך געווען דער העלדישער שמעון. ער איז געקומען קיין גליל און זיך באַהאַלטן אין אַ הייל צווישן די בערג.

איין מאָל איז אין דער הייל אַרײַן אַ לייב. דער לייב האָט זיך אויך געראַטעוועט. יעגערס האָבן אויף אים געשאָסן און אַ פֿײַל האָט אים געטראָפֿן אין פֿוס. שמעון האָט פֿאַר דעם לייב זיך ניט דערשראָקן. ער איז צוגעקומען צו אים, האָט אים געגלעט, האָט אים באַרואיקט. דער לייב איז געוואָרן זײַן פֿרײַנד. ער האָט פֿון לייבס פֿוס אַרויסגעצויגן די פֿײַל. ער האָט פֿאַרבונדן די וואונד. און דער ייִדישער העלד און דער לייב האָבן געלעבט אין הייל.

איין מאָל איז שמעון אַרויס זוכן שפּייז. די רוימער האָבן אים געכאַפּט. מען האָט אים אַוועקגעפירט קיין רוים. שמעון איז געווען גרויס און שטאַרק. האָבן די רוימער באַשלאָסן: זאָל ער אונדז פאַרווײַלן! זאָל ער אין צירק זיך שלאָגן מיט אַ לייב. מיר וועלן אַלע הנאה האָבן פון דעם ווי דער לייב פרעסט אויף דעם געפאַנגענעם ייד.

עס איז געקומען דער טאָג פון דער גרויסער פאַרשטעלונג. דער צירק איז געווען געפּאַקט. מען האָט געצוואונגען יידישע העלדן זיך שלאָגן מיט אַנדערע געפאַנגענע. דערנאָך האָבן די רוימער געקוקט ווי ווילדע חיות צערײַסן די שענסטע און די שטאַרקסטע צווישן די געפאַנגענע. צום סוף האָט מען אַרויסגעפירט שמעונען. ער איז געווען גרויס, שטאַרקער און שענער פון אַלע אַנדערע געפאַנגענע. ער האָט געדאַרפט אָן וואָפן זיך שלאָגן מיט אַ לייב.

דעם לייב האָט מען אויך געבראַכט פון יידישן לאַנד. מען האָט אים געכאַפּט אַ לעבעדיקן. מען האָט אים עטלעכע טעג ניט געגעבן צו עסן, ער זאָל זײַן זייער בייז. איצט האָט מען אַרויסגעפירט די שטײַג מיטן לייב אויף דער אַרענע פון צירק. מען האָט געעפנט די טיר פון שטײַג און געוואַרט מיט אומגעדולד ווי דער לייב וועט זיך אַרויפוואַרפן אויף דעם יידישן העלד און וועט אים צערײַסן.

די שטײַג איז שוין אָפן. דער לייב גיט אַ ברום וואָס צעטראָגט זיך איבערן גאַנצן צירק. דער לייב טוט אַ שפּרונג צו דעם מענטש וואָס שטייט אָן וואָפן און איז גרייט אים צו צערײַסן.

אָבער פּלוצלונג ווערט דער לייב רואיק. ער שטעלט זיך לעבן דעם מענטשן. ער לעקט מיט דער צונג זײַן האַנט. דער געפאַנגענער ייד גלעט דעם לייב און נעמט אים אַרום.

פון גרויס פאַרוואונדערונג שפּרינגען אַלע אויף פון די ערטער. וואָס איז געשען? איז דער ייד אַ מכשף?! מען איז פאַרוואונדערט און צעטומלט. שמעון און זײַן פרײַנד, דער לייב, ניצן עס אויס און פאַרלאָזן אויף גיך דעם צירק. מען האָט מורא פאַר דעם לייב און מען יאָגט זיי נישט נאָך.ביידע פרײַנד ראַטעווען זיך אַרויס פון צירק און אַנטלויפן פון רוים.

(„אגדה״ — יודל מארק)

# די באַלאַדע פֿונעם פֿאַרלאָרענעם שעפּעלע



מאָל איז געווען אַ פּאַסטעכל,
איז אים פֿאַרלוירן געגאַנגען אַ שאָף.
גייט ער באַרג אַרויף, גייט ער באַרג אַראָפּ,
טרעפֿט ער אַן אַלטן רבֿ.

— „רבֿ, רבֿ, אַלטער רבֿ,
כ'האָב אַ שעפּעלע פֿאַרלוירן,
אַ שעפּעלע אַ קליינס, אַן אומעטיקס, אַ שיינס
האָב איך אָנגעוואוירן.
טרילילי האָט עס געהייסן,
ווי אַלע פּאַסטעכער ווייסן.“

גלעט דער רבֿ די ווײַסע באָרד,
גלעט זי און גלעט.
און אָט, וואָס ס'האָט דער אַלטער רבֿ
צום פּאַסטעכל גערעדט:

— „פֿאַרלוירן איז פֿאַרלוירן.
אַלעמאַי אַ שטערן — ער בליצט און שײַנט,
און אָט — שוין אָנגעוואוירן.“

גייט דאָס פּאַסטעכל, גייט און גייט,
קומט ער צו אַ גאָרטן.
זעט ער אַ מיידל אין סאַמע ווײַס,
צווישן די בלומען דאָרטן.



יידל, מיידל אין סאַמע ווײַס,
כ׳האָב אַ שעפּעלע פאַרלוירן,
אַ שעפּעלע אַ קליינס, אַן אומעטיקס, אַ שיינס
האָב איך אָנגעוואוירן.
טרילילי האָט עס געהייסן,
ווי אַלע פאַסטעכער וויסן.״

זאָגט דאָס מיידל אין סאַמע ווײַס:
— „פאַרלוירן איז פאַרלוירן,
אַלעמאָי אַ בלום — זי בליט און בליט
און אָט — שוין אָנגעוואוירן.״

גייט דאָס פאַסטעכל, גייט און גייט,
טרעפט ער אַ בעטלער אַן אַלטן:
— „אַלטער בעטלער, צי ווייסטו ניט,
וואו מײַן שעפּעלע ליגט באַהאַלטן?״
דער בעטלער איז אליהו הנביא געווען,
האָט ער אים בײַ דער האַנט גענומען.
זײַנען זיי געגאַנגען אַ טאָג, אַ נאַכט,
ביז זיי זײַנען צו אַ פעלד געקומען.
פון סאַמע גאָלד איז דאָס פעלד געווען,
אַ זילבערנער טײַך אין מיטן.
און אויפן פעלד האָט דאָס שעפּעלע געטאַנצט,
ביז דער טאָג האָט זיך געביטן.

האָט אליהו הנביא אַזוי געזאָגט:
— „אומזיסטיקע טרערן רינען.
פאַרלירט אַ פאַסטעכל זײַן שעפּעלע אין פעלד,
האָט עס גאָט ברוך הוא געפונען.
— — — — — — — — — — — — — — —
פאַרלירט אַ פאַסטעכל זײַן שעפּעלע אין פעלד,
האָט עס גאָט ברוך הוא געפונען.״

(איציק מאַנגער)




דינע, קליינע צווייַגעלעך
אין די אָרעמע שטיבער
הענגען פֿון דער הייך אַראָפּ
גרינער נאָך און ליבער.

נאָכגעמאַכטע פֿייגעלעך
אין דער הייך זיך ציִען,
רירן זיך אויף פֿעדעמער,
דאַכט זיך, אַז זיי פֿליִען.

בלימעלעך און צווייַגעלעך,
וואו דייַן בליק נאָר וואַנדלט,
ווערט אַן אָרעם שטיבעלע
אין אַ סאָד פֿאַרוואַנדלט...

און פֿון פֿענצטער — קוק אַרויס —
ווייַטע פֿעלדער ליגן,
און פֿון ווייַטע פֿעלדער ציט
שטיל פֿון רות דער ניגון...

(אַבֿרהם רייזען)

## וואָס באַטייַט ?

1. **צווייַגעלעך** — branches. 2. **נאָכגעמאַכטע** — imitation. 3. **פֿעדעמער** — threads. 4. **דופֿטן** — to smell. 5. **וואַנדלט** — קומט. 6. **סאָד** — orchard. 7. **פֿאַרוואַנדלט** — געוואָרן. 8. **ניגון** (ניגן) — melody.

## פֿראַגעס :

1. פֿאַרוואָס האָבן ייִדישע קינדער ליב געהאַט שבֿועות ? 2. ווי פֿלעגט מען באַפּוצן די ייִדישע שטיבער ? 3. וואָס איז די געשיכטע פֿון רות ? 4. וואָס פֿאַר אַ יום-טובֿ איז שבֿועות ?



# די היטערס פֿון דער תורה



רבי מאיר איז געווען זייער אַ קלוגער און אַ געלערנטער. ער האָט אַלץ געקענט זייער גוט פֿאַרשטיין און זייער גוט דערקלערן. ער האָט אַלץ געקענט ליכטיק מאַכן. דעריבער האָט מען אים טאַקע געגעבן דעם נאָמען רבי מאיר. מאיר הייסט דער וואָס ברענגט ליכט.

רבי מאיר האָט זייער ליב געהאַט קינדער און קינדער האָבן אים אויך זייער ליב געהאַט. זיי פֿלעגן קומען צו אים, כּדי צו הערן פֿון אים שיינע מעשׂיות.

איין מאָל זײַנען די קינדער געזעסן אַרום רבי מאירן און געוואַרט אויף אַ מעשׂה. אָבער רבי מאיר איז געזעסן זייער שטיל. — „פֿאַרוואָס הייבט ער ניט אָן?" האָבן זיי זיך געוואונדערט. „פֿאַרוואָס זעט ער אויס אַזוי ערנסט?", האָבן זיך אַנדערע געפֿרעגט.

„קינדער," האָט רבי מאיר ענדלעך געזאָגט. „הײַנט וועל איך אײַך ניט דערציילן אַזוי אַ מעשׂהלע אויף צו לאַכן. עס וועט אויך ניט זײַן קיין טרויעריקע מעשׂה. עס קאָן אָבער זײַן אַז עס איז שווער זי צו פֿאַרשטיין. דעריבער הערט זיך גוט צו.

***

דאָס איז געווען אַמאָל, אַ לאַנגע צײַט צוריק. גאָט האָט געוואָלט געבן די תּורה צו איינעם פֿון זײַנע פֿעלקער. האָט ער זיך אַרומגעקוקט און געזען, אַז ער דאַרף געבן די תּורה די ייִדן, ווײַל ער האָט גערעכנט, אַז זיי וועלן די טײַערע תּורה גוט אָפּהיטן. אָבער גאָט האָט געוואָלט זײַן זיכער, אַז ייִדן וועלן טאַקע אָפּהיטן די תּורה. ער האָט געוואָלט קריגן פֿון

דעם פֿאָלק, וואָס ער גיט אים די תּורה אַ פֿאַרזיכערונג, אַז קיין מאָל וועלן זיי ניט זײַן פֿאַלש צו זייער צוזאָג צו היטן די תּורה.

האָט גאָט צונויפֿגערופֿן אַלע ייִדן און האָט זיי געזאָגט: „איך וועל אײַך געבן די תּורה, אויב איר וועט מיר מיט עפּעס פֿאַרזיכערן, אַז איר וועט זי טאַקע היטן. איך וויל אָבער אַ גוטע פֿאַרזיכערונג.” דאָס גאַנצע פֿאָלק האָט עס געהערט, און אַלע האָבן געוואָלט קריגן די תּורה, אָבער מען האָט ניט געוואוסט וועלכע פֿאַרזיכערונג מען קען געבן גאָט. האָט זיך אויפֿגעשטעלט אַ ייִד און געזאָגט: „לאָמיר צונויפֿנעמען גאָר דאָס גאָלד און גאָר דאָס זילבער און אַלע טײַערע שטיינער, וואָס מיר האָבן און זאָל דאָס זײַן אונדזער פֿאַרזיכערונג.”

אָבער מען האָט אים אויסגעלאַכט. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ פֿאַרזיכערונג פֿאַר גאָט? צו וואָס דאַרף עס גאָט? און ווי קען זײַן אַ זיכערונג אַזאַ זאַך ווי גאָלד אָדער זילבער, ווען הײַנט האָט דאָס אַ מענטש און מאָרגן האָט ער עס ניט? האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַן אַנדערער און געזאָגט: „לאָמיר אָפּגעבן אַלץ, אַלץ וואָס מיר פֿאַרמאָגן, אַלע אונדזערע שאָף און רינדער, אַלע אונדזערע קליידער. אַלץ.” האָט מען אים ווידער אויסגעלאַכט. צו וואָס דאַרף עס גאָט? און וואָס איז דאָס פֿאַר אַ זיכערונג פֿאַר גאָט? און ווי קען מען געבן זאַכן, וואָס הײַנט זײַנען זיי דאָ און מאָרגן זײַנען זיי שוין צעפֿוילט?

איז מען געזעסן טרויעריק און ניט געוואוסט וואָס צו ענטפֿערן גאָט. האָט זיך אויפֿגעשטעלט אַן אַלטער מאַן און האָט געזאָגט: „לאָמיר געבן ווי אַ זיכערונג אַן אייביקע זאַך. לאָמיר געבן ווי אַ זיכערונג די שטערן אין הימל. אויב מיר וועלן ניט היטן די תּורה זאָלן מער די שטערן פֿאַר אונדז קיין מאָל ניט שײַנען.” און דאָס גאַנצע פֿאָלק האָט זיך אויפֿגעשטעלט און אַלע האָבן אויסגערופֿן:

מיר שווערן, מיר שווערן
בײַ ליכטיקע שטערן
צו דינען דעם בורא,
צו היטן די תּורה,
מיר שווערן, מיר שווערן
בײַ ליכטיקע שטערן!

אָבער גאָט האָט געזאָגט: „איך קען אַזאַ שבֿועה ניט אָננעמען. אַפֿילו די שטערן זײַנען אויך ניט אייביק. און די שטערן שײַנען דאָך ניט אַלע מאָל. אין אַ נאַכט אַ פֿינצטערער, ווען דער הימל איז באַדעקט אין גאַנצן מיט שווערע וואָלקנס, וועט איר די שטערן ניט זען און איר וועט פֿאַרגעסן אײַער שבֿועה." האָט איינער געזאָגט: „אפֿשר וועט גאָט אָננעמען, ווען מיר וועלן געבן ווי אַ זיכערונג די שײנע לבֿנה." האָבן אַלע זיך אויפֿגעשטעלט און געזאָגט:

די שיינע לבֿנה
זאָל שטענדיק דערמאָנען:
מיר היטן די תּורה,
מיר פֿאָלגן דעם בורא.
די לבֿנה די שיינע,
די קלאָרע, די ריינע
זאָל זײַן אונדזער עדות,
זאָל זײַן אונדזער עדות!

אָבער גאָט האָט געזאָגט: „איך קען דאָס אויך ניט אָננעמען. קען זײַן, אַז די לבֿנה וועט ניט אייביק שײַנען בײַ־נאַכט. קען זײַן, איר וועט זיך פֿאַרגעסן אָן דער זיכערונג און אײַער שבֿועה, ווען די לבֿנה קומט ניט אויפֿן הימל, אָדער ווען זי איז באַהאַלטן הינטער די וואָלקנס."

האָבן זיך עטלעכע אויפֿגעשטעלט און אויסגערופֿן: „אָבער די ליכטיקע זון וועט גאָט אַוודאי אָננעמען ווי אַ זיכערונג, אַז מיר וועלן היטן די תּורה."

האָט זיך דאָס גאַנצע פֿאָלק אויפֿגעשטעלט און געזאָגט:

זאָל אונדז פֿינצטערניש באַפֿאַלן,
זאָל די זון פֿאַר אונדז ניט שטראַלן,
אויב מיר היטן ניט די תּורה
וואָס מיר קריגן פֿון דעם בורא!

אָבער גאָט האָט געזאָגט: „אויך די זון קען איך ניט אָננעמען ווי אַ זיכערונג. אַפֿילו די זון איז ניט אייביק. און אין די לאַנגע נעכט, ווען עס איז ניטאָ קיין שײַן פֿון דער זון, קענט איר זיך פֿאַרגעסן אין אײַער שבֿועה."

איז דאָס גאַנצע פֿאָלק געזעסן טרויעריק און קיינער האָט

ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. האָט אַ קלוגער מאַן געזאָגט:
„ווייסט איר פאַרוואָס גאָט נעמט ניט אָן אונדזערע זיכערונגען? ווייל מיר לייגן פאַר זאַכן וואָס געהערן ניט צו אונדז. לאָמיר פאָרלייגן ווי אַ זיכערונג דאָס וואָס געהערט צו אונדז.” „יאָ, אָבער דאָס וואָס מיר האָבן האָט קיין ווערט ניט,” האָט אַן אַנדערער איבערגעריסן.

האָט קיינער ניט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן. אַלע זיינען געווען אין טרויער. מען האָט געמיינט, אַז מען האָט שוין פאַרלוירן די תורה. און אויב גאָט גיט איצט ניט די תורה, ווער ווייס צי מע וועט ווען ניט איז זי קריגן.

„איך ווייס, וואָס מיר וועלן געבן!” האָט אויסגערופן אַ פרוי אין דער לעצטער מינוט. „מיר וועלן געבן ווי אַ זיכערונג אונדזערע קינדער. אונדזערע אייגענע קינדער, יאָ, אונדזערע קינדער וועלן מיר אָנבאָטן.”

אַלע זיינען געבליבן שטיל, אָן דעם מינדסטן וואָרט. אַלע האָבן זיך געטראַכט: וועט גאָט אָננעמען די קינדער ווי אַ זיכערונג? וועט ער זיי האַלטן פאַר גוטע אָפּהיטערס פון דער תורה? געפעלט גאָט אַזאַ אָנבאָט?

און דאָ האָבן זיי דערהערט גאָטס שטים: „יאָ! אייערע קינדער נעם איך אָן ווי אַ זיכערונג. זאָלן אייערע קינדער זיין די היטערס פון דער תורה. אָט איז זי, נעמט זי. אָבער געדענקט! אייערע קינדער דאַרפן זי אָפּהיטן!

און אַזוי האָט גאָט געגעבן די ייִדן די תורה.

***

רבי מאיר איז שטיל געוואָרן. אויך די קינדער זיינען געזעסן שטיל און האָבן געטראַכט. ביז אַ קליין ייִנגל האָט איבערגעריסן די שטילקייט:

„רבי מאיר, הייסט עס, אַז מיר קינדער דאַרפן זיין גוטע ייִדן, אַניט וועט גאָט צונעמען פון אונדז די תורה?”

„ביסט גערעכט,” האָט רבי מאיר געזאָגט. „פונקט אָט דאָס הייסט עס. איר קינדער, וואָס איר זיצט דאָ, און דערנאָך אייערע קינדער און דערנאָך אייערע קינדס־קינדער און אַזוי

כּסדר, און אַזוי אויף אייביק. היינט זעט איר שוין, ווי וויכטיק איר זייט, איר — קינדער!"

די קינדער האָבן געקוקט איינער אויפֿן אַנדערן און זיי האָבן זיך געפֿילט וויכטיק און גליקלעך. זיי האָבן געפֿילט ווי זיי וואָלטן מיט אַ מאָל אויסגעוואַקסן און זיי האָבן געזאָגט:

„אַלץ ווענדט זיך אין אונדז. און איצט ווייסן מיר, אַז ייִדן וועלן קיין מאָל, קיין מאָל ניט דאַרפֿן צוריק אָפּגעבן די תּורה!" (לויט ר. לוריע — יודל מאַרק)

## וואָס באַטייט?

1. **היטער** — keeper. 2. **תּורה** (טוירע). 3. **רבי** (רעבע) — לערער, טיטל (title) פֿון אַ געלערנטן ייִדן, — rabbi, master. 4. **מאיר** (מייער) — אַ נאָמען. 5. **טאַקע** — indeed. 6. **כּדי** (קעדיי) — in order to. 7. **מעשׂה** (מײַסע), **מעשׂיות** (מײַסעס) — story, stories. 8. **ערנסט** — serious. 9. **טרויעריק** — sad.

1. **פֿאָלק, פֿעלקער** — people, nation. 2. **געדענקט** — thought. 3. **אָפּהיטן** — to keep, observe. 4. **פֿאַרזיכערונג, זיכערונג** — assurance. 5. **צוזאָג** — promise. 6. **פֿאַרמאָגן** — to possess. 7. **שאָף** — sheep. 8. **רינדער** — cows, oxen. 9. **צעפֿוילן** — to rot.

1. **אייביק** — eternal. 2. **שווערן** — to swear. 3. **דינען** — serve. 4. **הערן** — to listen. **בורא** (בוירע) — גאָט. 5. **שבֿועה** (שוואוּע) — oath. 6. **פֿאָלגן** — to listen, obey. 7. **עדות** (איידעס) — witness. 8. **אוודאי** (אַוואַדע) — געוויס. 9. **שטראַלן** — שײַנען.

1. **ווערט** — value. 2. **אָנבאָטן** — to offer. 3. **מינדסטן** — קלענסטן. 4. **כּסדר** (קעסיידער) — continuously. 5. **ווענדט זיך אין אונדז** — is up to us.

## פֿראַגעס:

1. וואָס האָט גאָט געבעטן פֿון די ייִדן איידער ער האָט זיי געגעבן די תּורה? 2. פֿאַרוואָס האָט דער אייבערשטער ניט געוואָלט נעמען פֿאַר אַ פֿאַרזיכערונג גאָלד און זילבער? די שטערן אין הימל? 3. וועלכע פֿאַרזיכערונג האָט גאָט אָנגענומען? 4. וואָס דאַרפֿן ייִדישע קינדער טאָן אַז די תּורה זאָל אייביק בלײַבן בײַם פֿאָלק? 5. לייענט פֿאַר עטלעכע שורות וואָס גיבן איבער דעם הויפּט-געדאַנק פֿון דער דערציילונג.

| | | | |
|---|---|---|---|
| תּורה<br>רבי<br>מאיר | כּדי<br>מעשׂיות<br>מעשׂה | בורא<br>שבֿועה<br>עדות | אוודאי<br>כּסדר<br>לבֿנה |

# אַ מילכיקע סעודה



שרה-פֿייגע שטייט אין קיך לעבן קיכטיש. אויפֿן טיש איז אויסגעשטעלט אַ טאָפּ פּוטער און אַ שטיקל קעז און לעבן איר שטייען אירע צוויי קינדערלעך, יאָסעלע און רייזעלע.

— נו, קינדערלעך, וועלן מיר הײַנטיקן שבֿועות האָבן מילכיקע קנישעס! אַזאַ פּוטער, אַזאַ קעז האָב איך שוין לאַנג ניט געהאַט, אַזאַ פֿרישקייט, עס שמעקט אַזש!

און יאָסעלע מיט רייזעלען האָבן אַזוי ליב קנישעס, אַז נאָך אַ צײַט פֿאַר שבֿועות האָבן זיי געחלומט ווי די מאַמע וועט מאַכן שבֿועות אַ מילכיקע סעודה.

***

— קינדערלעך! — רופֿט זיך פּלוצעם אָן די מאַמע — לויפֿט אַריבער צו לאה די שכנטע און זאָגט איר, אַז איך האָב זי געבעטן לײַען פֿאַר אונדז אַ בעקן.

די קינדערלעך זײַנען ווי צוויי פֿייגעלעך אַוועקגעפֿלויגן.

— איך אַליין וועל טראָגן דעם בעקן, איך דאַרף ניט רייזעלען.

— איך וועל טראָגן, איך דאַרף ניט יאָסעלען.

— קריגט זיך ניט, טראָגט ביידע — שרײַט זיי נאָך די מאַמע — קריגט זיך ניט.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זיך געהערט, ווי יאָסעלע מיט רייזעלען גייען צוריק מיט פּאַראַד און מיט מוזיק.

ביידע טראָגן דעם בעקן און מיט צוויי שטעקעלעך פּויקט מען אויס אַ גאַנצן מאַרש אויף דעם בעקן, און מיט די מײַלעכלעך העלפֿט מען צו, ווי מיט אַ טרובע און אַ פֿלייט.

דאָס פּויקן אין בעקן און דאָס טראָמפּייטן מיט די מײַלעכלעך האָט אָנגעמאַכט אַ רעש אין געסל. מען האָט געמיינט, אַז סאָלדאַטן מיט מוזיק קומען אָן אין שטעטל.

דאָס גאַנצע געסל קינדער זײַנען זיך צוזאַמענגעלאָפֿן, און יעדער, ווער עס האָט נאָר געקענט זיך צורוקן צו דעם בעקן, האָט געגעבן אַ פּויק. דער מיט אַ שטעקל, דער מיט אַ שטיינדל און דער מיט אַ פּויסט.

ווער ווייס ביז וואַנען עס וואָלט אַזוי געדויערט דער „מאַרש“ מיט דעם פויקן, ווען ס׳קומט ניט פלוצעם אָן שׂרה־פּייגע. זי איז שוין פאַרטיק געוואָרן מיט דעם קלעפּן די קנישעס, איז זי אַרויס־געלאָפן און אַרויסגעכאַפּט ביי די „סאָלדאַטן“ דעם בעקן.

***

אין אַ האַלבער שעה אַרום האָבן זיך אין געסל געהערט געשרייען. דאָס האָבן זיך געקריגט שׂרה־פּייגע מיט דער שכנטע.

— איבער אייער בעקן האָב איך דאָס אַ פאַרשטערטן יום־טובֿ, איר האָט מיר געשיקט אַ בעקן מיט אַ לאָך. די פּוטער איז אויס־גערונען און אַלץ איז פאַרברענט געוואָרן.

דאָס האָט געשריִען שׂרה־פּייגע. לאה די שכנטע האָט אָבער געטענהט:

— די לאָך האָט איר געמאַכט. איך האָב געוואָלט זיין אַ גוטע און אייך געליִען דעם בעקן, איך האָב אייך געגעבן אַ גאַנצן בעקן — איר האָט מיר אָפּגעגעבן אַ צעלעכערטן.

— אַזאַ אומגליק, אַזאַ אומגליק, אַזאַ קעז מיט פּוטער איבער־געפירט! — האָט שׂרה־פּייגע ניט געקאָנט פאַרגעסן.

***

יאָסעלע מיט רייזעלען האָבן זיך פאַרקליבן ערגעץ וויַיט אין אַ ווינקל. זיי האָבן גוט געוואוסט, פון וואַנען עס נעמט זיך די לאָך, און זיי האָבן באַקלאָגט די פאַרברענטע קנישעס.

— דו ביסט שולדיק, — איז יאָסעלע געווען ברוגז אויף רייזעלען, — איך אַליין האָב געוואָלט טראָגן דעם בעקן.

— ניין, דו. איך האָב געוואָלט טראָגן דעם בעקן.

(מ. ספּעקטאָר)

## פראַגעס:

1. וואָס האָט די מאַמע צוגעזאָגט יאָסעלען מיט רייזעלען? 2. פון וואַנען האָבן די קינדער געוואוסט, אַז די מאַמע וועט האַלטן וואָרט? 3. וואָס האָט די מאַמע געבעטן די קינדערלעך? 4. וואָס איז געשען אין גאַס, ווען די קינדער האָבן זיך אומגעקערט מיטן בעקן? 5. פאַר־וואָס האָבן זיך ביידע שכנות צעקריגט? 6. וואָס האָבן זיי זיך איינע די אַנדערע פאָרגעוואָרפן? 7. פאַרוואָס איז דער מאַמעס אומגליק געווען אַזוי גרויס? 8. ווער איז אין דער אמתן געווען שולדיק? 9. וואָס האָבן יאָסעלע מיט רייזעלען איצט געטאָן? 10. וואָס פאַר אַ שטראָף האָבן די קינדער באַקומען?




# אין אָוונט

ווינטער־אָוונט, — שטיל און רואיק
איז אין אונדזער הויז,
בײַ דעם אויוון זיצט די באָבע,
האַלט מיך אויף איר שויס.

מיט אַן אומעטיקן שמייכל
קוקט זי אויפֿן פֿלאַם
און דערציילט מיר ווי אַ פֿויגל
האָט געלעבט בײַם ים.

ווי אַ שיף איז צוגעשוואומען
צו אַן אינדזל ווײַט,
ווי געלערנט האָבן תּורה
זיבן אַלטע לײַט.

ווי אַ וואָרף געטאָן דער מלך
האָט זײַן רינג פֿון גאָלד,
נאָר דאָס קינד צום אָפּגאָט בוקן
האָט זיך ניט געוואָלט.

ווי אַ בעטלער איז געקומען
צו אַ גוטן ייִד...
אָדער גאָר זי הייבט אָן זינגען
שטילערהייט אַ ליד.

ווי געפֿלוינגן איז אַ פּאַווע
איבער גרינעם וואַלד,
ווי די כאַפּערם פֿלעגן כאַפּן
קינדערלעך מיט גוואַלד.

און איך הער זיך צו פֿאַרכּישופֿט
צו דער באָבעם רייד,
און פֿון מײַנע אויגן פֿאַלן
טרערן שטילערהייט.

קיינער איז ניטאָ אין צימער —
מערניט מיר באַנאַנד
און די טאַנצנדיקע שאָטנס
אויף דער ווײַסער וואַנט.

(נחום יוד)

## וואָס באַטײַט ?

1. **אויוון** — stove. 2. **שוים** — lap. 3. **פֿלאַם** — פֿײַער. 4. **אינדזל** — island. 5. **מלך** (מיילעך) — קיניג. 6. **אָפּגאָט** — idol. 7. **בוקן** — to bow. 8. **בעטלער** — beggar. 9. **פּאַווע** — peacock. 10. **מיט גוואַלד** — by force. 11. **פֿאַרכּישופֿט** — enchanted. 12. **מיר באַנאַנד** — מיר ביידע.



# אַ חדר־מעשׂה



יבן יאָר איז מיר געוואָרן — און די מאַמע, זאָל געזונט זײַן, האָט געזאָגט: — נו, צײַט אין חדר, צײַט אין חדר גיין, מײַן קינד! אויס, אַ סוף, געגנוג געהוליעט אויף דער וועלט, אַרומגעפּלויגן פֿרײַ און גליקלעך ווי אַ פֿויגל, פֿריש און פֿריילעך ווי דער ווינט.

און אַבֿרהמל דער באַהעלפֿער האָט מיך אײַנגעהילט, פֿאַרוויקלט אין אַן אַלטן געלן טלית און אַוועק מיט מיר אין חדר.

ס'איז געווען אַ וואונדער־שיינער, פֿרישער, ליכטיקער פֿרי־מאָרגן. שיין און ליכטיק, ריין און פֿריש האָבן שטראַלן זיך געגאָסן דורכן פֿענצטערל אין חדר און געפֿינקלט אויפֿן רבין, אויפֿן סידור, אויפֿן טיש. און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער עקזאַמען: — זאָג נאַר, בחור, וואָס איז דאָס? — אַן אַלף. — ריכטיק! דאָס? — אַ ה. — און דאָס? — אַ ת.

און בײַ יעדן אות, בײַ יעדן ענטפֿער פֿאַלן מיר פֿון אויבן לעקעך, ראָזשינקעס, קאָנפֿעקטן, ניס און מאַנדלען אָן אַ סוף. און דער רבי, רב בנימין (זאָל ער אַ ליכטיקן גן־עדן האָבן) זאָגט: — דו זעסט? דאָס וואַרפֿן דיר מלאָכימלעך, מײַן קינד! זאָלסט מיט חשק לערנען תּורה, לערנען חכמה. און געדענק, מײַן קינד, ווער ס'וויל ניט לערנען, בלײַבט אויף אייביק בלינד.

(ש. פֿרוג)

## וואָס באַטײַט?

1. **אַ סוף** — אַן ענד. 2. **געהוליעט** — זיך פֿריילעך געמאַכט. 3. **באַהעלפֿער** — דער וואָס העלפֿט אַרויס דעם רבין אין חדר. 4. **אײַנ־הילן, פֿאַרוויקלען** — to wrap in. 5. **טלית** — prayer-shawl. 6. **גע־פֿינקלט** — געשײַנט. 7. **רבי** (רעבע) — אַ לערער פֿון קינדער. 8. **סידור** (סידער) — אַ יידיש געבעט־ (prayer) בוך. 9. **בחור** (באָכער) — יינגל. 10. **אות** (אָס) — בוכשטאַב. 11. **לעקעך** — ginger-cake. 12. **ראָזשינ־קעס** — raisins. 13. **ניס** — nuts. 14. **מאַנדלען** — almonds. 15. **גן־עדן** (גאַן־אײדן) — heaven. 16. **מלאָכימלעך** (מאַלאָכימלעך) — angels. 17. **מיט חשק** (מיט כיישעק) — מיט ווילן. 18. **חכמה** (כאָכמע) — wisdom.

# דער אַלף־בית

אויפֿן פּריפּעטשיק ברענט אַ פֿײַערל
און אין שטוב איז היים,
און דער רבי לערנט קלײנע קינדערלעך
דעם אַלף־בית.

זעט זשע, קינדערלעך, געדענקט זשע, טײַערע
וואָס איר לערנט דאָ;
זאָגט זשע נאָך אַ מאָל, און טאַקע נאָך אַ מאָל:
קמץ אלף — אָ.

(מ. מ. וואַרשאַווסקי)





# איך בין שוין אַ גרויסער

— „ברענג הײַנט מיט זיך אַ ליכטל" — האָט צו מיר געזאָגט דער רבי, ווען איך האָב זיך אָנגעטאָן צו גיין אַהיים עסן מיטאָג. — אַלע ייִנגלעך, וואָס לערנען שוין חומש, הייבן הײַנט אָן צו לערנען אין אָוונט. פֿון הײַנט אָן דאַרף יעדער חומש־ייִנגל ברענגען יעדע וואָך אַ ליכטל צו באַלײַכטן דעם טיש בײַם לערנען און אַ לאַמטערנע צו באַלײַכטן זיך דעם וועג בײַם גיין בײַנאַכט אַהיים."

— הײַנט הייב איך אָן צו לערנען אין אָוונט — האָב איך זיך געטראַכט, גייענדיק אַהיים צו מיטאָג. — אָ, וואָס פֿאַר אַ טײַערע בשׂורה דאָס איז! ווי איך וועל נאָר אַרײַנגיין אין שטוב, וועל איך גלײַך אָנזאָגן דער מאַמען און מײַנע שוועסטערלעך, אַז איך בין שוין אַ גרויסער, אַז איך וועל זיך שוין מער ניט שפּילן מיט זיי, ווי ביז איצט.

ווי גוט איז דאָס צו זײַן אַ גרויסער!

איך געדענק, אַז פֿאַר־אַ־יאָרן בין איך נאָך געווען אַ קליינער. אַלע ייִנגלעך פֿלעגן זאָגן: משהלע איז נאָך אַ קליינער, ער לערנט נאָך ניט אין אָוונט. דער באַהעלפֿער פֿלעגט מיך טראָגן אַהיים אויף זײַנע אַקסלען און פֿלעגט זאָגן צו מײַן מאַמען: — משהלע איז נאָך אַ קליין ייִנגעלע, ער קאָן נאָך ניט גיין צו פֿוס איבער דער בלאָטע.

אַ קליינער! אַ קליינער! אָט דאָס וואָרט האָב איך געהערט פֿון אַלע זײַטן. אוי, האָב איך געוואָלט זײַן שוין אַ גרויסער, לערנען חומש און זיצן אין אָוונט אין חדר!

און איצט בין איך שוין אַ גרויסער! איצט לערן איך שוין חומש און הײַנט הייב איך שוין אָן צו לערנען אין אָוונט!

אָ, ווי גוט, ווי וואויל!

(ז. פֿײַערבערג)

## וואָס באַטײַט?

1. **ליכטלעך** — candles. 2. **בשׂורה** (פּסורע) — אָנזאָג, ווען מען זאָגט אָן עפּעס. 3. **אַקסלען** — shoulders. 4. **בלאָטע** — mud.

# מיר איז גוט — איך בין אַ יתום

## א.



פון זינט איך בין צו מײַן שׂכל געקומען, געדענק איך ניט, איך זאָל זײַן אַזאַ מיוחס, ווי אַצינד. וואָס איז מיט מיר דער יחוס? — מײַן טאַטע, פייסע דער חזן, איז געשטאָרבן און איך בין געבליבן אַ יתום.

פֿון דעם ערשטן טאָג נאָך שבֿועות האָבן מיר אָנגעהויבן זאָגן קדיש — איך און מײַן ברודער עליע. ער טאַקע האָט מיך אויסגעלערנט זאָגן קדיש.

מײַן ברודער עליע איז אַ געטרײַער ברודער, אָבער נישט קיין גוטער רבי: ער איז אַ כּעסן, ער שלאָגט זיך! ער האָט אויפֿגעעפֿנט אַ סידור און האָט זיך אַוועקגעזעצט מיט מיר און האָט אָנגעהויבן מיט מיר צו שטודירן.

ער האָט מיט מיר איין מאָל איבערגעזאָגט דעם קדיש און ער וויל, אַז איך זאָל שוין קענען אויף אויסנווייניק. ער חזרט איבער מיט מיר נאָך אַ מאָל פֿון אָנהייב ביזן סוף און הייסט מיר, אַז איצט זאָל איך שוין זאָגן אַליין. איך זאָג אַליין, אָבער עס גייט ניט.

ביזן מיטן קדיש איז נאָך ווי עס איז, און נאָך דעם פֿאַרטשעפּע איך זיך. דערלאַנגט ער מיר מיטן עלנבויגן און זאָגט מיר, אַז דער קאָפּ איז מיר אַ פּנים ערגעץ אין דרויסן. ער פֿוילט זיך ניט און חזרט אײַן מיט מיר נאָך אַ מאָל. און ווען איך ווייס נאָך אַלץ ניט, נעמט ער מיך אָן פֿאַרן אויער און זאָגט, אַז דער טאַטע זאָל אויפֿשטיין און זען, וואָס פֿאַר אַ זון ער האָט...

— וואָלט איך פֿאַרשפּאָרט זאָגן קדיש!

אַזוי זאָג איך צו מײַן ברודער עליע און כאַפּ פֿון אים אַ געשמאַקן פּאַטש מיט דער לינקער האַנט אין דער רעכטער באַק אַרײַן.

דערהערט די מאַמע און גיט אים אַ פּסק, ער זאָל מיך ניט שלאָגן, וואָרעם איך בין אַ יתום.

— גאָט איז מיט דיר! וואָס טוסטו? וועמען שלאָגסטו? האָסט פֿאַרגעסן אַ פּנים, אַז דאָס קינד איז אַ יתום?!



שלאָפֿן שלאָף איך מיט דער מאַמען אינעם טאַטנס בעט, דאָס אײנציקע שטיקל מעבל אין שטוב ; די קאָלדרע גיט זי אָפּ כמעט אין גאַנצן מיר.

— דעק זיך אײַן — זאָגט זי צו מיר — און ווער אַנטשלאָפֿן, מײַן טײַערער יתום, עסן איז ניטאָ וואָס...

דעקן דעק איך זיך אײַן, אָבער שלאָפֿן שלאָף איך ניט : איך חזר דעם קדיש אויף אויסנווייניק.

אין חדר גיי איך ניט, לערנען לערן איך ניט, דאַוונען דאַוון איך ניט, זינגען זינג איך ניט. פּטור פֿון אַלצדינג.

מיר איז גוט — איך בין אַ יתום !

## וואָס באַטײַט ?

1. קומען צום שׂכל (סייכל) — אָנהייבן פֿאַרשטיין. 2. זײַן אַ מיוחס (מעיוכעס) — זײַן וויכטיק, to be important. 3. יחוס (ייִכעס) — וויכטיק, importance. 4. חזן (כאַזן) — cantor. 5. זאָגן קדיש (קאַדעש) — זאָגן אַ געבעט (prayer) נאָך אַ טויטן. 6. אַ כּעסן (קײַסן) — אַ בייזער. 7. סידור (סידער) — דאָס ייִדישע געבעט-בוך. 8. חזרט (כאַזערט) איבער — לערנט איבער. 9. איך פֿאַרטשעפּע זיך — בלײַב שטיין אין מיטן. 10. אַ פּנים (אַפּאָנים) — ווי עס זעט אויס. 11. פֿאַרשפּאָרט — ניט געדאַרפֿט מער, spared. 12. געבן אַ פּסק (פּסאַק) — שטאַרק אויסרעדן. 13. מעבל — furniture. 14. קאָלדרע — quilt. 15. כמעט — almost. 16. פּטור (פּאָטער) פֿון אַלצדינג — פֿרײַ פֿון אַלצדינג, ער דאַרף גאָרנישט טאָן.

## פֿראַגעס:

1. פֿון וואָס קען מען זען, אַז עליע איז אַ געטרײַער ברודער, אָבער ניט קיין גוטער רבי? 2. ווער נעמט זיך כּסדר אָן פֿאַר מאַטלען? 3. וואָס זאָגט די מאַמע עליען? (לייען עס פֿאַר). 4. פֿאַרוואָס טאָר מען ניט שלאָגן קיין יתום? ווי רעכנט איר? 5. ווי לעבט זיך מאַטלס פֿאַמיליע? איז זי אָרעם, אָדער רײַך? 6. געפֿינט די שטעל, פֿון וועלכער מע קען דאָס אויסגעפֿינען? 7. פֿאַרוואָס האַלט מאַטל, אַז ס'איז גוט צו זײַן אַ יתום? 8. לעבט זיך אים טאַקע זייער גוט? 9. וואָס פֿאַר אַ מענטש איז דער ברודער עליע? 10. פֿון וואָס קען מען זען, אַז ער איז אַ כּעסן? 11. וואָס פֿאַר אַ מענטש איז די מאַמע?



## ב.

מזל-טובֿ! איך קאָן שוין גאַנץ קדיש אויף אויסנווייניק! דעם לאַנגן קדיש אויך.

ווײַל איך זאָג קדיש אין דער פֿרי און אויף דער נאַכט, גיי איך שוין מער ניט צו הערש-בער דעם חזן זינגען. איך בין פֿרײַ. אַ גאַנצן טאָג געפֿין איך זיך בײַם טײַך: אָדער איך כאַפּ פֿיש, אָדער איך באָד זיך. כאַפּן פֿיש האָב איך זיך אויסגעלערנט פֿון זיך אַליין. אַז איר ווילט, קען איך אײַך אויך אויסלערנען: מע טוט אויס דאָס העמד און מע פֿאַרקניפּט דעם אַרבל און מע גייט פּאַוואָליע ביזן האַלדז אין וואַסער. מע דאַרף גיין לאַנג, לאַנג. אַז איר פֿילט, אַז דאָס העמד איז שווער, איז אַ סימן, אַז ס'איז פֿול; גייט איר אַרויס וואָס גיכער און טרייסלט אויס דאָס גאַנצע גראָז מיט דער בלאָטע

און קוקט זיך גוט צו. אין גראָז ליגן פֿאַרפּלאָנטערט אָפּט מאָל קלײנע זשאַבקעלעך, װאַרפֿט זײ אַרײַן צוריק אין װאַסער אַרײַן, קײן פֿיש זאָלט איר ניט זוכן. אַמאָל איז געװען פֿיש אױך. הײַנט איז נישטאָ.

פֿון װאַנען האָט זיך דערװאוסט מײַן ברודער עליע, אַז איך כאַפּ פֿיש, װײס איך ניט. ער האָט מיר שיער ניט אָפּגעריסן אַן אױער פֿאַר די פֿיש. אַ גליק, װאָס פּעסיע די גראָבע, אונדזער שכנה, האָט דערזען. אַן אײגענע מאַמע דאַרף זיך אַזױ ניט אײַנשטעלן פֿאַר איר קינד.

— אָט אַזױ שלאָגט מען אַ יתום?

מײַן ברודער עליע האָט זיך פֿאַרשעמט און האָט מיר אָפּגעלאָזן דעם אױער.

אַלע שטעלן זיך אײַן פֿאַר מיר. מיר איז גוט — איך בין אַ יתום.

## װאָס באַטײַט?

1. מזל־טובֿ (מאַזל־טאָוו) — congratulations. 2. טײַך — river. 3. פֿאַרקניפּן — to tie. 4. אַרבל — sleeve. 5. פּאַװאָליע — לאַנגזאַם. 6. אַ סימן (סימען) — a sign. 7. טרײסלען — to shake. 8. בלאָטע — mud. 9. פֿאַרפּלאָנטערט — entangled. 10. זשאַבקעלעך — frogs. 11. אײַנשטעלן זיך — זיך אָננעמען.

## פֿראַגעס:

1. װאָס טוט מאָטל אַ גאַנצן טאָג בײַם טײַך? 2. פֿאַרװאָס איז מאָטל איצט גליקלעך? 3. פֿאַרװאָס װאַרפֿט מאָטל אַרײַן די זשאַבקעלעך צוריק אין װאַסער? 4. װי רעכנט איר, פֿאַרװאָס איז דער ברודער עליע בײז אױף מאָטלען װאָס ער כאַפּט פֿיש? 5. װער שטעלט זיך אײַן פֿאַר מאָטלען? 6. פֿאַרװאָס האָט זיך עליע פֿאַרשעמט?

## ג.

אונדזער שכנה פּעסיע די גראָבע האָט זיך אין מיר פֿאַרליבט. זי האָט זיך צוגעטשעפּעט צו דער מאַמען, איך זאָל דערװײַל זײַן בײַ איר, בײַ פּעסיען הײסט עס.

— וואָס וועט אײַך אַרן? — האָט זי געטענהט. — עס גייען בײַ מיר צום טיש צוועלף, וועט זײַן אַ דרײַצנטער. בײַ דער מאַמען האָט זי קוים געפּועלט, האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט מײַן ברודער עליע:

— ווער וועט אויף אים אַכטונג געבן, ער זאָל גיין זאָגן קדיש?

— איך וועל אַכטונג געבן, ער זאָל גיין זאָגן קדיש. נו, שוין? האָט איר צו מיר גאָרניט?

פּעסיע איז נישט קיין גבֿירטע, איר מאַן איז אַן אײַנבינדער און הייסט משה. ער האָט אַ שם פֿאַרן בעסטן באַלמעלאָכע. דאָס אַליין איז אָבער קאַרג. מע דאַרף נאָך האָבן מזל אויך. אַזוי זאָגט פּעסיע צו מײַן מאַמען.

מײַן מאַמע גיט איר נאָך. זי זאָגט, אַז צום שלימזל דאַרף מען אויך האָבן מזל. פֿאַר אַ סימן נעמט זי מיך; אָט בין איך אַ יתום און אַלע ווילן מיך. פֿאַראַן בעלנים, וואָס ווילן מיך אויף שטענדיק. נאָר ווי לאַנג קרענקען אירע שונאים, ווי לאַנג זי וועט מיך אַוועקגעבן אויף שטענדיק! אַזוי זאָגט די מאַמע און וויינט. זי האַלט זיך אַן עצה מיט מײַן ברודער עליע.

— ווי מיינסטו? זאָל ער זײַן דערווײַל בײַ פּעסיען?

מײַן ברודער עליע איז שוין אַ גרויסער. אַניט וואָלט מען זיך מיט אים ניט געהאַלטן קיין עצה. ער גלעט זיך מיט דער האַנט דעם ריינעם, ניט באַוואַקסענעם פּנים, גלײַך ווי ער וואָלט שוין געהאַט אַ באָרד, און רעדט ווי אַ גרויסער: אַבי ער זאָל נאָר ניט זײַן קיין שייגעץ.

און עס בלײַבט, אַז איך וועל זײַן דערווײַל בײַ אונדזער שכנה פּעסיע.

## וואָס באַטײַט?

1. **צוגעטשעפּעט** — צוגעשטאַנען, ניט אָפּגעלאָזן. 2. **אַרן, וואָס אַרט אײַך?** — what do you care?. 3. **געטענהט** (געטײַנעט) — געהאַלטן אין איין רעדן. 4. **געפּועלט** (געפּוילט) — אויסגעפֿירט. 5. **שם** (שעם) — אַ נאָמען. 6. **קאַרג איז אים** — ניט גענוג איז אים. 7. **מזל** (מאַזל)—גליק. 8. **צום שלימזל** (שלימאַזל) — צום אומגליק. 9. **פֿאַר אַ סימן** (סימען) — ווי אַ באַווײַז. 10. **בעלנים** (באַלאָנים) — אַזעלכע וואָס ווילן. 11. **שונאים** (סאָנים) — פֿײַנד. 12. **עצה** (אייצע) — advice.

## פֿראַגעס:

1. פֿאַרוואָס וויל ניט דער ברודער עליע, אַז מאָטל זאָל זײַן בײַ פּעסיען? 2. וואָס הייסט: צום שלימזל דאַרף מען אויך האָבן מזל? 3. פֿאַרוואָס ברענגט די מאַמע דאָס ווערטל? 4. פֿאַרוואָס וויינט דערבײַ די מאַמע? 5. מיט וועמען האַלט זיך די מאַמע אַן עצה? פֿאַרוואָס? 6. וואָס בלײַבט צום סוף?

לייענט פֿאַר דעם שמועס צווישן פּעסיען, דער מאַמען און עליען וועגן דעם, צי מאָטל זאָל גיין צו פּעסיען. לייענט פֿאַר דעם טייל, וואו עס ווערט באַשריבן דער ברודער עליע.

## ד.

אונדזער שכנה פּעסיע, זאָל מיר מוחל זײַן, האָט געזאָגט אַ גרויסן ליגן. צוועלף, האָט זי געזאָגט, גייען בײַ איר צום טיש. לויט מײַן מיינונג, בין איך דער פֿערצנטער. אַ פּנים זי האָט פֿאַר־געסן אַרײַנצורעכענען דעם בלינדן פֿעטער ברוך. און אפֿשר האָט זי אים ניט אַרײַנגעשטעלט צווישן די עסערס דערפֿאַר, ווײַל ער איז שוין זייער אַלט און האָט קיין צײן ניט אויף צו קײַען. איך וועל מיך ניט שפּאַרן. קײַען קען ער ניט, אָבער דערפֿאַר שלינגט ער ווי אַ גאַנדז און כאַפּט. אַלע כאַפּן זיי. זייער כאַפּן איז אויסערגעוויינטלעך. איך כאַפּ אויך. שלאָגן זיי מיך. מיט די פּיס אונטערן טיש שלאָגן זיי מיך. מער פֿון אַלע שלאָגט זיך ושתּי (וואַשטי). ושתּי (וואַשטי) איז אַ רוצח. הייסן הייסט ער הערשל, נאָר ווײַל ער האָט אַ גוליע אויפֿן שטערן, האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן ושתּי. אַלע האָבן זיי דאָ נעמען און צונעמענישן: „קלעצל", „קאָטער", „פּעטעלעלע", „גיב מיר נאָך", „שמיר מיט פּוטער"...

האָט קיין יסורים ניט — יעדער נאָמען האָט זיך זײַן מיין. פּיניע הייסט „קלעצל" דערפֿאַר, ווײַל ער איז גראָב און קײַלעכיק ווי אַ קלעצל. וועלוול איז אַ שוואַרצער, רופֿט מען אים „קאָטער". מענדל האָט אַ שפּיצעכיקע נאָז, איז ער אַ „טשערנאָהוז". „פּעטע־לעלע" האָט מען אַ נאָמען געגעבן פֿײַטלען דערפֿאַר, ווײַל ער קען ניט רעדן. בערל איז אַ גרויסער נאַשער: אַז מע גיט אים אַ שטיקל ברויט מיט שמאַלץ, זאָגט ער „גיב מיר נאָך".

## ה.

מיר האָבן זיי אַ נאָמען געגעבן — טרעפט ווי אַזוי ? — „מאָטל מיט די לעפּצן"... לעפּצן איז אַ דײַטשיש וואָרט. אויף אונדזער לשון הייסט דאָס „ליפּן". איך וואָלט וועלן זען יענעם מענטשן, וואָס זאָל עסן און ניט מאַכן מיט די ליפּן. איך ווייס ניט פֿאַר־וואָס — מיר איז דאָס צונעמעניש שטאַרק ניט געפֿעלן! און ווײַל ס'איז מיר ניט געפֿעלן, רייצן זיי זיך מיט מיר און רופֿן מיך דווקא אַזוי. איר האָט נאָך אַזעלכע ניט געזען! פֿריִער האָב איך בײַ זיי געהייסן „מאָטל מיט די לעפּצן"; נאָך דעם גלאַט „מיט די לעפּצן"; שפּעטער — „די לעפּצן"; נאָך שפּעטער — „לעפּצן".

— לעפּצן! וואו זײַט איר?

— לעפּצן, ווישט אָפּ די נאָז!

עס פֿאַרדריסט מיך און עס ברענט מיך. און איך וויין. דערזעט דער פֿאָטער זייערער, פּעסיעס מאַן, משה דער אײַנבינדער, איין מאָל, אַז איך וויין; פֿרעגט ער מיך, וואָס וויין איך? זאָג איך אים: — ווי אַזוי זאָל איך נישט וויינען, אַז איך הייס מאָטל, און מע רופֿט מיך „לעפּצן". פֿרעגט ער: ווער? זאָג איך: „ושתי". וויל ער שלאָגן „ושתין", זאָגט „ושתי": — ס'איז ניט איך, ס'איז „קלעצל". וויל ער שלאָגן „קלעצלען", זאָגט „קלעצל": — ס'איז ניט איך, ס'איז „קאָטער". איינער אויפֿן אַנדערן, דער אַנדערער אויפֿן דריטן — אַ מעשׂה אָן אַן עק! נעמט דער פֿאָטער, משה דער



אײַנבינדער, און לייגט זיי אַוועק אַלע אײנציקווײַז און שמײַסט זיי אָפּ מיט אַ טאָוול פֿון אַ סידור און זאָגט זיי :— איך װעל אײַך װײַזן, װי אַזוי צו לצעווען פֿון אַ יתום !

אָט אַזוי : יעדער נעמט זיך אָן פֿאַר מיר. אַלע שטעלן זיך אײַן פֿאַר מיר.

מיר איז גוט — איך בין אַ יתום.

(שלום-עליכם)

## וואָס באַטײַט ?

1. **מוחל (מויכל) זײַן** — אַנטשולדיקן. 2. **שפּאַרן זיך** — to argue. 3. **קײַען** — to chew. 4. **שלינגט ער** — swallows. 5. **אויסערגעווייינטלעך** — ניט געוויינטלעך. 6. **רוצח** (רויצייעך) — מערדער. 7. **גוליע** — tumor. 8. **צונעמעניש** — nicknames. 9. **האָט קיין יסורים** (ייִסורים) **ניט** — זאָל אײַך ניט טאָן װײ טאָן, פֿאַרדריסן. 10. **שמאַליץ** — פֿעטס פֿון אַ גאַנדז. 11. **רייצן זיך** — to tease. 12. **טאָוול** — cover of a book. 13. **לצעווען** (לעצעווען) — אָפּלאַכן, make fun of.

## פֿראַגעס :

1. פֿאַרוואָס מיינט מאָטל, אַז די שכנה פעסיע האָט געזאָגט אַ ליגן ? 2. פֿאַרוואָס איז מאָטל ניט צופֿרידן ? 3. וואָס פֿאַר אַ צונעמעניש האָבן די קינדער ? 4. וואָס איז זייער מיין ? 5. פֿאַרוואָס האָבן די קינדער גערופֿן מאָטלען „לעפּצן" ? 6. פֿאַרוואָס וויינט מאָטל ? 7. ווער נעמט זיך דאָס מאָל אָן פֿאַרן יתום ? 8. וואָס פֿאַר אַ שטראָף קריגן די קינדער ?

לייענט די שטעלן : 1) וואו מע באַשרײַבט דעם פֿעטער ברוך (באָרעך). 2) דאָס עסן בײַם טיש. 3) ווי די קינדער וואַרפֿן די שולד איינער אויף דעם אַנדערן.

*
**

1. איז די דערציילונג אַ פֿריילעכע אָדער אַ טרויעריקע ? דערקלערט אײַער מיינונג. 2. וועלכע זײַנען די קאָמישסטע טיילן פֿון דער מעשׂה ? לייענט זיי פֿאַר. 3. וועלכע טרויעריקע פּאַסירונגען ווערן דערמאָנט אין דער געשיכטע ? 4. לייענט פֿאַר אַלע ערטער, וואו ס'רעדט זיך וועגן דער מאַמען. 5. פֿון וואָס קען מען זען, אַז זי איז אַ גוטע מאַמע ? 6. לייענט פֿאַר די שטעלן וואָס ווײַזן, אַז מאָטלען איז שלעכט, און דאָך זאָגט ער : ס'איז גוט צו זײַן אַ יתום.

**אויפֿגאַבע :** שטעלט צונויף אַ פּלאַן פֿון דער מעשׂה. טיילט זי אײַן אין קליינע טיילן און קלײַבט צו אַ נאָמען פֿאַר יעדן טייל.

# צו די לערערס

דאָס בוך: „דאָס לעבעדיקע וואָרט" איז באַשטימט פאַר דעם דריטן לערניאָר און פאַרבײַט „מײַן שפּראַכבוך וו".

די צונויפשטעלערס האָבן — אויפן סמך פון דער לערערשער דערפאַרונג — אַרויסגעפונען אַז עס לאָזט זיך ניט קאָמבינירן אַ לייענבוך מיט שפּראַך־אַרבעטן. שפּראַכלעכע און גראַמאַטישע אַרבעטן דאַרפן אויסגעטיילט ווערן אין באַזונדערע העפטן.

ממילא האָבן מיר פאַרביטן דעם פריערדיקן נאָמען אויף: „דאָס לעבעדיקע וואָרט", אַ נאָמען וואָס איז מער פּאַסיק פאַר דעם איצטיקן לייענבוך.

מיט דעם נאָמען האָט זיך גערופן אין פּוילן דאָס פאַרשפּרייטע לערנבוך פון ש. באַסטאָמסקי און ז. רייזען ע"ה, וועלכע זײַנען צוזאַמען מיטן לערנבוך אומגעקומען אין די טרויעריקע טעג פון דער גרעסטער אַכזריות קעגן אונדזער פאָלק.

זאָל דאָס איצטיקע בוך זײַן אַ נאָמען נאָך אַן אומגעקומען בוך.

ווי די לערערס וועלן זען איז „דאָס לעבעדיקע וואָרט" כמעט אַ נײַ בוך אין פאַרגלײַך מיט „מײַן שפּראַכבוך וו". דאָס בוך איז רײַך מיט ייִדישן אינהאַלט און פאַרמאָגט אויך אַ סך מאַטעריאַלן גענומען פון אַלטע מקורים.

דער לייענשטאָף קאָנצענטרירט זיך אַרום צענטראַלע טעמעס. די צונויפשטעלערס האָבן גענומען אין אַכט בײַם אויסאַרבעטן די טעמעס סײַ דעם נאַציאָנאַלן און סײַ דעם סאָציאַלן מאָמענט.

דאָס בוך איז גאָר זאָרגעוודיק רעדאַגירט. די צונויפשטעלערס איז אָפט אויסגעקומען צו קירצן, פאַרבײַטן ווערטער און אויסדרוקן, פאַראַפראַזירן און בכלל אויף פאַרשיידנערליי אַנדערע אופנים צו פאַרגרינגערן די טעקסטן.

נאָך די דערציילונגען און לידער קומען פראַגעס און ווערטער־פאַרטײַטשונגען. די פראַגעס זײַנען פון איין זײַט דערציִערישע, אַזעלכע וואָס ווילן אַרויסברענגען דעם זינען פון דער דערציילונג, אָדער ליד; וואָס ווילן פאַרטיפן דעם אײַנדרוק פון דעם ליטעראַרישן פראַגמענט; פון דער אַנדערער זײַט זײַנען אויך געגעבן אַזעלכע פראַגעס, וואָס זײַנען אויסן צו העלפן די תלמידים צו רעקאָנסטרואירן דעם אינהאַלט פון דעם געלייענטן.

די פּרטימדיקע פראַגעס נעמען אַרום אַ קליינעם סכום פון לייענשטאָף, כדי עס זאָל גרינגער זײַן די קינדער זיך אויסצודריקן און רעדן ווי לאַנג עס לעבן נאָך פריש אין זייער זכּרון די ווערטער און אויסדרוקן פון דעם געלייענטן. פאַר

יענע תּלמידים, וואָס קענען נאָך ניט דערציילן מיט „אייגענע ווערטער" זײַנען די פּראַגעס אויסן מעגלעך צו מאַכן זיי זאָלן דערציילן מיט „געבאָרגטע ווערטער" דער לערער דאַרף די אַרבעט באַטראַכטן ווי אַן איבערגאַנג פֿון לייענען צום פֿרײַען דערציילן.

ווי אַ מיטל צו אַנאַליזירן די דערציילונגען און לידער און אויך כּדי צו מאָטיווירן דאָס לייענען אַ צווייט מאָל דעם זעלבן לייענשטאָף, איז אין בוך פֿאַראַן: א) סומירנדיקע פּראַגעס, וואָס דער תּלמיד ענטפֿערט אויף זיי מיט ציטירן פֿון דעם געלייענטן; ב) די קאָלעקטיווע אַרבעט פֿון צונויפֿשטעלן אַ פּלאַן: לייענען די דערציילונג, אײַנטיילן זי אין באַשטימטע איינסן און פֿאַר יעדן טייל געפֿינען אַ נאָמען.

די פֿאַרטײַטשונגען פֿון די ווערטער זײַנען אויסן פֿון איין זײַט אויסצומײַדן ניט פּינקטלעכע דערקלערונגען, פֿון דער צווייטער זײַט צו געבן די תּלמידים אַ מעגלעכקייט אין דער היים צו לערנען דעם באַטײַט פֿון די נײַע אויסדרוקן. געוויינטלעך ווערט דאָס וואָרט פֿאַרטײַטשט לויט זײַן ניואַנס אין דעם טעקסט.

די צונויפֿשטעלערס דריקן אויס זייער האַרציקן דאַנק דעם חבר יודל מאַרק פֿאַר די פֿיל וויכטיקע עצות און אָנווײַזונגען און חבר י. קאַמינסקי פֿאַר זײַן טעכנישער מיטהילף. אַ דאַנק קומט אויך די חברים י. בלאַנק און חנה מלאַטעק וואָס זיי האָבן געהאָלפֿן מיט דער קאָרעקטור פֿון בוך.

די צונויפֿשטעלערס האָפֿן, אַז די לערערס, וואָס וועלן זיך באַניצן מיט „דאָס לעבעדיקע וואָרט" וועלן זיך מיט זיי טיילן מיט זייערע דערפֿאַרונגען כּדי אין אַ ווײַטערדיקער אויפֿלאַגע זאָלן קענען אַרײַנגענומען ווערן אויסבעסערונגען אויפֿן סמך פֿון דער לערערשער פּראַקטיק.

ז. יעפּרויקין
ח. בעז

# אינהאַלט

(פֿון די לידער און מעשׂהלעך)

זייט

## די חיים



## חנוכּה



## אַרבעט



## ישׂראל



זייט

## חמשה עשׂר בשבֿט



## אַמעריקע



## מעשׂיות



## שווער לעבן



## פּורים



## פּסח

---

דאָס בוך איז אילוסטרירט פֿון י. שלאָס, מיט צוגאָבן פֿון צייכענונגען פֿון: פּ. שרון, זײַטן: 3, 18, 30, 67 (די צייכענונג „שבת") 78 (די צייכענונג אונטן), 105, 119, 136, 182, 194 און דער שער־בלאַט; שוירלי קנאָרינג (גענומען פֿון בוך: „די גילדענע פּאַווע", אַרויסגעגעבן פֿון יוסף כראַמאָוו־פֿאַנד) זײַטן: 67 („די מוטער בענטשט ליכט"), 84, 128, 175, 242; ווינעטקעס פֿון ייִדישע ספֿרים, זײַטן: 39, 47, 57, 74, 77, 117, 130, 153, 176, 217, 232, 240.